דאָס דאָזיקע בוך דערשיינט ביי דער מיטהילף
פון **י ש ר א ל  ט י ל ב אָ ר**, דעם ענטוזיאַסט
פון יידישן וואָרט, צום אָנדענק פון זיין פאָטער
ר׳ מ ש ה ־ נ ח מ י ה, פון זיין מוטער פ ע ר ל ־
ל א ה, פון זיינע שוועסטער און ברידער און
פון זיין גאַנצער משפּחה זכרונם לברכה,
אומגעבראַכט אין וואַרשעווער געטאָ.

פון זעלבן מחבר :

„צווישן ווענט״, **נאָוועלן, וואַרשע, 1933,**
„גרויע פּראָפילן״, **נאָוועלן, פּאַריז, 1937,**
„דער מאַרש אויף בריסק״, **ראָמאַן, פּאַריז, 1938,**
„די יידן פון בעלוויל״, **ראָמאַן, פּאַריז, 1948,**
„רות און נעמי״, **דערציילונג, וורצלאַוו, 1949,**
„געוועזן איז עס נעכטן״, **ראָמאַן, פּאַריז, 1951.**

**„די ברידער כייקין״, ראָמאַן :**

**ערשטע בוך :** „דאָס הויז אין דער טאָפּאָלן־גאַס״, **1955**
**צווייטע בוך :** „אויפן פּאַריזער ברוק״, **1956**
**דריטע בוך :** „דאָס צוגעזאָגטע לאַנד״, **1956**
„די גאָלדענע אילוזיע״, **ראָמאַן, פּאַריז 1958**
Les Juifs de Belleville, Paris 1956.

**איבערזעצונגען :**

**אַראַגאָן :** „דאָס רוימישע רעכט עקזיסטירט נישט מער״.
**ה. דע באַלזאַק :** „די קוזינע בעטי״.

**נ**אַטש מיר האָבן אָפּט אַ טבע גיך איבערצומישן די הקדמות, פּיל איך אָבער, אַז אין אונדזערע טעג טאָר מען אפשר נישט קומען מיט אַ נײַ יידיש בוך, אָן דעם העכסטן אויסגעשריי פון צאָרן און חרפה.

אַזױפיל פאַרשעמונג װי ס׳איז אונדזער יידישן דור באַשערט געװען!

איך ברענג דאָס דאָזיקע בוך פון יידישער צעטומלטקייט, פון יידישע בלאָנדזשעניש — אָנשטאָט אַ באַשיידן בינטל בלומען אויף די פאַר־שװעכטע, אומבאַקאַנטע קברים פון דער עליטע און פון אַ דור יידישע אַרבעטער־טוער, יידישע שרייבער, יידישע שױשפּילער, יידישע קולטור־שעפער אין לאַנד פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעװאָלוציע.

ס׳איז טרויעריק־אמת, מיר האָבן לאַנג, מיט בלינדן, זינלאָזן צוטרוי, געשװיגן; אין דער צייט, װען פּיל אויפריכטיק־צעװייטיקטע, אָבער אויך אַ סך אומריינע מיילער און פאַלשע נביאים, האָבן געשריגן; אָבער די רייד... װוּהין פירן דען די אַלע רייד, װאָס דערגייען נישט ביזן סאַמע תוך, װאָס שטייגן נישט ביזן העכסטן אויסגעשריי, אַהין דאָרט, װוּ זיי ד אַ ר פ ן און מ ו ז ן דערגיין?

זאָל קיין שום „טשינאָװניק״, װי הויך ער זאָל נישט שטיין, אַפילו אין סאַמע שפּיץ, זאָל קיין שום חוצפּהדיקער אַסימילאַטאָר, קיינמאָל נישט װאַגן מער װען־עס־איז אויפצומאַכן ס׳מויל און צו פּלאַפּלען, צי ס׳יידישע פאָלק באַדאַרף יאָ, אָדער נישט יידישע קולטור! װייל קיין איין ייד אין ראַטנפאַרבאַנד, אין ישראל און אין דער װעלט האָט עס ביי זיי נישט געפרעגט! אונדז ק ו מ ט אַ יידיש נאַציאָנאַל־ און קולטור־לעבן, געװיי אַזוי װי דעם רוסישן פאָלק, געװיי װי די אַנדערע פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד קומט עס!

װיי איז אונדז, מיר האָבן בלינד געגלויבט, בלינד געטרייסט זיך מיט פאַלשע האָפענונגען! לאָמיר גיין, לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו די גרויסע

פאַרגייער אונדזערע, אין באַגינען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, צו די דורות יידישע און נישט־יידישע רעוואָלוציאָנערע מאַרטירער, צו זייער קרישטאָל־ריינער, הויכער מענטשלעכער עטיק; לאָמיר זיך אומקערן צום בלייכן, שווינדזיכטיקן יידישן אַרבעטער־פּאָעט דוד עדעלשטאַט, וועו ער האָט, אויף זיין טויטן־בעט שוין, געזונגען צו דער פאָן, „באַשפּריצט מיט בלוט פון אַרבעטסמאַן" און „פון פאַרשקלאַפטן קריסט און ייד".

זאָל אויך דער שענסטער אידעאַל פון דער מענטשהייט, דער סאָציאַליזם, די רעוואָלוציע גופא, רעהאַביליטירט ווערן! ווייל מיר גלויבן טיף און אומדערשיטערלעך אין שענסטן טרוים פון דורות, אין סאָציאַליזם.

פּאַריז, מאַי, 1957

**דער מחבר.**

# 1

די גאַנצע אומעטיקע געדעכעניש פון די דריי ענגע, פינצטערע שטיבלעך אין האַלב־איינגעזונקענעם פּאַרטער־הויז, צווישן די אַלטע געסעלעך אויפן הויכן בעלוויל — האָט מען געקענט רעכענען — האָט זיך דאָס מאָל, אויף שטענדיק שוין, אויסגעלאָזן מיטן אויסגעבן ס'אונטערגעוואַקסענע מיידל, בראָנטשען. ס'איז שוין טאַקע געווען, ווי מען זאָגט, די העכסטע צייט; וואָרום איידער מ'האָט זיך נאָך רעכט אַרומגעקוקט, האָבן די צוויי ייִנגערע מיידלעך אין הויז, איינע נאָך דער אַנדערער, שוין אויך באַלד געטון אַ שיס־אַרויף. מ'האָט באַדאַרפט נעמען טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר די קינדער. כאָטש ס'ייִנגל, אַנרי, וואָס איז געווען מיט אַ יאָר דריי עלטער פון בראָנטשען, האָט זיך נאָך אַפילו נישט געקליבן אַוועקצוגיין פאַר־זיך, חתונה האָבן. פאַרלאָזן ס'הויז, די אַטעליע, די געשעפטן, וואָס האָבן גראָד אין יענע פאָר יאָר אומגעריכט גענומען זייער גיך שטייגן.

אַלץ, קען מען זאָגן, האָט זיך איצט געהאַלטן אויף אים, אויף אַנרין. וואָרום ביים אַלטן לייבישן, דעם שניידער מיט דער הויכער, אויסגעהאָרעוועטער פּלייצע, האָבן שוין צוביסלעך גענומען אונטערציטערן די קני, די הענט און אַפילו די אָפּגעסמאַליעטע וואָנסן, ווען ער האָט דאָרט זייטיק געפּרוווט צו פאַרשטעקן דאָס אַליין־געוויקלטע סיגאַרעטל. ער האָט זיי נאָך איין מאָל פריציש געלאָזן אויסקעמען, די וואָנסן, די פאָר שיטערע האָר פאַרלייגט אין דער קווער אויפן פלאַכן שאַרבן, פיין אַרומגעגאָלט, ווען ער איז אין יענעם אומפאַרגעסלעכן שבתדיקן נאָכמיטאָג אַרויס פון דער רעזורע אויפן ברייטן טראָטואַר, אינגאַנצן אַ באַשמעקטער, אין די אָפּגענוצטע לאַקירעך, אינעם שטייפן העמד, אין שוואַרצן, אויסגעפּאַסטן סמאָקינג מיט די אָפּגעלייגטע זייד־קלאַפּעס, און אַזויווי מיט אַ ייִנגער־געוואָרענעם טראָט גלייך אַראָפּגעלאָזן זיך צו דער גלאָז־טיר פון דער קאַפע „דאָס ליכט פון בעלוויל“, וואָס האָט אינגאַנצן געפלאַקערט אין דער פאַרנאַכטיקער סוף־אויגוסט־זון אויפן בולוואַר.

ס'איז געווען דער אויסערגעוויינלעכער, לאַנג־אויסגעקוקטער שבת־דיקער טאָג אין דעם היפּשן געזינדל ביי לייביש שניידער; דעם זעלבן אָוונט נאָך איז אין דער קאָפּע „דאָס ליכט פון בעלוויל״, — די שויבן באַמאָלט מיט געלע מגן־דודן, הינטער זיי פול אָנגעשטעלטע מיט פּערטלעך געגנדזנס, פולע פּאָלומיסקעס מיט געפילטע פיש, שטויסן קעז־קיכלעך, צעהאַנגענע בינטלעך קנאָבל־ווורשטן און אויפשניט — ברייט געפּראַוועט געוואָרן בראָנטשעס חתונה מיטן געלן דאַמען־שניידער פון רי קוראָן. ער האָט זיך דאָס מאָל נישט וויניק געלאָזן קאָסטן, לייביש. ער האָט געפּונדעוועט אויף רעכטס און אויף לינקס. ער איז געשטאַנען ביים פול־אָנגעלייגטן קאָנטואַר מיט די „גוטע ברידער״ פון אַמאָל און די קליינע גלעזעלעך, וואָס ער האָט שפּילנדיק איינס נאָך ס'אַנדערע אַרונטערגעלאָזן אין האַלדז אַריין, האָבן מאָדנע אויפגעפינקלט זיינע גרויע, מידע אויגן אונטער די געדיכטע ברע־מען און די אַראָפּהענגענדיקע בעקלעך האָבן זיך ממש יוגנטלעך געדרויטלט; כאָטש ער האָט, אָסור, נישט געטאָרט טרינקען — ס'איז געווען סם־המות פאַר זיין לעבער, פאַרן מאָגן, פאַרן הוסט. נאָך גוט, וואָס די אַלטע זיינע, טעמערל, איז כאָטש דערביי נישט געשטאַנען.

— חבר לייביש... — האָבן זיי אים דאָרט אַרומגערינגלט און צוגע־ווונטשן אים, די געוועזענע געזעלן פון דער אַמאָליקער אַרבעטלאָזער בערזע אין וואַרשע — מיר טרינקען פאַרן געזונט פון דיין קינד... מ'זאָמיר טאַקע מערטשעם דערלעבן אַ סך נחת... מ'זאָמיר טאַקע, ווי זאָגט מען עס...

— וואָס באַקלאָגט איר מיר עפּעס אַלע ?... — האָט לייביש אויפסניי, מיט אַ צעמישטן בליק, קוים געטראָפן אָנצוקלאַפּן ס'גלעזל — כ'בין נאָך נישט געשטאָרבן... כ'לעב נאָך דערווייל...

ווייל זיי האָבן זיך טאַקע שיעור נישט צעכליפּעט, די געעלטערטע לייט, פון גרויס גערירטקייט. די דיקלעכע יידענע הינטערן קאָנטואַר האָט זיך קוים אָפּגעבעטן ביי זיי מ'זאָל דעם אַלטן שוין מער נישט אַזויפיל אונטערוקן די גלעזלעך, וואָרום ס'פעלט נישט מער, אַז טעמערל זאָל אַהער אַריינפאַלן און אויסלאָזן צו זייערע קעפּ, צו זייערע הענט־און־פיס, צו זייער לייב־און־לעבן איר גאַנץ ביטער האַרץ. אָבער דער אַלטער איז שוין סיי־ווי געווען היפּש בגילופין. קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. אַזוי אייביק אָנגעכמורעט, ווי ער איז געווען, האָט ער דאָסמאָל גע־רעדט, דערציילט, געלאַכט, געשטיקט זיך מיט אַ הוסטעלע, אָפּדעקנדיק די צוויי שטאַרקע געלע ציינער, וואָס זיינען אים נאָך פאַרבליבן אין מויל, פון הינטער די אָנגעשטייפטע וואָנסן; די גרויע, מידע אויגן האָבן נאָך איין מאָל געמיניעט אין קאָלירן, ווי אין יענע ווייטע יאָרן, און ער האָט זיך פּלוצים גאָר אַליין אויך צעכליפּעט.

— אַז מיר האָבן שוין טאַקע יאָ דערלעבט אַ שטיקל נחת... — האָט ער געכליפּעט אין דער זיידענער קלאַפּע אַריין — זאָל עס שוין טאַקע זיין, ווי זאָגט מען עס...

ביז מ׳האָט אים אונטער די אָרעמס געמוזט נעמען און צוריק אַרויפֿפֿירן אין הויז אַריין, ווו ס׳האָט זיך אַ גאַנצע וואָך געקאָכט און געדרודערט מיט בראָנטשעס חתונה. זיי האָבן אים געפֿירט פֿאַוואָליע, די „גוטע ברידער״, מיט די קרומע טרעפּן דורך רי׳ ווילאָן. פֿון איין זייט — דער נידעריקער איינגאַנג צום האַלב־איינגעזונקענעם פּאַרטער, די הינטערשטע פֿענצטער פֿאַרשלאָגן מיט זשאַווערדיקע קראַטן, ווי מען זעט עס נאָך היינט אין די אַלטע מוניציפּאַלע געביידעס, האָבן זיי אָבער איבערן אָפּהאַנג פֿון די געדרייטע טרעפּלעך, איבערן פּלאָנטער שמאָלע געסלעך, אַראָפּגעקוקט אויף אַ שטיק פּאַריז אין דער נידער, וואָס איז סיי אין קלאָרע, סיי אין וואָלקנדיקע טעג פֿאַרווישט געווען אין אַ ווייטן, בלוילעכן נעפּל. אַלץ איז אין די דריי ענגע, פֿינצטערע פּאַרטער־שטיבלעך געווען איבערגעקערט און איבערגעדרייט. מיט בראָנטשעס אַוועקגיין פֿונעם הויז איז דאָ אַלץ אין איינע פּאָר טעג ליקווידירט געוואָרן, ווי אָפּצווווישן די אַלטע געדעכעניש פֿון אָרעמקייט און נויט פֿון די ערשטע ביטערע פּאָר יאָר זייערע אין פּאַריז. זי וועט טאַקע בלייבן וווינען אויפֿן בעלוויל מיטן מאַן אירן, דעם געלן דאַמען־שניידער אויף רי קוראָן, אָבער פֿאַר דער גאַנצער משפּחה איז שוין באַצייטנס געשטאַנען אָנגעגרייט אַ נייע, אויסרעמאָנטירטע דירה מיט ברייטע, ליכטיקע צימערן ערגעץ אַרום די גרויסע בולוואַרן, ווי אַ סך יידן אויפֿן בעלוויל האָבן זיך עס אין יענע יאָרן געמעגט ווינטשן. ס׳איז געווען דער לאַנג־צוגעגרייטער, שטילער פּלאַן פֿון עלטערן זון, פֿון אַנריק, וואָס האָט ביסלעכווייז אַלץ פֿאַראויסגעזען, אַלץ איבערגענומען, איז אומגעריכט און אַזוי ווי נישט־ווילנדיק געוואָרן דער גאַנצער קאָפּ, דער פֿאַרזאָרגער פֿונעם הויז; כאָטש דאָס אַלטוואַרג האָט זיך נאָך גאָרנישט געקליבן מיט אַזאַ לייכט געמיט צו פֿאַרלאָזן דאָ די אָרעמע, אָבער אַלט־איינגעבאַקענע נעסט.

אַזאַ היימישע חתונה האָט דער בעלוויל שוין לאַנג נישט געזען. זי איז געפּראַוועט געוואָרן אין הייסן, סוף־זומערדיקן שבת־צונאַכטס, אין די אויבערשטע זאַלן פֿון דער יידישער קאַפֿע „דאָס ליכט פֿון בעלוויל״. ס׳איז געווען ביים אויסלאָז פֿון די צוואַנציקער יאָרן, ווען די אָנגעלאָפֿענע, צעשראָקענע יידן זענען נאָך אַלץ נישט געווען אײַנגעאַנצן אויסגעגרינט, האָבן זיך נאָך צוביסלעך מיט אַ טונקעלער מורא געפּאַרכטן פֿאַר די ליכטיקע פּאַריזער נעכט, פֿאַר דער פֿרעמדער, גרויסער שטאָט מיט אירע משונהדיקע פֿירעכצן. ס׳איז געווען אַ היימישע חתונה ווי אַמאָל, אין די שטעטלעך פֿון

פוילן. אויסער די קרובים און פריינט, האָבן אַלע אַלטע „גוטע ברידער" לייבישעס פון אַמאָל נישט פאַרפעלט אַראָפּצוקומען, די געוועזענע גע־זעלן, וואָס האָבן דאָרט אַמאָל אין דער היים „געטראָגן די פאָן", אָדער „אַוועקגעלייגט אַ גובערנאַטאָר לעבן 5־טן צאַרקל", און דאָ, אין פּאַריז, ווו זיי האָבן שוין געלעבט היפּשע יאָרן, זענען זיי צוביסלעך אַרויפגע־קראָכן אויפן לייטער, פאַרשמאָלצט געוואָרן, אויפגעהאָדעוועט אַ נייעם דור, וואָס האָט מער ס'לעבן פון זייערע עלטערן נישט געוואָלט קענען; אָבער אַליין האָבן זיי דאָס אַמאָליקע לעבן זייערס נישט פאַרלייקנט, פאַר־קערט, האָבן זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט אין דער גערעכעניש פון „יענע יאָרן". פון בידנע קאַסקעטערס, פוריערס, שניידערס און שטריקערס, זענען זיי דאָ ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע, פאַרריסענע פּאַט־ראָנען, מיט אייגענע אַטעליעס, קאָנפעקציע־הייזער, אייגנטימער פון באַ־רימטע פירמעס מיט אַ סך אַפּטיילונגען, אין פּאַריז און אין דער פּראָווינץ, זענען יעדן אינדערפרי אַרונטער אויפן פאַררויכערטן „גאַר די נאַר" אָפּ־וואַרטן די „גריינע", וואָס זענען נאָך אַלץ געקומען אַנצולויפן פון „דאָרט" און באַלד אַריינגענומען זיי צו זיך צו דער אַרבעט; ס'זענען גראָד אויסגע־פאַלן יענע גוטע פאַר יאָר פון פּראָספּעריטע, ווען מ'האָט די אַרבעט גע־ריסן פון הינטער די הענט. זיי האָבן אויך נישט פאַרפעלט פון צייט צו צייט אַראָפּצוכאַפּן זיך אין געוועלבל צום אַלטן שפּייזער, אויפן „פּלעצל", אָדער אין דער קאַפע, ווו די „ברידער" זענען זיך צונויפגעקומען.

די דריי אויבערשטע פענצטער צום בולוואַר אין דער קאַפע „דאָס ליכט פון בעלוויל" זענען אין יענעם שבתדיקן פאַרנאַכט געווען פאַרגאָסן מיט אַ סך און רוישיק ליכט. קלעזמער האָבן געשפּילט אַ באַדעקנס, אַ חזן האָט זיך געגאָרגלט מיט אַ „שטיקעלע" פון יאָסעלע ראָזנבלאַט. מ'האָט געלאָזן אַראָפּברענגען עפּעס אַ ייד, אַ רבל, פון דער שול אויף רי פאַווע, שמשים, חופּה־שטאַנגען מיטן גאַנצן איבעריקן קלאַפּערגעצייג. מ'האָט בראָנטשען, אין ווייסן שלייער, פאַרשאָטן מיט קאָנפעטי, אַראָפּגעפירט חתן־כלה אין קליינעם הויפל אַרייַן, הינטער דער קאַפע, און דאָרט האָט מען זיי אונטער דער אויפגעשטעלטער חופּה מסדר־קידושין געווען, ווי גאָט האָט געבאָטן, צעבראָכן אַ גלאָז, צוגעטראָטן מיט די פיס, געשריגן „מזל־טוב", און די מאַמע טעמערל, אין שוואַרצן שפּיצן־שאַל איבערן קליינעם, גרויען טויבן־קעפּל, האָט געכליפּעט ביי דער זייט פון הויכן לייבישן, וואָס איז אין זיין שטייפן סמאָקינג מיט די גלאַנציקע זייד־קלאַפּעס, געשטאַנען בלייך, ווי די וואַנט,די וואָנסן אָנגעשטייפט.

כאָטש ס'איז גאָרנישט געווען נאָך וואָס אומעטיק צו זיין, צו פאַרגיסן טרערן. פאַרקערט — אַזאַ נחת צו דערלעבן; נאָר ס'איז שוין אַזוי ביי יידן.

אָבער מער פון אַלעמען אין הויז איז דער עלטערער, אַנרי, געווען פאַרטראָגן, געשאַרט זיך אין די ווינקעלעך, אויסבאַהאַלטן זיך פון מענטשן, געפילט זיך פרעמד צווישן דעם גאַנצן הילכיקן רעש פון דער שמחה. ער איז דאָ, אין דער פריילעכן גערודער, סיי־ווי לאַנג נישט פאַרבליבן. ווי נאָר דער צוואַרעמטער עולם הינטער די אָנגעשטעלטע און פול־אָנגעלייגטע טישן, אונטער די פאַרצויגענע קרענץ, אין דער היץ, איז פאַרטראָגן געוואָרן אין גערעדערייען, אין געלעכטערן, אין טענץ, ווען מ'האָט איבער קעפ גענומען צודערלאַנגען די קעפ פיש, די טעלערס בויאָן, די הינער מיט די גענדז, האָט ער זיך אומבאַמערקט אַרונטערגעגליטשט די געדרייטע שטיג אין דער האַלב־פינצטערער קאַפע און איז אַ ווײַלע אַרויס פאַר דער טיר, אָפצופרישן זיך. ער האָט זיך געווישט דעם אָנגעזעצטן שווייס פון שטערן, פילנדיק ווי ס'שפריצט איבער אים אַ דין רעגנדל. ס'איז געווען ס'ערשטע רעגנדל פון פרי־האַרבסט.

איצט האָט ער זיך דערפילט אַזויווי באַפרייט פון אַ לאַסט, אַן אומגעזעענע לאַסט, וואָס האָט געשווערט אויף אים. ס'איז צייט געווען אַרומצוזעז זיך, אַ טראַכט צו טון. ניין, ער האָט נישט געוואָלט גיין אײַנגעשפאַנט אין יאָך פון די זאָרגן, וואָס האָבן אים, קעגן זיין ווילן, געטריבן, קיין רו נישט געגעבן. ער איז אָבער אינגאַנצן געווען אַרײַנגעראָטן אין דער מאַמע טעמערל, ווען זי איז נאָך יונג געווען און ווען זי איז איינמאָל, אַ קליין, אָרעם מיידל, געהאַט אַראָפגעקומען קיין וואַרשע אויף דער לער צו אַ נייטערין פון אַ דאָרף הינטער מינסק־מאַזאָוויעצק. אַ בלאָנדלעכער, די אויגן פאַרבלויט, לויטן אויסזען מער פויער ווי שטאָטישער מענטש, האָט אים דער איינגעשטייפטער קאָלנער מיטן אויסגעבונדענעם קראַוואַט אַלעמאָל געשטיקט. ער האָט זיך, פאַרקערט, געפילט פריי אין די צעשפיליעטע בלוזעס, אין פאַרשאַרצטע אַרבל, ווען ער האָט אין דער אַטעליע אַ נעם געטון, אַ הייב געטון אַ שווערע משא אויף די אַקסלען, ווען די מאַשין האָט געטראַסקעט אונטער זיינע פלינקע הענט און פיס, אַבי נישט צו זיצן און צו גראַבלען מיט דער נאָדל אין דער האַנט. ער איז געווען אַ לאַנגזאַמער, אַ דורכגעטראַכטער און אין אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגענומען, איז געווען געלאַסענע, פאָרזיכטיקע זיכערקייט פון אַ פויער.

אומגעריכט האָט ס'הויז גיך גענומען שטייגן. פונעם ביסל „פאַסאָן" ביז צו אַ פולער שטוב מאַשינערס, „הענט" און פרעסערס, ביז צו די באַלן אייגענע שטאָפן, וואָס די קופערס זענען געשטאַנען און צוגעשניטן, איז געווען נישט מער ווי אַ שפרונג. די מאָגערע ווייבלעך, די מענער, די „פאַסאָניערס", דערשוויצטע, פאַרוואָקסענע, דאָס קעלנערל אויפגעשטעלט, זענען אין די סעזאָנען געקומען אָנצולויפן אין „הויז" אַרײַן; זענען, ווי

נישט־לאַנג ער אַליין, שטיינגעבליבן ביי דער טיר, געהנפּעט, געשווירן זיך, אויסגעבעטן אַ פּאָר שטיקלעך אַרבעט, ווען דער סעזאָן איז שוואַכער געוואָרן, און צוריק אַראָפּגעלאָזן זיך מיטן שוואַרצן טואַלעט די שטיגן אין געאייל, צו לויפן כאַפּן אַן אויטאָבוס, אַ מעטראָ. ס'איז נישט אָנגענעם גע־ווען צו באַגעגענען זיך מיט אַ באַקאַנט פּנים — ווי אַזוי וועט ער זיך דען נאָכדעם קענען ווייזן פאַר זיי? און אַז ס'איז ווידער געקומען צו אַ לוין־העכערונג, ווער רעדט נאָך אַ שטרייק, איז ער מער נישט אַרויס פון היב־טער דער שווערער, דעמבענער טיר. דאָס שוועסטערל בראָנטשע האָט זיך שוין מיט אַלעם פאַרנומען. ער האָט געהאַט וויכטיקערע זאַכן צו דער־לײדיקן אין די גרויסע „הייזער", ביי די קאָמיסיאָנערן, ביי די וואַיאַזשערן. ער האָט אויסגעמיטן ווי ווייט מעגלעך. ער האָט געפילט, אַז ער וועט זיך איינברעכן. ס'שוועסטערל בראָנטשע האָט אים נישט אומזיסט גע־שטאָכן און געביסן מיט אירע ריידעלעך:

— לויפט אַוועק און נישטאָ ווער ס'זאָל ענטפערן אַ וואָרט...

ער איז נישט אומזיסט צופרידן געווען אַרויסצופטרן ס'שוועסטערל פון הויז. זי איינע האָט דורכזיכטיק געזען און דערפילט זיינע געדאַנקען, זיינע פּילונגען. און די מאַמע האָט זיך ווידער באַדאַרפט פאַר אַלעמען אין הויז איינשטעלן. ער האָט גוט געוווסט, אַז מען קען נישט זיין דאָס און יענץ, פאַר די און פאַר יענע, אָדער — אָדער. אָט דאָס איז געווען די צעריסנקייט אין אים. ער האָט אָבער געזען, ווי די אַלע נעכטיקע בידנע „פאַסאַניערס" האָבן זיך געענדערט, ווי זיי וואָלטן איבער נאַכט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן אַנדער הויט. פון צייט צו צייט האָט זיך דאָרט איינער אַזאַ, צעשמייעט, צעקאָכט, פאַרענטפערט פאַר אים:

— די „פּרעיען" און אַלץ... ס'פּרעסט אויף... וואָס ווילן זיי, וואָס?...

וואָס „זיי" ווילן? ער האָט גוט געוווסט וואָס „זיי" ווילן; און ער האָט זיך אַליין געפּרעסן מיט פאָרווורפן. ער איז נישט געמאַכט געוואָרן דערצו; און פונדעסטוועגן איז ער, קעגן זיין ווילן, געשטויסן געוואָרן אַלץ ווייטער און ווייטער.

אין די זומערן, ווען אַלע „הייזער" זענען געווען פאַרקלאַפּט, איז ער טיילמאָל אָפּגעזעסן אַ פּאָר וואָכן מיט דער משפּחה אין יידישן דאַטשע־שטעטל ברינואַ. ס'זענען דאָרט געשטאַנען נידעריקע באַראַקלעך, די דעכער אָנגעגליט פון דער זון, באַלד דערלעבן אַ קליין, אַרומגעצופּטן סאָסנע־וועלדל, אָנגעוואָרפן מיט פּאַפּירן, שטיקער אַלטע יידישע צייטונ־גען, אָראַנזשן־שאָלעכץ. צופּיל רעש, צופּיל טומל. כאָטש ס'האָט אים צווישן די ענגע בעלווילער געסלעך נאָכאַנאַנד געצויגן צו אַ ביסל גרינס, צו אַ גראָז ביז איבער די קני. ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אַראָפּצו, ווו קיין יידישע

געזינדלעך האָבן מער נישט געווױנט. דאָרט זענען געשטאַנען איזאָלירטע הײזלעך, הינטער אַ פּלױטל, פּאַרטרונקען אין גרינס, אין געפּלעגטע פּרוכט־בײמער, די סטעזשקעלעך פּײן צוגעקערט, די לאָדן איבערגעפּאַרבט אויף גרין. מענטשן האָבן דאָ שטיל אָפּגערוט, שטיל אַרומגעגאַנגען אַרום זײער קלײנער באַלעבאַטישקײט. הינדעלעך האָבן געפּיקט קערנער פֿאַר די טרעפּלעך.

אַלץ האָט אים דאָ געשטיקט. ער האָט געוואָלט ערגעץ אַוועק, אָבער ס׳האָט אים באַין־ברירה צוריקגעפּירט אַהער. טאַקע, וווהין זאָל ער דען גײן ? מ׳איז צוגעשמידט צו דער גרויער רעאַליטעט און געוווּג. אָבער צי זענען זײ עס כאָטש, די אַלע, אַז ס׳לעבן זײערס שוועבט נאָך אַלץ אין דער לופטן ? די גרויס־שטאָטישע קלײן־אינדוסטריע... די שנײדערײ... די אײבּיקע נאָדל אין דער לאַץ... אָט, אויף דער ערד ווען מען קען זיך אײנעס־טיקן, צובינדן זיך צו עפּעס באַשטענדיקס, שלאָגן וואָרצלען. ווײניק האָבן מיר עס געזען דאָרט ? די בידנע יידן פֿון די שטעטלעך... די אינטעליגענטן, וואָס שוועבן אין דער לופט... דער ערשטער ווינט וועט אַלץ פֿונאַנדער־טרײבן... אָבער ס׳וועט דאָך אַזױ נישט פֿאַרבלײבן... ער האָט מער נישט געצווײפֿלט דערין. ער איז בײגעוועזן אויף אַלע מיטינגען, אויף אַלע פֿאַר־זאַמלונגען, צוגעהערט זיך מיט קאָפּ, נאָכגעטראַכט. ער האָט זיך צוריק גענומען גלויבן. און אַלײן איז ער פֿונדעסטוועגן טאָג נאָך טאָג געגאַנגען אין די אויסגעטרעטענע פּיס־טריט, געשטויסן געוואָרן, קעגן זײן ווילן, קען מען זאָגן, כּסדר צו פֿאַרגרעסערן די אַטעליע, אַוועקזעצן נאָך מענטשן, אַרײַנשטעלן נאָך מאַשינען, מען זאָל אַרבעטן, ליפֿערן, יאָגן, אַרויסיאָגן זיך און אַנדערע די נשמה און דעם אײביקן פֿאַריזער הו־האַ. ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער טוט עס אַלץ קעגן זײן אײגן געפֿיל און פֿאַרשטאַנד. וואָרום ס׳פֿירט סײ־ווי אין ערגעץ נישט.

ס׳איז געווען אין די עטלעכע־און־צוואַנציקער יאָרן, ווען לײביש שנײ־דער מיטן היפּשן געזינדל אויף די מאָגערע פּלײצעס האָט זיך געהאַט אַריבערגעפּעקלט קײן פּאַריז. אין די יאָרן זענען יידן פֿון פּוילן געלאָפֿן אין דער וועלט אַרײַן, געשוואָרצט גרענעצן, אויסגעשטאַנען אַלע געפֿאַרן, אַבי צו אַנטרינען פֿון דאָרט, פֿון די רוצחים, וואָס האָבן מער נישט גע־לאָזט לעבן. אין אײנעם אַ גרויען פֿרימאָרגן זענען זײ, צוזאַמען מיט נאָך פֿיל אַנדערע, אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן אויפֿן פּאַריזער פֿאַררויכערטן „גאַר די נאָר״. אויפֿן בעלוויל, וווהין מ׳האָט באַלד פֿאַרשטאַנען אָפּצופֿירן זײ, איז דאָס געזינדל ביז פֿאַרנאַכט אָפּגעלעגן אויף אַ באַנק פֿון בולוואַר, ווײל אין די האָטעלן האָט מען זײ נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן מיט אַזױפֿיל קינ־דער. אָבער די מאַמע טעמערל איז, נישקשה, געווען אַן ענערגישע, אַן

איינשטעלערקע. דאָס האָט איר די נויט אַזוי אויסגעלערנט. די קינדער, מיטן אַלטן, מיט די פּאָר צעשטויסענע וואַליזעס, האָט זי געלאָזן וואַרטן לעבן דער באַנק אויפן בולוואַר, אַ רוף געטון ס׳יינגסטע מיידעלע מיט די צעפּעלעך און מיטן רויט־פּאַרקאַטערטן נעזל:

— קום, יחדל! — האָט זי אַ רוף געטון ס׳מיידעלע.

און איז מיטן קינד ביי אַ הענטל אַרויף מיט דער שמאָלער גאַס אויפן ראָג. זי איז האַסטיק אַריין אין דער נידעריקער, טונקעלער ביסטראָ פון פּאַרנט און האַלב אויף שטום־לשון און האַלב מיט די הענט אויסגעטענהט זיך מיטן הויכן פּאַטראָן, געוויזן אים, אַז מער ווי ס׳פּיצל קינד פאַרמאָגט זי נישט. דער הויכער פּאַטראָן, וואָס איז געשטאַנען הינטערן קאָנטואַר, האָט זיך נאָך דאָרט אַ ווײַלע געקווענקלט, אַ פאַרקוועטש געטון ס׳לינקע אויג, פאַוואָליע אָפּגעווישט די רויטע הענט אין בלויען פאַרטוך, אַ נעם געטון אַ בינט שליסלען פון טשוואַק־אַראָפּ און איז אַרויף מיט איר די אָפּגע־טראָטענע, געדרייטע טרעפּן. ס׳איז געווען אַ לאַנג, שמאָל צימערל מיט אַ פענצטער צום הייפל. זי האָט זיך שוין גאָר מער איבעריק נישט נאָכגע־פרעגט, נישט געדונגען זיך, אָפּגעשטעקט אים די פּאָר פראַנק פאַר דער ערשטער וואָך, צוגענומען דעם שליסל, געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז זי וועט באַלד צוריקקומען; און איז מיט איילִיקע טריטלעך, מיטן קינד ביים הענטל, צוריק אַראָפּ צום בולוואַר.

ביז פאַרנאַכט האָט זיך דאָס היימלאָזע געזינדל אַרומגעוואַלגערט אין דער יידישער קאַפע מיט די פאַרלאָפענע שויבן צום בולוואַר; ווי נאָר אָבער ס׳איז פינצטער געוואָרן, האָט די מאַמע איינס נאָך ס׳אַנדערע אַריינגע־גנבעט אין האָטעל אַריין דאָס גאַנצע געזינדל. ווען ער האָט זיך אויף צו־מאָרגנס געכאַפּט, דער הויכער פּאַטראָן פון דער ביסטראָ, איז שוין אָבער געווען צו שפּעט; זיי זענען שוין דאָרט אַלע געלעגן קאָפּ־אויף־קאָפּ — גיי וואַרף זיי אַרויס אויף דער גאַס...

מ׳איז געשלאָפן אויפן ברייטן בעט, אויף דר׳ערד, אונטערגעבעט אויף בענקלעך. די מאַמע טעמערל האָט געקאָכט אויף אַ נאַפט־מאַשינקע, ווייל קיין גאַז איז אין שטיבל נישט געווען, גרויסע, פאַרסאַדזעטע טעפּ. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך די קינדער געוואַלגערט אויף די טרעפּ, אין געסל. דער אַלטער איז באַלד צומאָרגנס געלאָפן צו לאַנדסלייט, געוויינט פאַר זיי, אַהיימגענומען אַ ביסל אַרבעט, איינגעשאַפן זיך אַ שטיקל מאַשין און ס׳ביסל „פאַסאָן״ האָט אַ גאַנצע וואָך פאַרוואַלגערט אַלע ווינקעלעך. אַלע אין שטוב האָבן צוגעהאָלפן.

לאַנג זענען זיי אין דעם האָטעל סיי־ווי נישט פאַרבליבן, ביז נאָך די יום־טובים. זיי האָבן דאָ אינגיכן אויסגעפונען אַ שטיקל דירהלע אין פאַר־

טער, האַלב איינגעגראָבן אין דר'ערד, אַראָפּצוגיין מיט אַ טרעפּל. דאָרט זענען געווען קליינע, דושנע שטיבלעך, אָן אַן אָפּגוס פאַרן וואַסער, אַ שמאָל הויפל מיט אַרומגעשטעלטע ווענט. דער סעזאָן איז אין יענעם יאָר דוקא אויסגעפאַלן נישט קיין שלעכטער. מ'האָט נאָר באַדאַרפט אַזויפיל צו אַרבעטן און צו ליווערן. דאָס עלטערע ייִנגל, אַנרי, האָט אַ סך צוגע־האָלפן. די קלענערע קינדער האָט מען אויפן גאַנצן טאָג אַרייַנגעוואָרפן אין „מאַטערנעל״, ווו זיי האָבן אויך געגעסן מיטאָג.

דאָ, אין די ענגע געסעלעך, איז דאָס עלטערע ייִנגל, אַנרי, כמעט אויפ־געוואַקסן, צוזאַמען מיט די ייִדישע יונגעלייט און מיידלעך פון די אַלע צעשראָקענע, אַנגעלאָפענע ייִדן. ער איז אין אָוונט געקומען נישטערן אין האַלב־צעפליקטן קאַטאַלאָג פון דער ביבליאָטעק אין דער „קולטור־ליגע״, אויף לאַנקרי 10, ווו אויף די שטיגן איז געווען ענג, נישט דורכצושפּאַרן זיך. דערנאָך, ווען ער האָט אַ כאַפּ געטון אַביסל דאָס פראַנצויזישע לשון, איז ער נישט דרייסט געקומען נעמען ביכלעך אין דער מוניציפּאַלער ביבליאָטעק. ער האָט געשלונגען אַלץ, וואָס ס'איז אים געקומען אונטער דער האַנט, אָן איבערקלייב.

אין סאַמע האַרץ פון „פּלעצל״, אויף רי דע ראָזיע, איז נאָך דעמאָלט געזעסן אין אַ קליינער, פאַרשטויבטער בוכהאַנדלונג, הינטער אַ שויב, פאַר־לייגט מיט ביכלעך, ספרים, טליתים, הבדלות און בשמים־ביקסלעך, אַ ייד מיט אַ ברייטער, געלבלעכער באָרד, דער אַנאַרכיסט שפּייזער, און ביי אים פלעגן זיך צונויפקומען די אַלטע ייִדישע עמיגראַנטן — קאַסקעטערס, פּוריערס, שטריקערס און שניידערס. זיי האָבן נאָך דאָרט אַלץ געלייענט נאָר די ווערק פון קראָפּאָטקין, לעוו טאָלסטאָי, די פאַרגעלטע בראָשורן פון רודאָלף ראָקער, און האָבן פאַרביסן, מיט ייִדישן ברען, אַרייַנגעטייטשט אין זיי, געפֿירט לאַנגע, פאַרפלאָנטערטע דיסקוסיעס וועגן „פרייען מענטש־לעכן גייסט״.

און דאָס ייִנגל האָט דאָ נאָך ערגעץ אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן זיי. ער איז פרי אָפּגעריסן געוואָרן פון דער אַלטער היים, פון די אויפגערו־דערטע אָרעמע ייִדישע גאַסן אין וואַרשע. ער האָט דעמאָלט געקענט אַלט זיין נישט מער ווי אַ יאָר 15—16; און אָנשטאָט אין ראָטשילד־שולעכל אַרייַן אויפן בעלוויל, ווו ס'זענען זיך צונויפגעקומען אַ פאָר פאַרבלאָנ־דזשעטע ייִדן צו אַ מנין, האָט אים דער טאַטע, וואָס האָט אַליין אויך אין 5־טן יאָר געהאַט אַמאָל אַ שטיקל שייכות צו די שטרייקער, געפלעגט מיטצונעמען אין דער בוכהאַנדלונג, צו דעם ייִד, אָדער אין דער קאַפע אַרייַן, ווו ס'זענען זיך צונויפגעקומען „די ברידער פון פרייען גייסט״. דאָס זענען געווען ס'רוב אַנטלאָפענע פון צאַרישן רוסלאַנד, פון די פּאָגראָמען,

פון די באַריקאַדן. יעדער פון זיי האָט דאָרט כאָטש אַמאָל געהאַט „אָוועק־געלייגט" אַ „פּאָליציייסקע נאַטשאַלניק", האָט „געטראָגן די פאָן". דאָ איז ברייט געזעסן ביי אַ טישל, אַרומגערינגלט מיט באַוווּנדערער, דער רוסי־שער אַנאַרכיסט סאַשאַ, אָן אַ האַנט, מיט אַנגעשטייפטע קאָזאַקישע וואָנסן. ער האָט זיך אָנדערציילט וועגן אָנפאַלן אויף בענק, צוגן, וועגן העל־דישע עקספּראָפּריאַציעס... דער אַלטער האָט זיך פּשוט מחיה געווען צו געפינען אַ היימישן ייד אין דעם פרעמדן און גרויסן פּאַריז. ער האָט אַ בערשטל־געטון די וואָנסן און מיטגערופן ס'עלטערע יינגל:

— קום, אַנרי — האָט אים דער אַלטער מיטגערופן אין אַ פרייען טאָג פון „מאַרט"־סעזאָן — מירן אַביסל אַריבערכאַפּן זיך צו די „ברידער"... וואָס זענען פריי אין גייסט... וואָס האָבן געקעמפט...

קיין יונגע מענטשן זענען צווישן זיי כמעט שוין נישט געווען, אַלץ מיטליעריקע און אַלטע לייט. ס'איז אויף זיי אַלעמען דאָרט, האָט זיך גע־דוכט, געלעגן אַן איינגעגעסענער שטויב. זיי האָבן זיך געפּלפּולט וועגן „פרייען גייסט פון מענטש" און פיל פון זיי האָבן שוין גאַנץ שיין פאַר־מאָגט גרויסע אַטעליעס, געשעפטן, האָבן עקספּלואַטירט די פריש־געקו־מענע, אַנגעלאָפענע יידן, וואָס זיי זענען געגאַנגען אָפּוואַרטן אויפן „גאַר די נאָר".

דער אויפריכטיקער האַס צום מאַטעריעלן, ערדישן לעבן, וואָס איז גע־ווען אין די רייד פונעם אַלטן מאַן מיט די גרויע, אָפּגעזונקטע וואָנסן, מיט די ציטערדיקע פינגער, צעקרומט און דעפאָרמירט פון די צען־פונטיקע פרעסלעך, אָנגעגליט אויף גאַז, אין די יידישע אַטעליעס, פול מיט פּאַרע, מיט דער ווייסער, שויבערדיקער טשופרינע פון אַ פאַרביטערטן נביא, זענען דעם יינגל לאַנג נאָכגעגאַנגען. עפּעס האָט זיך דאָ נישט געקלעפּט. צוריקוועגס, נאָכשאַרנדיק זיך אין די פאַרפאַקטע מעטראָ־איינגענג, האָט ער געפרעגט דעם טאַטן, וואָס איז געגאַנגען לעבן אים צעחושט, פאַרטון אין זיך, אין דער שווערער וואָכעדיקייט, וואָס האָט זיך שוין באַצייטנס געלייגט אויף אים און וואָס הייבט זיך מאָרגן אינדערפרי אָן:

— כ'פאַרשטיי נישט... ווי אַזוי קען ער זיך חברן מיט זיין פּאַטראָן?... וואָס האָט די זעלבע „פרייע" אידייען?...

— פאַרשטייסט נישט... — האָט אים דער אַלטער אָפּגעפטרט — פאַר־שטייסט נאָך אַ סך זאַכן נישט...

דאָס אונטערגעוואַקסענע יינגל, וואָס אין דער היים האָט ער זיך גע־רופן הערשל און דאָ האָט אים דער בעלוויל גיך אַ נאָמען געגעבן אַנרי, האָט נאָך דאָ אַלץ ערגעץ אַרומגעבלאָנדזשעט אין אַ קראַנקער, פרעמדער וועלט פון אויסגעוואָרצלטע, פאַראַנקערט ביי די רוישיקע ברעגן פון דער

וועלט־שטאָט. אַלע אַלטע בענקשאַפטן האָבן נאָך געשטיקט. טריט ביי טריט איז אויסגעקומען צו אַנטדעקן די נייע, פרעמדע וועלט, די ליכטיקע פּאַריזער נעכט, דעם פאַרשטיקטן געריוש פון די בולוואַרן, דאָס פאַר־שייטע לאַכן אויף די פריילעכע קאַפיי־טעראַסן אין די פרילינגדיקע אָוונטן. ס'האָט זיך אין יענע יאָרן געקאָכט אין די יידישע קאַפעס און אין די צייטונגען — ס'האָט נאָר וואָס געהאַט אָפּגעהילכט דער שאָס פון זייגערמאַכער שלום שוואַרצבאַרד, פונעם געוועלבל אויפן מענילמאָנטאַן, אויפן אוקראַינישן יידן־מערדער, דעם העטמאַן פּעטליורע; ווער פון אָט די אָנגעלאָפענע יידן האָט אים דען נישט געקענט, שלום זייגערמאַכער? מ'האָט אין די קאַפעס גערעדט וועגן יידישע צרות, וועגן פּאָגראָמען. דורך די געדיכטע יידן־געזעמלעך האָט דאָס יינגל נאָך אַמאָל אַנטדעקט די וועלט פון „דאָרט", וואָס ער האָט זי נישט באַוויזן צו דערקענען. ער איז געווען אינעם עלטער, ווען ס'לעבן עפנט זיך ווי אַ קנאָספּ אין פרימאָרגן־טוי; ס'ווילט זיך גלויבן אין עפּעס, קעמפן פאַר עפּעס. ס'האָט זיך שטאַרק גע־בענקט נאָך אַן אינטים ווינקל אין דער פרעמד.

ס'איז צוערשט געווען אַ מין גרויסער נייגער צו אָט די פאַרבלאָנ־דזשעטע מענטשן אין דער פרעמד. אַלע האָבן זיי נאָך געטראָגן איינגע־פרעגט אין זיך די שווערע איבערלעבונגען, די אידייען פון „דאָרט". זיי זענען אָבער ביסלעכוויז פאַרבליבן אַזויווי נאַקעטע, פאַרבלאָנדזשעטע אויפן פּאַריזער ברוק, אָן אַ נעכטן, אָן שום טראַדיציעס. זיי זענען געווען ווי די פלאַנץ, וואָס דער שטורעם רייסט זי אַרויס פון היימישן באָדן.

אין יענעם פאַרנאַכט, ווען ס'איז געפּראַוועט געוואָרן בראָנטשעס חתונה, האָט אַנרי איבערגעלאָזן די קאַפע „דאָס ליכט פון בעלוויל" און אַראָפּגעלאָזן זיך מיטן בולוואַר. דאָ באַלד, אויפן ראָג, אין דער קאַפע מיט די פאַרלאָפענע שויבן, האָט ער אָנבאַגעגנט דעם אומעטיק־פאַרטראָגענעם מענטש מיטן לייבן־קאָפּ, בן־שושנים, ווי ער האָט זיך, — שטאַרק פאַר־קאָנספּירירט — געלאָזן דעמאָלט רופן. פון די אויסגעריבענע, צו־קורצע אַרבל ביי אים האָבן אַרויסגעקוקט די פאַררויכערטע פינגער פון די סיגאַ־רעטן־עקלעך. מ'האָט אים צוביסלעך באַגעגנט אומעטום — אין דער אַנאַרכיסטישער קאַפע, אויף די זונטיקדיקע בערזעס אויפן בולוואַר בעל־וויל, אויף די אָנגעפּראָפּטע טרעפן אין דער „קולטור־ליגע", ווו ס'האָבן זיך נאָך דעמאָלט אויפגעהאַלטן כלערליי אָפּשפּליטערונגען פון יידישע פּאַרטייען, ווו ס'זענען נאָכאַנאַנד אָנגעגאַנגען די הייסע דיסקוסיעס און די שטורמישע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. ער איז אויך געווען אַן איינגייער אין ספרים־געוועלבל אויף רי דע ראָזיע, ביי שפּייזערן, וווהין מ'איז געקו־מען נישטערן אין די פאַרגעלבטע ביכלעך פון קראָפּאָטקין און לעוו טאָל־

כטאַי, אין דער קאַפּע פון די „פרייע ברידער". דאָרט האָבן זיך געדרייט אַזעלכע מיני אָפּשפּליטערונגען פון דער באַדנלאָזער יידישער אינטעליגענץ, פון כלערליי שאַטירונגען, טענדענצן און ריכטונגען. ווי פון דער ווייט האָט דאָס יינגל געהערט איבער זיך זיינע רייד פון אַ מדבר־נביא:

— נייז, די איינזאַמקייט, וואָס כ'זע פאַר, שרעקט מיך נישט... ס'איז דער וועג פון אַן אַנדערער געמיינזאַמקייט... דער מענטש זאָל געלייטערט ווערן דורך זיך אַליין, דורך זיין ספּעריש־אינטימען איך, דורך זיין פאַרזענלעכקייט, באַוווסטזיין און אינטואיציע...

און ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דער אַלטער האָט וועגן אים אַנומלטן אַ זאָג געטון:

— פּשש... אַ קאָפּ־מענטש! אויסגעקאָכט אין די ביכלעך... נאָר אַן אָרעמאַן, נעבעך... גייט לעבן די שיך...

מאָדנע, ווי די מענטשן וואָלטן גאָרנישט געלעבט אויף דער ערד. זיי האָבן זיך ווי די שאָטנס געשאַרט אין אַ זייט פון לעבן. זיי האָבן אַזוי ווי אַריינגעלעבט אין אַ פרעמדן דור אַריין. זיי זענען נאָך אַפילו קיין אַלטע לייט נישט געווען, ס'רוב מיטליעריקע. פון וואָס, פרעגט זיך, האָבן זיי געצויגן די בידנע חיונה? דער בליק צעטראָגן, נישט גאַנץ גענוי אויפגעפּאַסט אין זייער קליידן זיך; די שיטערע האָר האָבן שוין דאָ און דאָרט געלאָזן דורכזען דעם נאַקעטן שאַרבן.

— קומט — האָט ער אים, דעם בליק צו דר'ערד, מיטגערופן.

— וווהין? — איז אַנרי מיט אַ מאָל געווען אומרואיק, און האָט זיך נאָך אַלץ געפילט פאַרשולדיקט, וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזן די היימישע שמחה מיט אַלץ און אַלעם.

— באַגלייט מיך. כ'גיי מבקר־חולה זיין אַ פריינט אין „האָפּיטאַל טענען".

— ווער איז ער, דער פריינט אייערער?

— מאַכנאָ... — האָט ער זיך עס אַזוי פּשוט אַ זאָג־אָפּ געטון — ער האַלט ביים שטאַרבן...

— מאַכנאָ?... דער יידן־מערדער, דער באַנדיט מאַכנאָ?...

— פאַרוואָס?... — איז יענער אויף אַ האָר נישט איבערראַשט געווען, לייכט אָנגענומען אים ביי אַן אָרבל און געקוקט פון אונטערן שטערן — פאַרוואָס לעבט איר נאָך אַלע מיטן דאָזיקן שרעקלעכן פאָראורטייל?... ער האָט געקעמפט פאַרן פרייען גייסט און פאַרן פרייען געוויסן פון מענטש... ער איז פאַרראַטן געוואָרן...

— אָבער ווי אַזוי?... — האָט ער עפּעס אָנגעהויבן און נישט פאַרענדיקט.

אין כמורנעם פּאַריזער פאַרנאַכט האָט אַנרי לאַנג געוואַרט קעגנאיבער, אויף דער באַנק, אין קליינעם גערטל אונטער די געדיכטע קליאַנען, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער. דער דינער רעגן האָט געקלאַפּט איבער די בלעטלעך. ס'האָט אים נישט געאַרט. ער איז געווען פריי, אינגאַנצן פריי, צו גיין, צו לאָזן זיך פירן פון דעם אומעטיק־פאַרטראָגענעם מענטש ווו נאָר ער וועט אים פאַרפירן אין דעם אָוונט. ס'איז שוין געווען פינצטער־לעך, ווען יענער האָט זיך צוריק באַוויזן אין נידעריקן טירל, איז געגאַנגען איבער דער אַלייע מיט אַ שווער־אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, געגראַבלט אין אויבערשטן קעשנקעלע און פאַרצויגן דאָס האַלבע, אָפּגעזענקטע סיגאַ־רעטל.

— קומט — האָט ער כמורנע געבלאָזן דורך די נאָזלעכער דעם רויך — דער גורל פון גרויסע אידייען, ווייסט איר, איז טיילמאָל אומברחמנות־דיק... ער לעבט נישט מער...

— ווער ? — האָט אַנרי נאָך אַ מאָל איבערגעפרעגט, דערמאנט זיך און האָט זיך נאָך אַלץ אַליין נישט געוואָלט צוגלויבן.

— מאַכנאָ... די קראַנקע לונגען האָבן אים פאַרברענט... אויפגע־פרעסן...

— באַטקאָ מאַכנאָ... כ'האָב מורא, אַז איר נעמט זיך צופיל איבער...

— האָט אַנרי צוערשט נישט געוואַגט, געמורמלט עפּעס און איז פונדעסט־וועגן מיטגעגאַנגען.

זיי האָבן נאָך אַמאָל דורכגעשניטן די שמאָלע געסלעך פון בעלוויל, אַראָפּצו, דורכן קאַנאַל. דער דיגער, שטעכיקער רעגן האָט זיי דורכגע־ווייקט.ביים קליינעם קאָנטואַר פון דער ביסטראָ, ווו זיי זענען אַריין אויס־צוזופּן אַ שוואַרצע קאַפּע, זיך צו דערוואַרעמען, האָט בן־שושנים שטיל, מיט אַ מאָדנער ווייכקייט אין זיין קול, אָפּגערופן זיך :

— קויפט מיר אַ פּעקל סיגאַרעטן... כ'האָב נישט מער וואָס צו רוי־כערן...

ער האָט געקויפט, אַריינגעשטופּט עס אים אין קעשענע און זיי זענען אַרויס.

— מיר טויכן אין פּאַריזער נעפּל... — האָט דער פאַרטראָגענער מענטש לעבן אים נאָך אַלץ געערעדט אומעטיקלעך — מיר זענען אפשר דער דור פון נעפּל... ווער ווייס ?

איבער די בריקן פון דער סען האָבן מענטשן געאײַלט אונטער אויפ־געשטעלטע שירעמס. די אַלטע געבייען, די טורעמלעך פון דער קאָנסער־זשערי, פון דער נאָטר־דאַם־קאַטעדראַלע, זענען אין צופאַלנדיקן אָוונט שפּיציק צעשוואומען זיך פאַרן בליק.

אין דער קאַפּע „לידאָ", אין טיפן, אָנגערויכערטן זאַל מיט די אַראָפּ־הענגענדיקע גרינע לעמפּ, ווו ס'ליכט האָט זיך קאָנצענטרירט אויף די טישלעך, ביז אַראָפּ, איז געווען אַ סך עולם פון נאָכמיטאָג אָן. בלייכע סי־לועטן אין פאַרשאַרצטע אַרבל האָבן שווייגנדיק און אָנגעשטרענגט, ווי אין אַ מין געהיימער, מיסטישער עבודה, אין האַלבן ליכט געוואָרפן די ווייסע באַלן אויפן בילאַרד־טיש, באַוועגנדיק מיט די לאַנגע שטעקנס, אָן איין וואָרט. אין אַלע זייטיקע ווינקלען האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדיכטער סי־גאַרעטן־רויך ביז אונטערן שוואַרצן סופיט. דאָרט זענען די טישלעך גע־ווען באַלייגט מיט שאַך־שפּילער, ברידזש־ און פּאָקער־שפּילער. די נישט־געגאָלטע לייט מיט די ברענענדיקע אויגן האָבן שווייגנדיק געוואָרפן אין טעלערל אַריין ס'געלט, שווייגנדיק צוגערוקט עס צו זיך.

פון די אַלע גערעדערייען האָט מען דאָ אָמערסטן אונטערגעזוונגען, אונטערגעברומט און איבערגעוואָרטלט זיך אין אַלע געדיכטע יידישע דיאַלעקטן פון „דאָרט":

— פּושער, ריר נישט די מלכה, זאָג איך...

— זאָל דיר נישט דאַרן דער קאָפּ... ליג איינגעלייגט...

די אַלע — האָט אַנרי נאָכגעטראַכט — זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן פּאַריזער ברוק, אַנטרונענע, ווי פון אַ פּאַרפּלייצונג, צוליב אַלערליי יידישע און נישט־יידישע קאַטאַסטראָפּעס, וואָס האָבן זיך דאָרט ערגעץ געהאַלטן אין מיטן אָפּשפּילן. זיי האָבן דאָ צוביסלעך וועגעטירט, געבלאָנ־דזשעט — אויפן וועג קיין אַמעריקע, אָדער מיטן חלום נאָך איין מאָל אומ־צוקערן זיך אין זייער לאַנד אַריין; אַנדערע — מיטן ציל צו שטודירן, צו מאָלן, צו קלעפּן אין ליים, צו הויערן אין שטיין. זיי האָבן זיך דאָ ס'רוב אויפגעהאַלטן אין די הונגעריקע, קאַלטע סטודענטן־ און קינסטלער־מאַנ־סאַרדעס. זיי זענען געקומען פון רוסלאַנד, פון פּוילן, פון דער ליטע, פון די טיפע פאַרשטעקטע פּראָווינצן, ערגעץ אין דער בוקאָווינע, אָדער בעסאַ־ראַביע. נאָך בערלין, וואָס האָט זיך אין יענע יאָרן פון דעקאַדענץ שנעל געקייקלט צו דער היטלערישער קאַטאַסטראָפע, איז פּאַריז געווען דער לעצטער אַזיל, דער מקום־מקלט אויפן צעטרייסלטן קאָנטינענט פאַר אָט די מענטשן. פון דאַנען איז שוין מער דערוייל קיין וועג נישט געווען. בן־שושנים איז דאָ, פאַרשטייט זיך, באַלד פאַרקאַכט געווען אין אַ פּאַרטיע שאַך אַרום אַ פּול־באַלייגט טישל.

— קומט! — האָט אים אַנרי עטלעכע מאָל געצויגן פאַרן אַרבל, אָבער ס'איז שווער געווען אים אָפּצורייסן.

ס'איז שוין געווען נישט פרי. קיין מעטראָס און קיין אויטאָבוסן זענען שוין לאַנג נישט געגאַנגען. מ'האָט זיך שפּעט אַרויסגעשאָטן פון דאָרט.

מ׳האָט מיד אויסגעקלאַפּט דעם טראָט אויפֿן ליידיקן טראָטואַר. ס׳איז געווען נישט ווייט פֿון טאָג־אויפֿברוך, אַ שפּעט־זומערדיקער טאָג־אויפֿברוך.

דאָ באַלד, אין אַ געסל ביים פּאַנטעאָן, איז געווען דער קליינער יידישער סטודענטן־רעסטאָראַן. ס׳איז געווען אויפֿן בעלוויל אַ ייד מיט אַ פּעך־שוואַרץ, אַסיריש קלין־בערדל, מיט אַ באַרג קינדער און מיט אַ דיקלעך ווייב; דער ייד, וואָס האָט געשריבן פֿילאָזאָפֿישע מאמרים, האָט צוערשט געגעבן לעקציעס יידישע קינדער, וואָס האָבן דאָ, אין פּאַריז, נישט געוואָלט נעמען קיין יידיש וואָרט אין מויל אַריין. ער האָט זיי געוויזן ווי מען שרייבט אָן אַן אַלף, געלערנט מיט זיי אַביסל עברי. אָבער אַזויווי קיין תּכלית פֿון די „אוראָקן“ איז נישט געווען, האָט זיך ס׳ווייב גענומען און אויפֿגעמאַכט אינעם געסל אויפֿן סען־מישל אַ קליינעם רעסטאָראַן פֿאַר אָרעמע יידישע סטודענטן. אַפֿילו די קוכערס, די באַדינער און דער גאַרסאָן זענען דאָרט אויך געווען אָרעמע אינטעלעקטועלע. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס רעסטאָראַנדל האָט סוף כּל סוף באַנקראָטירט, ווייל מ׳האָט מערסטנס געגעסן אויף באָרג און קיינמאָל נישט באַצאָלט. אָבער אַ שטיקל צייט איז דאָרט געווען דער באַקאַנטער אַדרעס, ס׳האָט זיך דאָרט געקאָכט און געראָיעט טאָג און נאַכט.

ווען די לאָמפּן אין די בישעס און אויפֿן ראָג האָבן זיך גענומען לעשן, ווען די גאַסן־קערער האָבן געלאָזן לענגאויס די טראָטואַרן דעם וואַסער־שטראָם, ס׳זענען מיט רעש אָנגעפֿאָרן די מגושמדיקע מיסט־קאַמיאָנען, האָט מען זיך אויסגעלאָשן און מיד אַרויסגעשאָטן פֿון דער קאַפֿע „לידאָ“, אומצוקערן זיך צו די פֿינצטערע מאַנסאַרדעס. פֿאַרבייגייענדיק, האָט מען זיך שוין אַריינגעכאַפּט אויף אַ ווײַלע אין קליינעם סטודענטן־רעסטאָראַן צום ייד, אויסטרינקען אַ הייס גלעזל טיי, אָדער אַפֿילו אונטערדרעמלען ביי אַ טישל. מ׳האָט דאָרט פֿרי אויפֿגעשפּאַרט די טירן. ס׳ווייב מיטן גאַנצן אינטעלעקטועלן פּערסאָנאַל האָט זיך שוין באַצייטנס געגרייט אַראָפּצופֿאָרן אין די האַלעס אַריין. ס׳איז נאָך דאָרט געווען האַלב־פֿינצטערלעך. די ווענט זענען באַהאָנגען געווען מיט מאָדנע געמעלן, שפּיציקע קעפּ, פֿאַרדרייטע בערד, פֿליענדיקע ישיבה־בחורים און נאַקעטע מיידלעך מיט צעשוומענע, אויסגעצויגענע פּנימער, מיט דאַרע ריפּן, ווי ביי אָפּגעמאָגערטע הינט. דאָס האָבן די אָרעמע יידישע קינסטלער, וואָס האָבן זיך דאָ מערסטן אַרומגעדרייט און צוגעהונגערט אין די קאַפֿעס פֿון מאָנפּאַרנאַס, איבערגעלאָזן ביים ייד זייערע בילדער פֿאַר אַ מיטאָג.

דאָרט זענען זיי ביידע אָפּגעזעסן דעם טאָג, צומאָרגנס נאָך בראָנטשעס חתונה, אַנרי און בן־שושנים, געזויגן סיגאַרעטלעך, אונטערגעדרעמלט. ער האָט זיך געפֿילט פֿאַרשולדיקט, אַנרי, און האָט זיך נישט געאײַלט

אַהיימצוגיין. אַרום איז געשטאַנען אַ רעש פון היציקע רייד. צווישן דעם רבל קנאָבעלעוויטש און צווישן דעם געוועזענעם מאַטראָס אויף אַמעריקאַנער און ענגלישע שיפן, דעם ברייטפּלייציקן ייד וואַסערמאַן, איז פאַרגעקומען מער־ווייניק אַזאַ דיאַלאָג:

— נו־שוין... נו־שוין... — האָט דאָס רבל מיט דער קליאַטשע־באָרד אָוועקגעמאַכט מיט די געלע, דאַרע הענט — איר האָט שוין, משלט אייך, דעם סאָציאַליזם... איר האָט שוין דעם קאָמוניזם... צי וועלן מיר שוין טאַקע אַלע געהאָלפן ווערן דערפון?... נו, און וואָס וועט ווייטער זיין?

— מ׳עט הוליען מיט שיקסעס... — האָט דער ברייטפּלייציקער מאַטראָס מיט די איינגעקוועטשטע פּענסנע און מיטן רויטן קאַרק געשאָטן זיך פון געלעכטער — לאָמיר עס נאָר דערלעבן...

אויף דער פאַרמאַכטער טעראַסע צו דער גאַס איז געזעסן די אייביקע סטודענטקע מיטן רויטן, פלאַמיקן קאָפּ, שטייף אָפּגעצויגן פון פאָרנט, מיטן בלויען בענדעלע פאַרבונדן אויף אַהינטער. די לאָקן און די לעקעלעך זענען געפאַלן אויף אירע האַלב־אָפּגעדעקטע אַקסלען, באַזייט מיט קלייענדלעך, פּונקט ווי איר רונדיק פּנים, מיט די מאַנגאָלישע קינען, צו־ברייטע און צו־פעסטע פאַר איר דינעם, מיטלוווקסיקן געשטעל. זי האָט אויפגעמאַכט אַ מויל ווייסע, געזונטע ציינער, און אין אירע גרינע אויגן איז געווען אַ לאַכנדיקער בליץ.

— בן־שושנים — האָט זי אים לאַכנדיק באַגעגנט — איר זייט גאָר־נישט אַזאַ פרייער גייסט, ווי איר מאַכט דעם אָנשטעל... מיר קענען זיך...

דער אומעטיקער מענטש מיטן לייבן־קאָפּ האָט מיט די פאַרגעלטע פינגער צעריבן דאָס פייער פון האַלבן סיגאַרעטל, פּאַוואָליע באַהאַלטן עס אין אויבערשטן קעשענקעלע, צוגעזעצט זיך אויף אַ שפּיץ שטול, געקוקט אויף איר פון אונטערן שטערן, אָן דעם געוויינלעכן פּאַטאָס און זיין בליק, אָבער מיט גרויס ערנסט:

— די עמאַנציפּאַציע פון דער יידישער פרוי ליגט נאָך אין פּענטעס... כ׳גלויב אויך נישט אין אייער פרייקייט, לאָטע...

— פאַרוואָס? — האָט זי זיך געשיט פון געלעכטער.

— דערפאַר, ווייל אין גרונט זוכט איר נישט מער ווי אַ חתן, און דווקא אַ לייטישן יונגערמאַן... מיט אַ סיטואַציע...

— נו־נו, לאָמיך הערן... — האָט זי זיך אַלץ געשיט פון געלעכטער.

— איר וועט סוף כל סוף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ זי... געבוירן אַ סך קינדער... מיט איין וואָרט — אַ יידענע...

— דאָס איז אַלץ, וואָס איר האָט מיר צו זאָגן?... און וועגן „פרייען גייסט" אייערן... וואָס איר פּרעדיקט...

מ׳האָט דערציילט, אַז זי האָט דאָ אַמאָל באַזוכט דעם פילאָזאָפישן
פאַקולטעט, האָט געזאָלט גרייטן עפעס אַ טעזע, אָפגעלייגט עס פון יאָר
צו יאָר, האָט נאָך דאָ אַלץ געלעבט ערגעץ אין די ביליקע סטודענטן־
האָטעלן אויפן סען־מישל, אָפגעזעסן אין די קינסטלער־קאַפייען אויפן
מאָנפאַרנאַס, געשפילט קליינע ראָלן אין אָרעמען יידישן טעאַטער. געווען
אַפילו, דערציילט מען, אַ מאָדעלקע. איר פייערדיקן קאָפ לאָקן האָט מען
טאַקע פון צייט צו צייט געקענט באַמערקן אַרויסשיינען פון אַן אָרעמער
ראַם אויף די קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען פון די מאָדערניסטן — די דיק־
לעכע, זינלעכע ליפן, דעם מאָנגאָלישן שניט פון אירע באַקן־ביינער, די
גרינע אויגן מיטן לאַכנדיקן בליץ אין זיי. זי האָט עס אַפילו אָפגעלייקנט,
אָבער אַלע האָבן געוווסט, אַז ס׳איז נישט קיין אַנדערע, ווי זי. מ׳האָט
אויך אונטערגעמורמלט וועגן איינעם אַ באַקאַנטן מאָלער, וועגן עפעס אַן
אַוואַנטורע. אָבער דאָס מאָל איז עס שוין געווען אַ האַלב־פאַרגעסענע זאַך.
זי האָט איצט אָנגעהערט צום קרייז פון די אַנאַרכיזירנדיקע אינטעליגענטן
און מיט בן־שושנים האָט זי אַלעמאָל ליב געהאַט סתם אַזוי פריילעך
דורכצוווערטלען זיך.

— קוקט אים אָן דעם בטלן... בן־שושנים... אַלע זענען זיי אָבער אַזוי...
די לאַנגווייליקע יידן...

דער פאַרפום פון אירע פאַלדן און קליידלעך — אַ זיסלעכער אַראָמאַט,
וואָס האָט דערמאַנט אין צוגעלעגן היי — איז אַנרין לאַנג שוין נאָכגע־
גאַנגען. נאָר צוליב איר פלעגט עס אים נאָך אַ סך מאָל פאַרטראָגן אַהער,
נאָר צוליב איר אפשר פלעגט ער זיך נאָכשלעפן דעם אומעטיק־פאַרטראָ־
גענעם מענטש. ער האָט זי עטלעכע מאָל באַמערקט און עפעס נישט גע־
וואַגט. אַצינד זענען זיי שוין געווען כמעט אַלטע באַקאַנטע. זי האָט געררוי־
כערט פון זיינע סיגאַרעטן, באַשטעלט די קליינע, איידעלע גלעזעלעך אויף
זיין חשבון און האָט גערעדט צו אים, דוכט זיך, גראָבלעך:

— קיין לידער שרייבסטו נישט?

— ניין. — האָט ער זיך אומשולדיק אַזוי ווי פאַרענטפערט.

— מאָלסטו אַוודאי.

— כ׳מאָל נישט.

— טאָ וואָסזשע... ווו, זאָג מיר, האָסטו גענומען אַזעלכע בלויע, אומ־
שולדיקע אויגן?... שרייבט נישט, מאָלט נישט... אויב אַזוי, האַלט איך
פון דיר... ווערסט ווייט אַוועקגיין... באַשטעל פאַר מיר אייז־קרעם... וואַניל־
שאָקאָלאַד...

זי האָט אים ענערגיש אַ נעם געטון אונטערן אָרעם און זיי זענען
אַראָפ צום בולוואַר סען־מישעל; אין דער צייט, ווען בן־שושנים איז דאָרט

ערגעץ, אין „לידאַ״, ווידער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן צווישן די געדיכט־אָנגע־שטעלטע שאַך־ און קאָרטן־טישלעך, אין בלויען רויך, וואָס איז אויפֿגע־גאַנגען צום סופֿיט, ביזן גרויען פּרימאָרגן.

אַנרי האָט געפֿילט, אַז ער באַדאַרף אפֿשר מער נישט צו גיין טרעפֿן זיך מיט אָט די לייט; און פֿונדעסטוועגן האָט עס אים אין נאָכמיטאָג ווידער אַראָפּגעפֿירט צום בולוואַר, צו דער קאַפֿע מיט די פֿאַרלאָפֿענע שויבן. און דאָ האָט ער אים איינמאָל אומגעריכט אָפּגעוואָרט אויף דער שוועל, בן־שושנים. דאָס מאָל האָט ער אים שוין, ווי ס׳וואָלט געווען אַן אָפּגערעדטע זאַך, מיטגערופֿן:

— קומט! מירן פֿאַרשפּעטיקן...

דער קאָפּ זיינער איז געווען טיף געזונקען. ער האָט שווער געשוויגן. דאָס טורעמל פֿון דער קליינער, גרויער שפּיטאָל־קאַפּליצע האָט אין כמור־נעם נאָכמיטאָג געקלונגען. פֿאַרן נידעריקן איינגאַנג צו דער זייטיקער גאַס זענען געשטאַנען אַ פּאָר איבערגעדעקטע שוואַרצע לויה־פֿערד. דאָס דינע רעגנדל האָט אויף זיי פֿויל געגאָסן. די פֿערד האָבן געדולדיק אַראָפּגעלאָזן די שווערע קעפּ. דערנאָך האָבן זיי לאַנגזאַם גערירט. ס׳איז געווען נישט ווייט פֿון דאַנען ביז צו די אָפֿענע טויערן פֿון פּער־לאַשעז. אונטערן פֿאַר־כמאַרעטן הימל, ביי דער קרעמאַטאָריע, האָט דאָס צונויפֿגעטוליעטע גע־זעמל לאַנג געוואַרט מיט אָפּגעדעקטע קעפּ. ס׳זענען געווען צווישן זיי צוויי פֿרויען, די עלטערע, אַ דינע, און די אַנדערע נאָך גאָר אַ יונגיטשקע, אין לאַנגן, שוואַרצן טראַכט, די פּנימער פֿאַרהילט. אַ קליינער, אַ בלייכער, ענלעך צו אַ פּאָפּ, מיט קנאָכיקע קינען, מיט לאַנגע, בלאָנדע קוטשערן צעוואָרפֿן אויף די אַקסלען, האָט עפּעס פֿאַרעקשנט געפּרעפּלט צו די צוויי פֿאַרהילטע פֿרויען.

בן־שושנים, דאָס קעלנערל אויפֿגעשטעלט, איז געווען הינטער אַלע־מענס פּלייצעס און לעבן אים — אַנרי. ער האָט דאָ גאָרנישט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין ווי אַזוי ער קומט פּלוצים אַהער. דורך דער באַריערע האָבן צוויי קירכע־דינער, אין לאַנגע, ווייסע כאַלאַטן, אויפֿגעהויבן זיך מיט דער פֿאַרהילטער וואַזע, אין וועלכער ס׳זענען אַוודאי געווען די רעשטלעך פֿון פֿאַרשטאָרבענעם. ס׳איז שוין דאָרט געווען אַ קליינע עפֿענונג אין דער וואַנט מיט די קעסטעלעך, מיט די פֿאָטאָגראַפֿיעס אונטער גלאָז. אַהין האָבן זיי זיך שוין מער נישט דערשפּאַרט.

דערנאָך זענען זיי אַלע אָפּגעפֿאָרן צום קליינעם וועגעטאַריאַנישן רע־סטאָראַן אויפֿן סען־מישעל. ס׳איז שוין געווען טונקל, אַ פֿאַרטראָגענער פּאַריזער אָוונט אין פֿרי־האַרבסט. די נעאָן־ליכטער האָבן רויט געמאַכט

דעם הימל. דורך דער שמאָלער טיר, אַרויפצוגיין מיט אַ טרעפּל, האָט זיך ביסלעכווייז צונויפגעקליבן אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע געזעלשאַפט אונטערן נידעריקן סופיט. אויף די ווייס־איבערגעדעקטע טישן האָבן געברענט הויכע, וועקסענע קירכע־ליכט. די געלע, וועקסענע שיין האָט זיך מאָדנע געלייגט אויף די רויע פּנימער פון ערד־קאָליר, אין האַלבן שאָטן. מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש אַלערליי געקאָכטע און צעריבענע געמיזעס און קריי־טעכצער — מייערן, קרויט, קאַרטאָפל, סעלערי, פּואַרע. פון ערגעץ זענען אויסגעוואַקסן אַ פּאָר פלעשלעך וואָדקאַ אויף די טישן. דער קליינער, דער לאַנג־האָריקער, ענלעך צו אַ פּאָפּ, וואָס איז געזעסן ביי דער זייט, האָט גערעדט מיט אַ באַסל צו דער פרוי, דאָס פּנים פאַרהילט אין שוואַרצן:

— אַנאַסטאַזיאַ וואַסילעווּנאַ, אַ גרויסער גייסט האָט זיך פון אונדז אָפּגעטיילט... ער באַלייכט אָבער אונדזער ערדיש, זינדיק לעבן...

און די פרוי אין שוואַרצן האָט נאָך איין מאָל קורץ אַ שלוכץ געטון אין טיכעלע אַריין.

איינער, מיט אַ נאַקעטן שאַרבן, ווי אַ געלער קירבעס, מיט לאַנגע, אַראָפּהענגענדיקע וואָנסן, האָט דאָרט הינטערן טיש געוואָיעט ווי אַ דיאַקל, האָט אַרונטערגעלאָזן אייך גלעזל נאָכן אַנדערן, האָט זיך פּלוצים אומגע־דרייט און דערזען ווי בן־שושנים שטייט צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און זויגט שווייגנדיק סיגאַרעטלעך.

— כ׳האָב „דאָרט“ געקענט אַ סך אַזעלכע יידישע אינטעליגענטלעך, ווי דו... — האָט ער געוויזן אויף אים מיט אַ דאַרן, שמוציקן פינגער און געכאָכאָטשעט — אַהאַ, כיטרינקע!...

עמיץ ביי דער זייט האָט אים באַלד פאַרמאַכט ס׳מויל, ער זאָל מער נישט פּלאַפּלען. ער איז שוין אַוודאי געווען גוט אונטערן גלעזל. אַנרי, הינטער די פּלייצעס פון בן־שושנים, האָט זיך באַצייטנס געשאַרט צו דער טיר. ער האָט שוין וואָס גיכער געוואָלט זיין אין דרויסן. אַ גרויסער אומעט האָט אים אויסגעפּילט. „אַזאַ נאַרישער“ — האָט ער נאָך אָפּגעריסן גע־קלערט. פון דער שטיקנדיקער ענגעניש, ביי דער טיר, האָט אים לאָטע פּלוצים לאַכנדיק אַ שטויס געטון איבער דער שוועל. ער האָט מער נישט געדענקט ווי אַזוי זי איז דאָ אויסגעוואַקסן. זי האָט זיך אַ שפּאַר געטון נאָך אים צום הויכן טרעפּל. זיי זענען ענדלעך געווען אין דרויסן און ער האָט טיף און פריי אָפּגעאָטעמט.

— וואָס, כ׳בעט אייך, קערן מיר זיך אָן מיט די־אָ? — האָט ער גע־פרעגט ביי איר, ממש פאַרצווייפלט.

זי האָט אים נישט באַלד געענטפערט, געלאַכט. דאָס פינצטערע געסל,

די לאַמטערן צעשטעלט אין די נישעס, האָט זיך געקייקלט באַרג־אַראָפּ, פאַר־
ביי די אויסגעלאָשענע טורעמלעך און זיילן פון פאַנטעאָן. זי האָט אים געפירט
אונטערן אָרעם, אָנדערצײלט אים עפּעס אַ קאָמישע געשיכטע פון אַ באַ־
רימטן מאָלער, וואָס האָט זיך געיאָגט צו מאָלן פון איר אַן אָריגינעלן אַקט
און ווי זי האָט נישט געוואָלט, ער זאָל איר אַפילו אָפּגילטן, בשום אופן
נישט; ווי ער איז איר נאָכגעקראָכן אַ לאַנגע צייט, נאָר זי האָט אים פיינט
געהאַט מיט זיינע שמוציקע נעגל, מיט זיין טיף־פאַרוואַקסענעם האַלדז,
מיט זיינע בלייכע, מאָגערע, יינגלשע אַקסלען.

דאָס געסל האָט זיך אויסגעלאָזן אַקוראַט ביים אַראָפּגאַנג צו די
טרעפּלעך פון דער סען. ס׳האָט שוין באַדאַרפט זיין נישט פרי. דאָ באַלד,
הינטער אַ בריק, האָט אַ נישט־באַלויכטענער לאַסט־דאַמפער אויסגעצויגן
אַ רעווע געטון. אין אַ טאַקסי האָט זי אים אַוועקגעפירט צום קליינעם,
צעקאָכטן זשורנאַליסט, הענדלער, אַ שטאַם־גאַסט פון „לידאָ“, ערגעץ
אין אַ געסל אַרום מאָנפּאַרנאַס. דאָרט איז געווען אַ דיוואַן, קישנס, קי־
שעלעך, אַ טעפּיך, די פאָרהאַנגען פאַרצויגן, דיסקרעט ליכט און פול אַרומ־
געזעצט. בן־שושנים איז דאָרט אויך פלוצים, מען ווייסט נישט פון וואַנען,
אויסגעוואַקסן. דאָרט איז געווען אַ קעלטער מיט פאַרשידענע געטראַנ־
קען. דאָרט האָט זיך עס ווידער פאַרצויגן ביז פאַרטאָג.

— ביסט אַ זיס יינגל... — האָט אים לאָטע צוריקוועגס, אין דער
טאַקסי, געמורמלט אין אויער אַריין — מ׳זאָגט, אַז האָסט אַ סך געלט...
ס׳איז אמת?

ער האָט נישט געענטפערט; איז געלעגן פאַרטראַגן, דעם קאָפּ אין
דער שויב, און געקוקט ווי דער הימל איבער פאַריז גרויט זיך.

— נעם מיך אַוועק פון די אַלע... — האָט זי זיך געבעטן.

— וווהין — האָט ער זיך צעטראָגן אומגעדרייט פון דער שויב —
זאָל איך דיך נעמען?

זי האָט אים פאַרפירט צו אַן אויסגעלאָשן מאַנסאַרדע־שטיבל, נישט
ווייט פון די געסלעך. מ׳איז געטרעטן אויף די שפּיץ־פינגער איבער אַ
סקריפּענדיקער שטיג. קיין ליכט האָט זי נישט אָנגעצונדן. איבערן אַוועק־
געשאַרטן פאָרהענגל האָט זיך אין פרימאָרגן־גרוי געגליטשט אַ פרעמדע,
טויטע לבנה. ס׳האָט דאָ געשמעקט מיט ביכער־שטויב, מיט נישט־געוואַ־
שענע כלים, אָדער פאַרלעגענע וועש.

# 2

די זינדיקע מאַנסאַרדע־נעכט אויפֿן סען־מישעל האָבן אַנרין אָנגעפילט מיט אַ ווייטן אומרו פון שווערע פּאָרגעפילן. דער פלאַמיקער קאָפּ לאָטעס האָט נאָכאַנאַנד געברענט אין זײַנע קראַנקע חלומות, אין זײַנע קאָשמאַרן, אין זיין אויפגערודערט געמיט. וויפל מאָל ער האָט זיך נישט צוגעזאָגט מער נישט צו גיין אַהין, האָט ער פאַרנאַכט־צייט אומגעדולדיק געבליקט אויפן זייגערל, פאַר די אויגן האָט זיך אים אַוועקגעשטעלט אַ הייסע בלענדיקייט, ס'איז אים טרוקן געוואָרן אין מויל, ס'האָט אים ווידער נאַריש פאַרלאָקט.

כאָטש ער האָט שוין איצט, דוכט זיך, באַדאַרפט צו זיין ווייט פון די אַלע, האָט זיך אָבער פאָרט דער אומרו פון אים נישט אָפּגעטון; ס'וואַרעמע, באַקוועמע הויז, די ליכטיקע צימערן — דאָרט האָט ער געקענט זיין נאָר מיט זיך אַליין, מיטן נידעריקן דיוואַן, מיט זיין ביבליאָטעק, מיט די סטאַטועטקעס און בילדער, מיטן מאַסיוון שרייבטיש, מיטן אָוונטיקן לאָמפּ אונטער דיסקרעטער שיין, מיט זיינע מחשבות און נאָכטראַכטענישן, ווען הינטער ווייטע טירן האָט זיך אויפגעכאַפּט דער וואַכעדיקער טאָג־גערודער.

ווייל דאָס „הויז" איז שוין כמעט איצט געגאַנגען פון זיך אַליין, אי דאָ, אי אין זייערע אַמאָליקע דריי פינצטערע פאַרטער־שטיבלעך אויפן בעלוויל. מענטשן זענען אין די הייסע סעזאָנען געזעסן, געקלאַפּט מיט די מאַשינען, געשניטן באַלן שטאָפן, געברענגט און געליפערט. ער האָט פלינק אויפגעכאַפּט די מאָדעלער, צו דער ריכטיקער צייט געוואָרפן זיי אויפן מאַרק, פאַרן געלט, וואָס איז לייכט געפלאָסן דורך זיינע הענט, האָט ער נישט, ווי די אַנדערע, נאָר געפרעסן, נאָר אָנגעטון זיך אין די פאַרכאַפּנדיקע שטעטער, אויפצורייסן די אויגן ביי לייט, נישט באַהאָנגען זיך מיט די שווערע, מאַסיווע צירונגען, נישט פאַראַדירט אין די קאַזינאָס פון די באַרימטע קורערטער און פּלאַזשעס. ער איינער האָט גוט געוווסט, אַז ס'געלט איז נישט זייערס, אַז דער גאַנצער סיסטעם דערמעגלעכט עס אים, אָבער אויפן חשבון פון וועמען, פרעגט זיך ?...

ס'איז אַלץ געווען די נאָגנדיקע נשמה־פוסטקייט אין אים, ער האָט זיך אין ערגעץ קיין אָרט נישט געפונען. אָט איז ער געזעסן הינטער דער אָפּגעטיילטער גלאָז־וואַנט; די טעלעפאָנען האָבן פאַרגלישעט די אויערן; ער האָט מיטאַמאָל אַ שטויס געטון פאַר־זיך די טיר, וואָס האָט, האַלבגעעפנט, אָנגעמאַכט אַ קלינגערײַ איבער אַלע ווייטע שטיבן, און צעחושט אַראָפּגעלאָזן זיך די דריי שטאָק שטיגן; איז דערגאַנגען ביזן ראָג, גאָר־

נישט געזען אַפילו ווי ער איז אַריין אין דעם ביסטראָ־טאַבאַק; און ווען דער גאַרסאָן איז באַלד אונטערגעקומען, געפרעגט וואָס ער וויל טרינקען, האָט אים אַנרי אָנגעקוקט מבולבל, געשטאַנען אָנגעלענט אין צינק און נישט געדענקט מער ווי אַזוי ער קומט גאָר אַהער. יענער איז דערווייל אַנטלאָפן באַדינען אַנדערע. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעטל, געגעבן אַ פּאָר ציִ, באַלד אַוועקגעשמיסן עס. איז צוריק אַרויף די ברייטע, ציכטיקע טרעפּן מיטן אויסגעלייגטן דיוואַן. פאַרן בליק האָט אים אַ שווינדל געטון די באַלויכטענע ווינדע. עמיצער האָט זיך אויפגעהויבן, און איידער נאָך ער האָט אויפגעמאַכט די טיר אויפן דריטן שטאָק, איז מען אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— מעסיע אַנרי... — האָט מען אין אים הייס אַריינגערעדט — דער שטאָף אייערער... איר ווייסט... דער מיטן רויטן פּאַסיקל, האָט אָנגענומען... גייט אַרויס אויף די בולוואַרן, וועט איר זען, ווי ס'טוט זיך חושך... מ'אביידע אַזוי לעבן...

ער האָט דאָרט עפּעס אַ מורמל געטון, געגעבן צו פאַרשטיין דאָס און יענץ און איז באַלד צוריק אַנטלאָפן הינטער דער שויבן־וואַנט. ס'מיידל האָט אויפגעהויבן דאָס מילך־ווייסע טעלעפאָן־טרייבל, געענטפערט קורץ, געשטופּט עס אים אין דער האַנט אַריין: עפּעס אַ קליענט פון דער פּראָ־ווינץ... מאָדעלער... מאָסן... שטאָפן... וואָס ווילן זיי פון אים, וואָס? צי איז ער דען נישט גליקלעכער געווען, ווען די מאַשין האָט זיך דאָרט, אין די ענגע שטיבלעך אויפן בעלוויל, געטרייסלט אונטער זיינע פלינקע הענט און פיס, ווען די מאַשינערס, די פּרעסערס, די מיידלעך, די „הענט", האָבן זיך אין דער ענגער אַטעליע געוויצלט, געלאַכט און געזונגען? די נשמה־פוסטקייט האָט נישט אָפּגעלאָזן, געדריקט, ביז די פיס האָבן אים אַליין נישט צוריק פאַרפירט צום אַלטן בעלוויל. דאָרט איז ער צוריק געווען ביי זיך, מיט זיך, צווישן די איינגעבאַקענע, היימישע געסלעך.

ס'איז לאַנגווייליק געווען אין די קאָפּעס אויפן רעפּובליק. וועגן וואָס, פרעגט זיך, האָט מען דאָרט אַזוי פיל געשמועסט? — וועגן סעזאָן... וועגן אַ ביסל שטאָפן... פון צייט צו צייט האָט דאָרט איינער אויפגעזונגען וועגן „אַמאָל", ווי „מ'האָט געקעמפט"... און האָט געלאַכט, געהאַלטן זיך ביי די זייטן פון געלעכטער, דרייענדיק מיט די שווערע רינגען אויף די האָריקע פינגער. זיי האָבן נישט קיין צייט געהאַט צו ברענגען אין אָרדענונג זייערע קראַנקע ציינער; זיי זענען אומגעדולדיק זיצן־געבליבן אין פאָדער־צימער ביי אַ ספּעציאַליסט, נאָכאַנאַנד געקוקט אויפן זייגערל; זענען לסוף — ביי זייער גאַנצער חכמה און דורכגעטריבנקייט — אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דאָקטוירים־שאַנטאַזשיסטן, וואָס האָבן זיי פאַרפירט, געהאַלטן אין איין

ציען ביי זיי ס׳געלט... האַרץ־קראַנקייטן... לעבער־קראַנקייטן... און מ׳האָט זיך אַלץ געיאָגט, עפּעס חלילה נישט צו פאַרשפּעטיקן.

די אינטעלעקטועלע, די „פרייע גייסטער״, וואָס האָבן זיך געדרייט אין די זעלבע קאַפעס, זענען געווען צעחושט, האָבן נישט געוווסט צו וואָס פריער צו כאַפּן זיך. אַלערליי בענקשאַפטן האָבן זיי נאָך געשטיקט. אָט זענען זיי געווען קאָסמאָפּאָליטן, פאַרביסענע אינטערנאַציאָנאַליסטן; און אָט זענען זיי ווידער אַריינגעפאַלן אין ערגסטן נאַציאָנאַליזם, אין שאָוויניזם, זיי זענען געוואָרן לייכט־קויפבאַר, האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אַרום זיך אַליין.

אַנטלויפן פון דעם אַלעמען, אַוועקגיין, צוריקקערן זיך, איבערלאָזן זיי דאָ, האָט אַנרי אויך מער נישט געקענט — אַ שטוב מיט קינדער, דער אַלטער איז שוואַך. זיי וועלן זיך אָן אים אַליין קיין עצה נישט געבן. ס׳וועט אַלץ אונטערגיין. „דאָס איז די רעאַליטעט, ברודערקע — האָט ער צו זיך אַליין נישט איינמאָל געזאָגט — וועסט פון איר אַזוי לייכט נישט אַנטלויפן. אָבער אינגאַנצן אונטערגעבן זיך וועל איך אויך נישט״.

דערפאַר האָט עס אים צוריק אַ ציִ געטון צום בעלוויל, צו דער חברה פון אַרומגעשליסענעם אַרבעטסלאָזן קלוב, צו די צוויי קליינע מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט ביי אים בגנבה, אָן „פּאַפּירן״. דאָרט האָט ער זיך דערפילט נאָענט צום אייגענעם געוויסן, כאָטש ער איז נאָך דעמאָלט אַלץ בלינד נאָכגעגאַנגען דעם אומעטיק־פאַרטראָגענעם מענטש בן־שושנים. מען ווייס גאָרנישט וואָס פאַראַ כוח, וואָס פאַראַ מיסטישער גלויבן, ס׳איז געווען אין די שטילע, איינגעשפּאַרטע רייד זיינע, אינעם בליק פון אונטערן שטערן אַפּער. ס׳האָבן דער עיקר גערעדט צום האַרץ זיינע נעפּלדיקע רייד וועגן אומקערן זיך צו דער נאַטור. דאָס, קען זיין, האָט זיך אפשר איבערגערופן אין אַנריין מיט דער ווייטער ירושה פון דער מאַמע טעמערל, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ דאָרף, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געטראָגן מיט זיך די דאָרפישע פּשטות, די איינפאַכע פּראַקטישקייט. ווי פון אַ מדבר־נביא, האָבן געקלונגען איבער אים די רייד זיינע:

— ... אַ סך ווערטן, און אפשר אַלע, מוזן איבערגעשאַצט ווערן אין אָט דער דעמערונג־צייט... ווען אַלץ, וואָס ליגט אויף דער פלאַך פון מענטש, האָט פולשטענדיק קאַפּיטולירט... מ׳דאַרף איצט זוכן אין זיינע טיפסטע דימענסיעס... כ׳וואָלט אַזוי געוואָלט, אַז די איידעלע און אמת־זוכנדיקע גייסטער זאָלן עס פאַרשטיין... די געציילטע הערצער, וואָס קלאַפּן מיטן געפיל פאַר שיינקייט, פאַר דערהויבנקייט, פאַר די אידייען, וואָס גרענעצן זיך מיט שטילער אומענדלעכקייט... נאָר די נאַטור אַליין קען זיי אויסהיילן...

אַז ס׳איז פאָרט לאַנגווייליק געוואָרן מיט אים, מיט זיינע מאָדנע רייד,

וואָס האָבן ערגעץ געשוועבט אויבנאויף, איז אַנרי אַוועק, פאַרשוווּנדן, אָבער נאָך אַ וואָך און נאָך צוויי, איז ער אים ווידער געקומען אויפזוכן; ער האָט זיך עס אויך אַליין געמוזט מודה זיין — ער האָט ווידער שאַרף באַגערט לאָטען, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער טאָר עס נישט. איר פלאַמיקער קאָפּ האָט געברענט אין זיין געדעכעניש, אין זיין שווער, קראַנק געמיט. וויפל מאָל ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געפּרוווט פאַרצושטעלן זיך עס — ניין, ער האָט זיך עס נישט געקענט צואייגענען; זי איז געווען פּערפיד, פאַרפירעריש, הייס, ביז משוגעת און — הילפלאָז, ווי אַ קינד, אַז ס'איז פּשוט אַ רחמנות געווען.

אין דינעם רעגן האָט אַנרי געשפּאַנט איבערן בולוואַר, ווי אין אַ וואָלקן, און איז, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, ווידער שטיינגעבליבן ביי דער קאַפע מיט די פאַרלאָפענע שויבן. אָבער ער האָט בן־שושנים נישט געפונען. ער האָט אים אין דעם נאָכמיטאָג אין ערגעץ נישט געפונען; און האָט באַשלאָסן צו גיין אויפזוכן אים אין זיין מאַנסאַרדע. געגאַנגען איז ער מיט דער גאַס באַרג־אַרויף, איבער טרעפּלעך, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַלטן הויז אויפן הויכן מאָנמאַרטר. דאָרט, אויפן זיבעטן שטאָק, אַריינצוגיין דורכן הויף, אין דער מאַנסאַרדע אונטערן דאַך, האָט ער אין אַ טונקעלן, געדרייטן קאָרידאָר אָנגעקלאַפּט. ער האָט געאָטעמט שווער; ער האָט זיך פריער געענוי איינגעקוקט — יאָ, דער שליסל האָט געשטעקט אין דער טיר; נאָך אַ ווײַלע האָט ער דערהערט שלעפּנדיקע, לאַנגזאַמע טריט פון יענער זייט.

דאָ האָט ער געוווינט, בן־שושנים; דאָ האָט ער אין יענע יאָרן שטיל וועגעטירט אין זיין אָפּגעשלאָסנקייט. יעדן פרימאָרגן האָבן זיך אויפגעכאַפּט די שוואַלבן אונטערן אַלטן דאַך אויפן הויכן מאָנמאַרטר. אַ געפלעטע, געלע קאַץ, ווי אַ קליינער טיגער, איז מיט ווייכע, פאַרזיכטיקע שריטעלעך געיאַנגען צווישן די פאַרקאָפּטשעטע קוימענס און רינוועס, פיז איין אָפּגעשפּאַרטן דאַך־פענצטער אין אַנדערן. ס'איז געווען אַן אָרנטלעבע, יחסנישע, ראַסאָווע קאַץ; זי האָט נישט אָנגערירט די איבערגעדעקטע טעפּלעך, וואָס זענען דאָרט געווען צעשטעלט אויף די פּאַראַפּעטן, צווישן די פאַרדראָטעוועטע קעסטלעך און וואַזאָנעס. זי האָט זיך נישט נאָריש געיאָגט נאָך די פייגעלעך, כאָטש זי האָט זיי לאַנג און באַדאַכט נאָכגעפּאָרשט אין זייער פריילעכן פלאַטערן, מיט די בורשטינענע, האַלב־פאַרצוויגענע אויגן־שפּעלטלעך. זי האָט געלעבט בשלום מיטן קאַנאַריקל אין שטייגל, וואָס איז געהאַנגען אין דער קרומער פענצטער־ראָם, מיט די הינט, וואָס האָבן זיך דאָ אויפגעהאַלטן אין די שכנישע טירן. איר באַלעבאָסטע איז געווען דאָס שמאָלע מיידל מיטן גזשיווקעלע איבערן בידע־

ריקן שטערן, די „מידינעט", וואָס זינגט פון אונטערן פאָרהענגל מיט אַ קינדעריש־פאַלשער שטים די אומפאַרגעסלעכע סענטימענטאַלע לידער פון פאַריזער ברוק; זי איז אַליין אויך געווען אַ טייל פון דער פאַריזער לאַנד־שאַפט אויפן היכן מאָנמאַרטר, אין שאָטן פון די אָריענטאַליש־ווייסע קירכע־קופּאָלן פון סאַקרע־קער.

אין נאָכמיטאָג, אין דער שווערער חמימה אונטערן געבויגענעם דאַך, ליגט בן־שושנים אויפן שמאָלן, דאַרן בעטל, די אויגן האַלב־צוגעשלאָסן. דאָס ברודיקע פאָרהענגל איבערן דאַך־פענצטער טוט זיך אַפילו נישט קיין באַוועג. טויטע פליגן דרימלען דאָרט אין די שטויביקע פאַלדן. עס גייט אויף דעם גאַנצן נאָכמיטאָג די ראַדיאָ־הילכעריי פון אַלע אָפענע פענצטער אין פאַרשטיקטן הויפל, טיף ווי אַ ברונעם. דער מוח איז מיד, שווער ווי בליי, אַלע גלידער זענען מיד. ער שטרעקט אויס אַ בלייכע, האָריקע האַנט צו דער שטול דערלעבן, ווו ס'וואַלגערט זיך דאָס פּעקל „גאָלואַז", לעבן פול־אָנגעוואָרפענעם אַש־בעכער. ער צינדט אָן אַ סיגאַרעט און ס'דוכט זיך אים מיטאַמאָל, אַז ס'ווערט אים מיטן בלויען פלעמל, וואָס לויכט אויף צווישן זיינע דלאָניעס, מיטן אַראָמאַטישן רויך, בעסער. ער שווימט ווידער ערגעץ אַוועק. נאָר באַלד ווערט דער רויך ביטער, דאָס לעצטע עקל דער־ר'ויכערט זיך אַליין צווישן די פאַרסמאַליעטע פינגער. ער וואַרפט עס אַוועק און דרייט זיך האַסטיק אום צו דער וואַנט — אַ בלוילעכע, פאַרשטויבטע וואַנט מיט אָפּגעבליאַקעוועטע טאַפּעטן. צווישן די אַלטע דעסענס פון די טאַפּעטן רינט אַ טייכל אינמיטן אַ גרינער לאָנקע, אַ קלויסטער־שפּיץ מיט אַ האָן. אין די אויערן באַסעוועט אַ ווייט גלעקערן און ער פילט גאָרנישט, ווי ער דרימלט איין.

ווען ער מאַכט אויף די אויגן, גליט נאָך דער בלייכער שפּיץ פון סאַקרע־קער־טורעם אין פאַרנאַכט. אונטן, צווישן די שמאָלע, אַלטע געסע־לעך, באַוועגט זיך נאָך אַלץ דער פאַרביקער המון אַרום די ווינקל־ביסטראָס, עס גליען די געלע און רויטע נעאָן־ליכטער. דאָס מיידל אויפן ראָג בלאָזט דעם רויך פון אַ סיגאַרעטל. ער דערמאַנט זיך אין אַן אַנדער לעבן, אַ ווייט לעבן, פון דאָרט, פון אַמאָל. די פיס פירן אים אונטער די מעטראָ־בריקן, צו אַן אַרומגעשיילטן יידישן קלוב, צו אַ פאַררויכערטער קאַפע, צווישן אַלטע האָטעלן און געדיכט־באַזעצטע הייף, ווו ס'ווינען יידן, שניידערס.

באַלד אין דער ערשטער צייט, ווען ער איז אַריינגעפאַלן אַהער, האָט אים דאָ איינמאָל אומגעריכט אָפּגעוואַרט אונטן, אויפן טרעפּל, ס'מיידל מיטן פאַרשוירענעם גזשיוועקעלע, די „מידינעט". ער האָט זי באַלד דערקענט פון דער קרומער פענצטער־ראַם קעגנאיבער זיין דאַך־פענצטער. מיט איר ביליק, איינגעצויגן קליידל אַרום דער שמאָלער טאַליע האָט זי אויסגעזען

נאָך גאָר ווי אַ מיידעלע. זי האָט לאַנג און פריילעך עפּעס אַריינגערעדט אין אים, געלאַכט, געלאַכט אָנגענומען אים ביי זיין בלייכער, אויסגעצערטער האַנט און אים געפירט נאָך זיך. ס'איז געווען אַן ענלעכער דושנער פאַרנאַכט אויפן הויכן מאָנמאַרטר. זי האָט אים געפירט מיט די שטיגעלעך, צווישן הויכע ווענט, ווו ס'האָבן אַרויסגעשטעקט אַלטמאָדישע לאַמטערן און ווילדע פלאַנצן האָבן געשפּראָצט פון די שפּאַלטן. זי האָט אים ווי אַ קינד באַשיצט פון די שאַרפע אָפּהאנגען ביי די אייזערנע פאַרענטשעס. אַ גערטל מיט בענק און ביימער איז דאָרט, ערגעץ הויך, געהאָנגען האַרט הינטער די ווענט פון סאַקרע־קער. ער האָט נישט פאַרשטאַנען אַלץ, נאָר אירע ווערטער האָבן געקלונגען ווי פאַרשטיקטע מוזיק פון האַוואַאישע גיטאַרעס; ווי אַלץ דאָ האָט אים אין דער ערשטער צייט אויסגעקוקט אַזוי פרעמד, ווייט, עקזאָטיש, כמעט אָריענטאַליש.

און געווען איז זי בלויז אַ קליין, בלייך מיידל, אַ שניידערין, אַ „מידינעט“. ווי ער, האָט זי געוווינט אונטערן הויכן דאַך, אין אַ מאַנסאַרדע, מיט אַ געל קאַנאַריקל אין אַ שטייגל, מיט אַ געלער קאַץ, מיט הענגענדיקע וואַזאָנען־טעפּלעך איבער די שמאָלע פּאַראַפּעטן צווישן די דעכלעך. זי האָט אים גערופן „שערי“ און האָט געלאַכט קינדעריש מיט די שיטערע ציין אין איר קליין, ראָז מויל. ער האָט געקוקט פון דער זייט מיט זיין שוואַרצן, פלאַמיקן לייבן־קאָפּ, מיט זיין פאַרטראָגענעם שמייכל. אין זיינע אויגן איז געזעסן דער פּאַריזער פאַרנאַכט; ס'מאַרינאַרקעלע אויף זיינע לענדן איז געווען אויסגעוואַקסן. ער האָט אַלץ געשמייכלט; כמעט נישט גערעדט און האָט קוים פאַרשטאַנען, אַז זי בעט אים ער זאָל לייענען פון זיינע פּערזן. ס'קליינע מיידל איז געזעסן צוגעטוליעט צו אים, האָט געהערט, געהערט, געפּאַטשט מיט די מאָגערע הענט, אונטערן שטראָם פון ווייטע, מוזיקאַלישע קלאַנגען, פון אַ שפּראַך, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל אין איר לעבן נישט געהערט. זי האָט אָנגענומען זיין בלייכע האַנט צווישן אירע קליינע, וואַרעמע, צעשטאָכענע פינגער און האָט שטיל, מיט אַ קינדעריש־פאַלשער שטים געזונגען דאָס ליד פון פּאַריזער ברוק, וועגן אַ ווייטן פרילינג און וועגן אַן אומגליקלעכער ליבע.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. אין דעמפּיקן פאַרנאַכט האָט זיך אַזוי קלאָר אַרויסגעשניטן פאַר אים „די וועלט, וואָס עקזיסטירט נישט מער“; ער האָט געהערט אַמאָל צו אַ וועלט, ווו ער איז פונדעסטוועגן נישט געווען אינגאַנצן קיין איבעריקער. אויב ער האָט שיין געהונגערט, שיין אימיטירט דעם פּאָעט, וואָס איז אַ ביסעלע שווינדזיכטיק, ווי ס'איז דאָרט דעמאָלט שטאַרק געווען אין דער מאָדע, געוואַלגערט זיך אין ענלעכע מאַנסאַרדעס, דאָרט, איז אָן שום ספק געווען דערין אַ גרויסער זין; ער

האָט געליטן, האָט זיך אים געדוכט, פֿאַר עמיצן. טיף אין אים האָט אַלץ געוואַרעמט דאָס נישט־געבוירענע טרייסט־וואָרט: „... און ער האָט געהונגערט... אין יענע פֿינצטערע סאָציאַלע באַדינגונגען... אַ נישט־דערשאַצטער... אַ נישט־פֿאַרשטאַנענער... אָבער זיין ווערק...“

אַפּילו אַזאַ זינלאָזיקייט אָבער האָט דאָ ביסלעכווייז פֿאַרלוירן דעם זין. קיינער האָט עס אים נישט געזאָגט, אָבער ער האָט געפֿילט, אַז מען לאַכט אים צוביסלעך אויס הינטער זיינע פּלייצעס. ביי אָט דעם פֿרעמדן מיידל, וואָס האָט נישט פֿאַרשטאַנען זיין לשון, האָט זיך אים געדוכט צוריקצוגעפֿינען דעם זין. זי איז געווען פּשוט און גאַנץ, ווי אַ געזונטער עפּל אויפֿן בוים. זי האָט זיך אים אַוועקגעגעבן אינגאַנצן. זי האָט געפֿלאַטערט מיט זיין פֿרייד, געווען אומרואיק מיט זיין אומרו. און ווען זי האָט אין פֿאַרנאַכט אַ פֿאַרשאַר־געגעבן ס'פֿאָרהענגל איבערן דאַך־פֿענצטער, איז ער שוין פֿון לאַנג געשטאַנען אַ פֿאַרטייעטער הינטער דער געבויגענער וואַנט און זי אָפּגעוואַרט. ער האָט באַלד אַ פֿאַרשליס געטון די טיר און אַראָפּגעלאָזן זיך די שטיגן. די פֿאַרנאַכטיקע גאַס האָט זיך געדרייט פֿאַרן בליק. די נעאָן־פֿייערן האָבן פֿאַרבלענדט.

אָבער דאָס איז געווען שוין לאַנג. ס'מיידל איז מיט דער צייט ערגעץ פֿאַרשוווּנדן פֿון דער מאַנסאַרדע, כאָטש די געלע קאַץ און ס'קאַנאַריקל אין שטייגל זענען דאָ נאָך אַלץ פֿאַרבליבן. ער האָט, ווי אַלעמאָל, געבלאָנדזשעט אויפֿן פֿאַריזער ברוק, געהונגערט, אויסגעבעטן אַ סיגאַרעטל, געלאָזן זיך איינלאַדן צו אַ ייד, אַן אַרויפֿגעאַרבעטן שניידער, וואָס האָט גערעדט שווערע, שטומפּיקע רייד וועגן עפּעס אַ ביכל. ס'זענען געווען פֿרעמדע, זאַטע טישן. ער איז אַריינגעפֿאַלן אומגעריכט. ער איז געווען קאָמיש־שטייף, געברענגט בלומען פֿאַר דער באַלעבאָסטע פֿון הויז, פֿאַרשעמט געמאַכט קאָמפּלימענטן דאָס דאַרע, אויפֿגעשאָסענע מיידעלע פֿאַר איר שפּילן אויף דער פּיאַנע, כאָטש דאָס קלאַפּן איבער דיביינדלעך האָט געגרילצט אין די אויערן. דער ייד איז געווען פֿאַרפּלאָמט אויפֿצונעמען אַזעלכע וויכטיקע געסט ביי זיך אין הויז.

אין דער היימישער קאַפֿע „לידאָ“, ביי אַ טישל, האָט ער צוריק אויפֿגעלעבט, פֿאַרגעסן זיך איבער אַ פּאַרטיע שאַך, איבער די קאָרטן־טישלעך. שפּעט ביינאַכט, פֿאַר דער לעצטער מעטראָ, האָט מען זיך אַרויסגעשאָטן אויפֿן ליידיקן טראָטואַר. ס'האָט געצויגן אַ ווינט. דעם קאָלנער אויפֿגעשטעלט, איז ער פֿאַרשוווּנדן אין מעטראָ־איינגאַנג און איז ערגעץ אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן אין אַ זייטיק, פֿינצטער געסל אויפֿן הויכן מאָנמאַרטר.

אַנרי און בן־שושנים זענען דאָס מאָל לאַנג געזעסן אויפֿן איינגעפֿאַלענעם טאַפּטשאַן, אונטערן געבויגענעם סופֿיט, פֿול מיט שפּינוועבס, מיט

טויטע פליגן, מיט שטויב, געזויגן סיגאַרעטלעך, אָנגעוואָרפן פול דעם אַש־בעכער.

— ניין, כ׳פאַרשטיי נישט... — האָט זיך אַנרי אַרומגעקוקט — צי איז עס דען אַ לעבן אַזוי?

— כ׳האָב נישט מער ווי איין לעבן... — האָט בן־שושנים אַוועקגעמאַכט — עט...

— אַנדערע זאָגן — האָט זיך אַנרי נישט געקענט שענקען — מיר ווילן מער פון גאָרנישט וויסן, לאָמיר לעבן ווי אַלע. די פראַנצויזן זענען אַן איידל, קלוג פאָלק מיט טיפער לעבנס־חכמה. נאָכוואָס זיך אויסטיילן פון אַלעמען? די אַנדערע ווידער — נישט דאָ איז אונדזער היים... מיר דאַרפן שטרעבן צו דער היים פון אונדזערע אבות... צוליב וואָס זענען מיר דען געלאָפן אין דער גרויסער וועלט אַריין? צוליב אַוואַנטורע? קוק זיך גוט צו... די עמיגראַנטן... אָן דער שפּראַך אין מויל... מיט פרעמדע געוווינהייטן און זיטן... מיט אַ פרעמד לעבן... האַלבע מענטשן... צערי־סענע... פּרץ האָט גערעדט וועגן פאָלק... אָבער וועלכעס פאָלק האָט ער דען געמיינט? ס׳פאָלק, וואָס האָט געדיכט געגעסטיקט אין אונדזער גרוי־סער אָרעמקייט... פאָלקס־מאַסן... אַרבעטער־מאַסן... ס׳קלינגט, דוכט זיך מיר, פאַלש אין אונדזער מויל... אָדער מען רעדט וועגן אונדז מיט הומאַ־ניטאַרן רחמנות, אָדער מיט אָפענעם ביטול... מיר זענען שפּליטערס פון אַ פאָלק, וואָס איז קיינמאָל קיין פאָלק נישט געוואָרן.

פון בן־שושנימס רייד איז אים אָבער קיין סך קלאָרער נישט געוואָרן. יענער האָט נאָך אַלץ גערעדט ווי דער פאַרבלאָנדזשעטער מדבר־נביא, מיט אַ שט״ם, ווי פון אַ פאַס אַרויס:

— כ׳פיל, אַז דער מענטש האָט זיך פאַרפּלאָנטערט... דער אמתער תוך פונעם לעבן, איז דער גאַנג צו זיך... דער אייביקער גאַנג צום מקור, צום קאָסמאָס... און דאָס ווערט אינגאַנצן אַרויסגעלאָזן פון אונדזער גייַ־סטיק אויג...

— פאַרוואָס, זאָג מיר, פאַרנעמען זיך מיט אַבסטראַקציעס און נישט פּרווון פּראַקטיש עפּעס צו ענדערן, עפּעס צו ראַטעווען? — האָט אַנרי גערעדט מיט האַרץ — קוק אָן מיינע הענט, זיי רוען נישט, זיי בייסן מיר. כ׳וויל עפּעס טון. מיר חלומט זיך אַ מוסטער־ווינקל פון געציילטע... אַ ווינקעלע ערגעץ אויף דער פרייער נאַטור... מען זאָל לעבן צוזאַמען... אַ געמיינזאַמע גייסטיקע היים... צו דערגראָבן זיך, צו פאַרשטיין דעם גרויסן בלויז אין אונדזער עקזיסטענץ... די פּוסטקייט אין דער נשמה... עקספּערימענטן זענען נייטיק...

בן־שושנים האָט לאַנגזאַם און שווער געשאָקלט מיטן שויבערדיקן לייבן־קאָפּ אויף זיין קורצן, קרעמפּן האַלדז, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אויפגעריסענעם העמד, פון דער שטאַרק־באַוואַקסענער ברוסט. ער האָט אָפּגעקלאַפּט דעם אַש פון איבער אַ האַלבן סיגאַרעט, וואָס האָט זיך דערווייל אויסגערויכערט צווישן זיינע פאַרגעלטע פינגער, געקוקט פון אונטערן שטערן מיט אַ בוימלדיק־פאַרנעפּלטן בליק.

— ס'איז אַן אידיי, בחור... — האָט ער געקוקט אַראָפּ און אים לייכט געקלעפּלט אין דער פּלייצע — ס'איזווירקלעך אַ גרויסע אידיי...

וועגן לאָטען האָט ער נאָך דאָרט צולעצט קורץ אַ מורמל געטון, פאַר־שטיקט, דוכט זיך, אַ ביסל איראָניש:

— זי האָט זיך, ווייסט איר, נאָכגעפּרעגט אויף אייך, בחור... פאַרוואָס מען זעט אייך נישט... כ'האָב אייך פונדעסטוועגן נישט געהאַלטן פאַר אַזאַ נאַאיוון...

אַנרי איז דאָס מאָל אַוועק פון אים נישט וויניקער צעבראָכן ווי פריער, אָבער פּאָרט אַן אויסגעהיילטער, אַן אויסגעלייטערטער. ער האָט שוין איצט געזען, אַז ער וועט מיט דעם אומעטיק־פּאַרטראָגענעם מענטש אין ערגעץ נישט דערגיין. אַ שאָד די רייד, די הייסע, פאַרפלאָנטערטע רייד. מער ווי אַלעמאָל האָט אים די גאַס אויסגעוויזן פרעמד. די אָוונט־פייערן זענען זיך צעשוווּמען פאַרן בליק. ס'האָט אים ווידער אַ טראָג געטון צו לאָטען. ער האָט זיך עס אַליין געמוזט מודה זיין — ער איז נאָך אַלץ נישט געווען אינגאַנצן אויסגעהיילט. ער איז געגאַנגען צו איר. אָבער דער באַ־שלוס איז ביי אים געווען אַ פאַרטיקער. די אומבאַשטימטע פלאַטערן זענען מיטן אָנצינדן זיך פון די נעאָן־פייערן אויפן בולוואַר אַוועק. זיין שאָטן האָט זיך דורכגעשלייכט די גאַס. ווי ער וואָלט אָבער די גאַנצע צייט גע־פילט, אַז ער שפּילט זיך מיט פייער. שטיל, כמעט אָן אַ קול, האָט נאָך דאָרט בן־שושנים געבעטן ביי אים צולעצט, אויב ער האָט נישט אַ מאָל ביי זיך אַ קליינע פּאָר פראַנק; און צווישן די שווידערנדיקע ציינער האָט ער געלאַכט אין זיך אַריין אַ שטיל געלעכטער: „כ'האָב אייך אָבער אַנומלטן געהאַט געזאָגט, בחור"...

ס'איז געווען פאַרנאַכט. לאָטע האָט אַ פאַרשאַר געטון ס'קורצע פאַר־הענגל איבערן אַלטמאָדישן קראַטן־פּענצטער. איר בליק האָט געבלאָנ־דזשעט אין דער נידער, איבער די שפּיציקע דעכער, צו די ווייטע בריקן אויף דער סען. זיי זענען שוין געווען פאַרשוווּמען אין לייכטן, בלוילעכן טומאַן פון פרי־האַרבסט. ס'האָט זיך אַ רגע געדוכט, אַז דאָס קופּערנע גאָלד פון די ביימער אין דער אַליי גיסט זיך אין דער שיינער דעמערונג צונויף מיטן שויבער פון איר פלאַמיקן קאָפּ, וואָס ברענט אין דער פאַר־

נאַכטיקער שויב. זי האָט געוואַרט; זי האָט דאָס מאָל לאַנג און אומגעדולדיק געוואַרט, ווי אַ לאַנג־פאַרגעסענע מאַרקיזין האָט דאָ אפשר אַמאָל געפלעגט אָפּצוואַרטן איר ריטער. ס'קליינע ווייזערל פון ביליקן, אָפּגעריבענעם האַנט־זייגערל איז שוין מיט היפשע עטלעכע צענדליק מינוט געהאַט אַריבערגעשפּרונגען די געווײַנלעכע שעה און ס'האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהערט זיין פאָרזיכטיקער גאַנג איבער די טרעפּן פון אַלטן הויז, זיין פאַרשעמט אָנקלאַפּן.

„אַ יינגל... אַ זיס יינגל, פונדעסטוועגן... — האָט זי פויל דערטראַכט — צו וואָס וועט עס אָבער דערפירן, אַז ער גלויבט זי נישט?... ווי אַ יונג, דערשראָקן מיידל, גלויבט ער זי נישט"... זי האָט ס'ערשטע מאָל מיט פאַרדאַכט אַרומגעבליקט די אָרעמע ווענט פון פאַרשטעקטן צימערל, וואָס איז געלעגן ווי אַ פויגל־נעסט אונטערן דאַך פון אַלטן הויז, און צוריקגעוואָרפן זיך צום פאַרגלעטן טאַפּטשאַן. אירע פלאַמיקע שויבערן האָבן זיך פונאַנדערגעשאָטן איבערן געבלימלטן צודעק. „אַז אַפילו פאַר זיין מאַמען פאָרכט ער זיך פאָרצושטעלן... שווייגט און רויכערט נאָכאַנאַנד"...

מיט אַ פוילער באַוועגונג האָט זי אַרויסגעצויגן פון דער פאַרשטויבטער עטאַזשערקע צוקאָפּנס אַ דין בענדל פּאָעזיע, דעדיקירט פון עפּעס אַ צעדרייטן פּאָעט אויפן מאָנפּאַרנאַס פאַר איר פלאַמיקן קאָפּ, פאַרן גרינעם בליק אין אירע אויגן, און אומגעריכט באַמערקט אויפפינקלען דעם קליינעם בריליאַנט אויפן פינגערל ביי איר, אין אָפּגעבראָכענעם שטראַל, וואָס האָט זיך פאַרגנבעט פון אונטערן פאָרהענגל; דאָס פינגערל, וואָס אַנרי האָט איר שעמעוודיק געברענגט און אָנגעטון איר אויפן פינגער, דעמלט, אין די ערשטע וואָכן... ווען ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט־דרייסט נאָכגעשלעפּט בן־שושנים און נאָכגעקוקט זי ממש מיט פאַרצווייפלטע אויגן. אין זיינע שניידערישע געשעפטן, אינעם „הויז" אַרום די גרויסע בולוואַרן, איז ער אַוודאי נישט אַזוי אומדרייסט, ס'נאַרישע יינגל. אידייען מאַטערן זיין קאָפּ... ער איז נישט פון די געווײַנלעכע, דאָס איז זיכער... אָבער ער נעמט עס טאַקע אַלץ ערנסט...

און ווען זי האָט ענדלעך דערהערט זיינע שטילע, נישט־דרייסטע טריט איבער די אַלטע טרעפּן, איז זי אַ רגע פאַרבליבן ווי אָפּגעשטאָרבן, פאַרציטערט. ס'ערשטע מאָל איז זי מער נישט געווען ציניש, אויסלאַכעריש, האָט נישט געהאַט צו טון מיט איינעם פון די צושטייענדיקע האַלבע קינסטלער און האַלבע בראָדיאַגעס, וואָס קריכן נאָך, פאַרפאָלגן מיט פייערלעכע רייד און שיינע טעאָריעס. זי האָט זיי קיינס מער נישט געקענט ליידן, האָט זיי לסוף געפונען לאַנגווייליק און — שלעפּערס. ס'האָט זיך איר אָנגעהויבן דוכטן, אַז מיט אַנרין איז זי ערגעץ צוגעשווומען צו אַ

ברעג אין דעם גרויסן, פאַרלוירענעם פּאַריזער הו־האַ. ער רעדט נישט. ער שטיקט זיך מיט די רייד. ס'האָט זיך איר אויך איבערגעגעבן עפּעס פון זיין אומרו, פון זיין אומדרייסטקייט; ס'האָט איר אַפילו געגומען פאַר־דריסן, וואָס זי האָט זיך אים דעמאָלט אַזוי לייכט, אַזוי לייכטזיניק איבער־געגעבן, ווי עפּעס אַ נאַרישע גימנאַזיסטקע, אַ פלאַפּלערקע, אַן אַרומלוי־פערקע; וואָס דערמיט האָט זי אים אפשר דערווייטערט פון זיך, און וואָס ער וועט אַלץ נישט קענען איבערטראַכטן וועגן איר... ניין, ער איז נישט ווי די אַלע.

אויפן צווייטן, אָדער דריטן קלאַפּ האָט זי זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אומרואיקן טראַנס, איז אַליין געגאַנגען אויפשפּאַרן די נידעריקע טיר מיטן אַלטמאָדישן פאַררוקער. זי האָט פריער געלאָזן אָנצינדן דאָס מאַטע לעמפּל אונטערן אַבאַזשור צוקאָפּנס און אַזוי, פאַרוויקלט אין דיסקרעטן ליכט, האָט זי אים באַגעגנט אויף דער נידעריקער שוועל.

— כ'האָב שיעור נישט באַוויזן... — האָט ער עפּעס געשטאַמלט, פאַר־ענטפערט זיך.

זי האָט לאַנגזאַם אַוועקגעמאַכט מיט דער אָפּגעדעקטער האַנט דעם לאָק איבער די אויגן, מער נישט געוואָלט הערן, צוריקגעוואָרפן זיך צום טאַפּטשאַן, ווו ס'האָט זיך נאָך געוואַלגערט דאָס אויפגעמישטע בענדל פּאָעזיע. זי האָט אים לאַנג און פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט; אירע גרינע אויגן האָבן לאַנג געקוקט אויף אים פונעם שויבער קופּער־רויטע לאָקן. ער האָט זיך נישט פריער געזעצט, ביז זי האָט אים אָנגעוויזן דעם סקריפּענדיקן פאָטעל, אַראָפּצולאָזן זיך.

— ביסט אַ יינגל... נאָך וואָס פאַרענטפערן זיך? — האָט זי לייכט אָפּגעזיפצט, שטיל, איבעררַאשט, פרעמד און אַזוי ווי מיט ווייטיק — ביסט מיר גאָרנישט שולדיק... די פאַרענטפערונגען... טויגן נישט. טאַקע, נאָכ־וואָס?

אין זיינע הייסע, פאַרבלויטע אויגן איז געווען פאַרוווּנדערונג, אַנגסט. ער האָט זי אָנגעקוקט — זי איז קיינמאָל נישט געווען די זעלבע, ווי דאָס לעצטע מאָל. אַ ניי פייער האָט אַלעמאָל געברענט אין איר.

— כ'וויל נישט... — האָט ער געשטאַמלט — כ'וויל נישט זאָלסט וויינען דאָ... אין דער מאַנסאַרדע... ס'איז נישט קיין ראָמאַנטיק... ס'איז מער נישט קיין צייט פאַר ראָמאַנטיק.

— טאָ נעם מיך אַוועק פון דאַנען! — האָט זי זיך אָפּגערופן אַזוי פּשוט און שטיל און ס'איז פאָרט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, געווען איראָ־ניע אין איר זאָג.

— אַצינד? ביי מיין קאָמפּליצירטער סיטואַציע? ווען דו ווייסט, לאָ־טע... כ׳האָב געמיינט, אַז וועסט מיר העלפן אַרויסקריכן פון דעם פּלאָנ־טער... צוריק ווערן אַ מענטש מיט אַ ריין געוויסן... צום סוף, זע איך, ווילסטו מיר נאָך מער פאַרפּלאָנטערן...

— אַבי כ׳האָב געמיינט ביסט נישט ווי די אַלע... לאַנגווייליקע יידן... די אינטעליגענטן...

ער מיינט עס טאַקע ערנסט, דער נאַאיווער; און ס׳איז איר פּלוצים אַ רחמנות געוואָרן אויף אים!

ער איז געלעגן אויסגעצויגן לעבן איר אויפן דיוואַן האַלב־אומגע־דרייט און געפילט, ווי די אומרואיקייט פון איר הייס לייב גיט זיך אים לאַנגזאַם איבער. זי האָט זיך אויפגעזעצט, אַ נעם געטון אים מיט צוויי פינגער, מיט די לאַנגע, גרעל־רויטע נעגל, ביי דער גאָמבע און אין אירע אויגן איז געווען דער זעלבער גרינער, לאַכנדיקער בליץ.

— ווייסטו כאָטש, קליין, נאַריש ייִנגל, אַז אינגיכן וועט דאָ אונטערן דאַך שרייען אַ קינד... דיין קינד... ס׳וועט זיך פאַרקייכן... ס׳וועט וואַרפן מיט די פיסלעך... ס׳וועט וויינען...

— ס׳איז אמת? — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי אַן אָפּגעבריטער, אויף זיינע ליפּן איז צעקרימט געוואָרן דער שמייכל — ווי אַזוי?... ניין, כ׳וויל נישט... זאָגסט ליגן...

— ביסט אַ נאַריש ייִנגל. מען דאַרף דיר אַלץ אַריינלייגן אין מויל אַריין... אָבער נישט מיר... כ׳ווייס מער ווי האָסט מיר דערציילט. כ׳ווייס, אַז האָסט שוין לאַנג דאָס געפיל צו פאַרענדיקן, אָפּצוהאַקן, צו דערמאָנען אַמאָל אַ קליינע אַוואַנטורע אין לאַטייניש קוואַרטאַל... צי איז עס דען נישט קיין ראָמאַנטיק צו קאָנסערווירן?... ס׳איז אמת, כ׳בין אַ פאַרבלאָנ־דזשעטע אין אָט דער פרעמדער וועלט. כ׳געהער אפשר גאַרנישט אַהער. דאָס פאַרשטייסטו אָבער נישט, קליין, נאַריש ייִנגל. כ׳ווייס, אַן אומצוטרוי פרעסט דיך...

ס׳איז אַלץ קלאָר געווען, ווייטיקדיק קלאָר.

— דו מוזסט אויסוויילן... — האָט זי זיך צולעצט, נאָך אַ לאַנגן שווייגן, אָפּגערופן.

דער ערשטער געדאַנק זיינער איז טאַקע געווען — אַוועקגיין פון שטוב, איבערלאָזן דאָרט אַלץ און אַוועק, אַוועקזעצן זיך ביי יענעם אין דער אַטעליע איבער דער מאַשין. ניין, אָבער דאָס וועט זי אויך נישט וועלן, די כיטרע. איר געפעלט דווקא דאָס, וואָס כ׳בין פאַרוויקלט אין גרויסע

געשעפטן... און ווידער האָט אים דער צווייפל געפרעסן, דעפילט זיך פאַר־פלאָנטערט, נישט אַרויסצוקריכן; און — דער מאַמעס טרויעריקער בליק אין איר צעקנייטשט פּנים איז אים נאָכגעגאַנגען, האָט אים קיין רו נישט געגעבן. „קינד... — האָבן זיי גערעדט צו אים — אויף וועמען לאָזסטו אונדז איבער ?... דער טאַטע איז אַלט און שוואַך... האָט אַ לעבן אָפּגעהאָ־רעוועט מפרנס צו זיין די משפּחה... שווער און ביטער אָפּגעהאָרעוועט... און אַצינד... די מיידלעך, וואָס וואַקסן אונטער"...

אָבער — לאָטע... צי איז זי דען נישט איינע פון די פאַרבלאָנדזשעטע אויפן פאַריזער ברוק ? און פונדעסטוועגן — וועט זי אים זיכער ווייטער טרייבן אויפן דאָזיקן וועג. דאָס זעט זיך גלייך — זי האָט צופיל געשמאַק פאַר שטעטער, פאַר די קליינע, קאָסטבאַרע מתנות, כאָטש אַליין פאַר־מאָגט זי גאָרנישט, אויסער דעם פלאַמיקן קאָפּ לאָקן און דעם רייץ צו פאַרפירן... און ער האָט זיך, מער ווי אַלע מאָל, געפאָרכטן פאַר איר. זי וועט אים איבערוואַקסן... זי וועט אין אַ שיינעם פרימאָרגן אַלץ נעמען אין אירע הענט אַריין... אָנמאַכן גרויסע צרות אין דער משפּחה... אַזאַ ווי זי באַדאַרף צו אַלעם פּעאיק זיין...

שפּעט ביינאַכט האָט זי אים שטום באַגלייט ביז צו די בריקן פון דער סען. זי איז געווען אין אַ לייכטן האַרבסט־מאַנטל, שמאָל־איינגעצויגן, אַ פלאַטערנדיקע. דער ווינט האָט צעשאָטן דאַרע בלעטלעך איבער זייערע קעפּ. זי האָט מער גאָרנישט פאַרלאַנגט פון אים.

— דו און בן־שושנים... — האָט זי זיך נאָך אָפּגערופן — איר פּאַסט זיך גאָרנישט איינער פאַרן אַנדערן... און אפשר... פּאַס איך זיך גאָר־נישט פאַר דיר.

ס'איז, דוכט זיך, געווען אַ ווייטער עכאָ פון ווייטיק אין איר זאָג.

— פאַרוואָס ? — האָט ער געפרעגט.

זי האָט אים קיל דערלאַנגט איר שמאָל, וואַרעם הענטל און איז פאַר־שוואונדן אין שאָטן פון די בריק־אַרקאַדן. דער אַראָמאַט פון צוגעלעגן היי איז אים לאַנג נאָכגעגאַנגען. ער איז אַוועק, דעם קאָלנער אויפגעשטעלט, אונטערן קרומען, שמייסנדיקן רעגן. ער האָט געוווסט, אַז ער וועט זיך נאָך אַ מאָל אומקערן, כאָטש ער האָט גייענדיק צו איר פעסט באַשלאָסן... נאָר וואָס זענען דען די אַלע פעסטע באַשלוסן ?...

# 3

מען ווייסט נישט ווי אַזוי ס'איז דערגאַנגען צו זיי, נאָר אין שטוב האָט מען אים אָנגעהויבן מאַכן סקאַנדאַלן. די דירה אויפן הויכן בעלוויל האָבן זיי נאָך נישט געהאַלטן ביים ליקווידירן, פאַרקערט, מ'האָט נאָך געאַרבעט מער ווי פריער און דאָס אַלטוואַרג האָט זיך נאָך דאָרט געקלאַמערט. בראָנטשע איז געקומען אָנצולויפן אין הויז־אַריין.

— ווער איז די מויד, וואָלט איך געוואָלט וויסן?... — איז זי געקו־מען אָנצולויפן — כ'פאַרשטיי נאָך — אַ לייטיש מיידל... נישט קיין אַרומ־שלעפּערקע... עפּעס אַ ביליקע מאָדעלקע...

— כ'פרעג נישט ביי קיינעם! — האָט זיך אַנרי געוואָרפן אין צאָרן — כ'וועל טון ווי מיר וועט געפעלן... כ'בין נישט קיין יינגעלע, מען זאָל מיך סטראַשען.

אין גאַס ווידער, אין די קאַפעס אויפן רעפּובליק, ביי די יידישע קאָנ־פעקציאָנערן און ביי די פּאַסאַזשירס, האָט מען זיך דאָרט געוויילט אויף זיין חשבון, מ'האָט געלאַכט אין די פויסטן אַריין. אָבער וואָס מער מ'האָט אים באַרעדט, באַדויערט, אויסגעלאַכט, אַלץ מער מזל־ברכה איז אין יע־נעם יאָר אַריינגעקומען אינעם „הויז" אַריין, אַלץ מער איז זיי אין יענעם יאָר געגאַנגען דורך טיר און דורך טויער. וואָס מער ער האָט זיך גע־וואָרפן מיטן געלט, געהאַט אַן אָפענע האַנט, אַלץ מער האָט אויף אַלעם געסטייעט.

— עפּעס אַזעלכעס האָט מען נאָך נישט געזען... — האָבן זיי אַלע געמוזט מודה זיין מיט גרויס חידוש — און איז דווקא נישט קיין פאַר־שלאָפענער... יענער האָט דעם קאָפּ אויפן קאַרק... שוין איינמאָל...

פון צייט צו צייט איז עס אָבער ווידער צוגעשטאַנען צו אים; ער איז אַוועק אויף האַלבע נעכט, אַרומגעוואַלגערט זיך, אומגעקערט זיך פאַרטאָג, אַרומגעגאַנגען ווי אויפן עולם התוהו. ער האָט מער נישט געוואָגט צו גיין זען לאָטען, אויסגעמיטן די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צו די בריקן פון דער סען, צו איר מאַנסאַרדע, צו די קאַפע־טעראַסן, ווו ער האָט זי געקענט באַגעגענען און — דעם נסיון נישט אויסגעהאַלטן. זי האָט אים אויפגענומען קיל, צוריקגעהאַלטן, שמייכלענדיק, אָנגעטון אין איינגעצוי־גענעם האַרבסט־מאַנטל, אַלעמאָל גרייט ערגעץ אַוועקצוגיין. ער האָט פאַר־ברויכט אַ סך געלט, געוואָרפן זיך מיט געלט פאַר כעס אויף זיך אַליין און אויף אַלעמען. ער האָט לאָטען אָנגעבערענגט מתנות, איז געלעגן ביי אירע פיס, אָבער זי איז פאַרבליבן שטום און — גלייכגילטיק.

— פיר מיך צו דיין מאַמען! — האָט זי געפאָדערט.

און ער האָט עס נישט געקענט פועלן ביי זיך. די מאַמע האָט עס אַלץ שטילערהייט צוגעזען, גאָרנישט גערעדט, געקניפּן זיך די באַקן און גאָר־נישט גערעדט. זי איינע האָט אים קיין וואָרט נישט איבערגעפרעגט; זי האָט געוואַרט, לאַנג און מיט מאַמעשער געדולד געוואַרט. זי האָט געוווסט, אַז ער וועט זיך סוף כל סוף איינשטילן, אַז ס׳וועט אַריבערגיין. זי האָט אים געקענט מיט זיין פלוצימדיקן אויפפלאַמען און מיט זיין שנעלן איינלעשן זיך. מ׳דאַרף אים נאָר לאָזן.

און ס׳איז טאַקע אַזוי געשען. כאָטש ס׳איז אים פלוצים עפּעס אַ רחמנות געוווען אויף לאָטען, ביז ער איז נישט געווען זיכער, אַז די מעשה מיטן קינד איז אַן אויסטראַכטעניש. „זי האָט געזאָגט ליגן, די כיטרע״...
— האָט ער זיך נישט געקענט שענקען. דאָס שטיקל צייט, וואָס זיי האָבן נאָך דאָ פאַרנומען די עטלעכע האַלב־פינצטערע שטיבלעך אין פאַרטער־הויז אויפן בעלוויל, ווו ס׳האָט געקלאַפּט די אַטעליע, ווו ס׳אַלטוואַרג האָט נאָך געוווינט, האָט אים צוריקגעפירט צו די זייניקע. אָ, נישט אַזוי גיך האָט זיך ס׳אַלטוואַרג צוגעוווינט צו די גרויסע, ליכטיקע צימערן דאָרט. זי איז איינמאָל אַהין אַריבערגעקומען, די אַלטע טעמערל, און האָט זיך אויף טויט איבערגעשראָקן, ווען אַנרי האָט אַ קוועטש געטון ס׳קנעפּל און די ווינדע האָט האַסטיק געטון אַ פלי אַרויף די שטאָקן. זי האָט זיך אָנ־געכאַפּט אין אים מיטביידע הענט:

— משוגענער... — האָט זי דערנאָך געלאַכט פון גרויס איבערגע־שראָקנקייט — כ׳זאָל אַזוי גוטס האָבן, ווי מ׳קען דאָ געדורסט ווערן...

דעם אַלטן לייבישן זענען ווידער סתם נישט געווען צום האַרצן די פּאַריסענע פּירעכצן דאָרט. ער האָט נישט געהאַלטן פונעם קאָמאַנדעווען און אַרומדרייען זיך מיט די הענט אין די קעשענעס. דאָ האָט ער שוין געהאַט זיין היימישע קאַפע אויפן בולוואַר בעלוויל, און דאָרט איז אין די אָוונטן און אין די זונטיקן אָנגעפאַלן אויף אים אַ מרה־שחורה. זיי האָבן זיך דאָ געקלאָ־מערט אַזוי לאַנג, אין די האַלב־טונקעלע שטיבלעך, ווי לאַנג ס׳האָט נאָך געקלאַפּט די אַטעליע, ווי לאַנג די מענטשן, מערסטנס אומלעגאַלע, אַן „פּאַפּירן״, טריפהנע, זענען געזעסן ביי אָפּגעשלאָסענע טירן און פרייליך געקלאַפּט מיט די מאַשינען.

ס׳האָט זיך דעמאָלט געקאָכט אויפן בעלוויל. אין יענע טעג האָבן צווישן די אַלטע געסעלעך אויפן הויכן בעלוויל אַ שיין געטון די בלוי־פאַרשמירטע שויבן פון יידישן אַרבעטסלאָזן־קלוב; די האָטעלן אַרום האָבן זיך יעדן טאָג גערווישלאָז אָנגעפילט מיט די אַנטרונענע, די „בלינדע פּאַסאַזשירן״, די אָנגעלאָפענע יידישע יונגעלייט און מיידלעך. דער אַל־

טער, וואָס האָט זיך דאָרט גאָרנישט פאַרשטאַנען, כאָטש אין דער בוכ־האַנדלונג, ביים אַנאַרכיסט שפּייזער, אויפן „פּלעצל״, איז ער אַלעמאָל גע־ווען אַ גאַנצער אויפטוער, האָט געוואָרטשעט פון בעט אַרויס, אין אַלקערל:

— מיר זענען דאָ פרעמדע אין לאַנד... קוים געפונען אַ שטיקל מקום־מנוחה... מיט דיין בנ׳ס גענג וועט מען אונדז נאָך אַלעמען אַרויסטרייבן פון דאַנען... געדענק מיינע רייד...

— מ׳עט אונדז נישט טרייבן! — האָט אַנרי ס׳ערשטע מאָל הויך געלאָזן הערן זיין שטים — דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט צעשטערט באַ־סטיליעס, כדי אַלע מענטשן זאָלן לעבן פריי...

— זאָל שוין זיין גענוג, אַנרי... — האָט זיך די אַלטע איינגעשטעלט — אָט רעדט ער, דער טאַטע... די צרות רעדן פון אים...

אַלעמען אין הויז האָט זי געוואָלט איינעמען, האָט נישט דערלאָזן צו קיין צאַנקערייען, שטילערהייט האָט זי אָבער געהאַלטן מיטן זון. דערפאַר אויך האָט זי איצט וואָרעם אויפגענומען די געסט זיינע, וואָס זענען פריי־טיק־צונאַכטס אַראָפּגעקומען אין הויז אַריין, האָט זיי מכבד געווען פון שענסטן און פון בעסטן, איז אַליין געשטאַנען אין דער טיר און צוגעהאָרכט זיך צו אַ ליאַדע שאָרך פון קעמערל, ווען דער אַלטער האָט זיך דאָרט צוגעשפּאַרט. די אַלע, וואָס זענען געקומען אַהער, האָבן זי גערופן „מאַמע״, האָבן זיך צעקושט מיט איר; און ס׳האָט אויסגעזען ווי זי אַליין, די אַלטע, מיט די פאַרפלאַמטע באַקן, וואָלט אויך געווען איינע פונעם יונגוואַרג. זי איז געזעסן אין אַ ווינקעלע, אַ פאַרויטלטע, ווי אַ מיידעלע; די מידע, אָדערדיקע הענט אַראָפּגעלאָזן, און צוגעהאָרכט זיך מיט גרויס דרך־ארץ צו אַלע גערעדערייען פונעם יונגוואַרג. ס׳האָט אויסגעזען ווי זי אַליין וואָלט זיך אויך געוואָלט מיט עפּעס אָפּנעמען פאַר אַ ווייטער, צעטראָטענער, נישט־אויסגעלעבטער יוגנט.

זי האָט געהאָלפן מיט וואָס נאָר זי האָט געקענט. אין געוועלבל, אין דער יידישער יאַטקע און ביי אַלע יידישע שכנות איז זי אַרומגעלאָפן צו־זאַמענעמען אַ פּאָר פראַנק פאַר דער אָרעמער יידישער אַרבעטער־צייטונג, איבערהויפּט פאַר די, וואָס זיצן דאָרט, אין פּוילן, הינטער די קראַטן.

— ס׳איז פאַר די קינדער, וואָס שמאַכטן דאָרט, נעבעך, אין געפענ־קעניש... — האָט זי אַריינגערעדט אין אַ שכנטע און אַזאַ יידישער צער ווי ס׳איז געווען אין דער נעץ קנייטשעלעך אַרום אירע אויגן.

זי האָט אַראָפּגענומען, פּשוט אַראָפּגעגנבעט, אַ פּאָר פראַנק פון די שטוב־הוצאות און האָט עס שטילערהייט, אָנם וויסן פון אַלטן, אונטער־געריקט דער קליינער פייגעלען:

— נאָ, נעם, קינד מיינס... — האָט זי עס געשטופּט אין דער האַנט אַריין דעם קליינעם מיידל — זאָל זיי דאָרט ווויל באַקומען...

אַזוי האָט עס אַנרין ווידער צוריקגעבּרענגט צום היימישן בעלוויל, צו די אַלטע געסעלעך, צום קלוב מיט די אַרומגעשיילטע ווענט, צו די אַלע פאַרבלאָנדזשעטע מענטשן אויפן פאַריזער ברוק. זיי זענען געטרעטן האַרט און זיכער אויף דער ערד. זיי האָבן געוווּסט וואָס זיי ווילן. ס'איז, האָט ער זיך געזאָגט, אויך אַ פראַגע פון געוויסן. דער אַלטער בעלוויל... ווו כמעט צען יאָר פון זיין נעפּלדיקער יוגנט זענען זיך געהאַט פאַרלאָפן. דאָס איז דאָס רעאַלע לעבן.

פשוט און הייליק האָט איצט אין זיינע אויגן געשיינט ס'קליינע מיידל פון האָטעל „פעקין", דאָס אָרעמע, ריינלעכע צימערל צווישן די פינצטערע דורכגענג צום הויכן בעלוויל. און ער — ווי ער וואָלט שטעקן־געבליבן ערגעץ אין דער מיט.

„פייגעלע... זיי אַלע דאָרט... — האָט אַנרי ס'לעצטע מאָל אוועקגייענ־דיק פון לאָטען זיך געשטיקט — דאָס איז אַ זיכערער ברעג צו פאַראַנ־קערן... אָבער — ווי אַזוי ? זי וואַרט, די אָרעמע, אויפן יינגל אירן, וואָס זיצט דאָרט הינטער קראַטן... צי מעג מען עס דען ?..."

דאָרט, אויפן הויכן בעלוויל, ווערט דאָס אויג גיך מיד פון דער פאַר־כאַפּנדיקער גרויקייט צווישן די אַלטע, אָפּגעריבענע פאַסאַדן. די נידעריקע, שמאָלע געסעלעך און די קרומע הייף, אָן אַ ביסל לעבעדיקן גרינס, לויפן באַרג־אַרונטער. אין יענעם אומפאַר־געסלעכן זומער, ווען דער יידישער אַרבעטער־קלוב האָט זיך דאָ געהאַט פאַרקליבן אין איינעם פון אָט די הייף, האָבן זיך די פאַרשטעקטע, ביליקע האָטעלן אין די געסעלעך יעדן טאָג כמעט פאַרטייעט אָנגעפילט מיט אַ נייעם, פרעמדן, אָנגעלאָפענעם עולם. ס'איז נישט געווען מער דער זעלבער שטראָם עמיגראַנטן ווי מיט יאָרן צוריק. אומבאַמערקט האָבן זיי זיך געהאַט אַרונטערגעגליטשט פון פאַרויכערטן „גאַר די נאָר" און דאָרט ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן אין האַס־טיקן געאייל פון דער גרויס־שטאָט. דאָס זענען געווען ס'רוב בלייכע, צע־שראָקענע יידישע יונגעלייט און מיידלעך, מיט אויפגעשטעלטע קעלנער, אָנגעטון אין פרעמדע, ווייטע, האַלב־פאַרגעסענע מאָדעס, אַנטרונענע פון תפיסות, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דורך אַלע גרענעץ־שפּאַרעס פון יענעם טרויעריקן פּוילן. דער יונגער, פרייליכער קלוב מיט די אַרומגעשיילטע ווענט, מיט די בלוי־פאַרשמירטע שויבן — אַ געוועזענע פאַבריק־האַלע — האָט יעדן אָוונט געקאָכט און געררוישט; ער איז דאָ ערגעץ געלעגן פאַר־שטעקט אין לאַבירינט פון די פינצטערע דורכגענג צו די בלינדע, זיי־טיקע האָטעלן מיט די האַלב־פאַרלאָשענע, פינטלענדיקע עלעקטרישע

שילדן, און צום בולוואַר, וואָס האָט זיך געראָיעט אין דער סאַמע נידער מיט דער אַרבעטסלאָזער בערזע צווישן די עטלעכע טומלדיקע יידישע קאַפעס און רעסטאָראַנען.

די צוויי קליינע מיידלעך, פייגעלע און חנקע, וואָס האָבן זיך דאָ, איבאַ־זייט פון אַ פרעמד אויג, נישט איינגעמאָלדענע, אויפגעהאַלטן אין האָטעל „פעקין", האָבן זיך פאַרקליבן אין שמאָלן צימערל צום הויף, אויפן דריטן. ווי גרוי, אַרומגעשונדן דאָס הויז, די שטיגן און די קאָרידאָרן מיט די דינע טירלעך זענען נישט געווען, האָט אין דעם ווינקל אינגיכן אַ פאַרכאַפּ געטון די אָנגעשפּיצטע באָזלעכער דער אנגענעמער אַראָמאַט פון היימישן, פּראָסטן זייף. אין דעם ווינקל קאָרידאָר איז אַלעמאָל געלעגן אויסגעשפּרייט אַ שטיקל דיוואַניק, די רויטע שטיינער — ריינלעך דורכגעשווענקט. די פאַרטייעטע יונגעלייט פון די אונטערשטע שטאָקן זענען דאָרט אָוונט־צייט געוויינלעך געקומען שטיל אָנקלאַפּן ביי זיי אין דער טיר און ס'האָט באַלד דערהערט אַ לאַכנדיקער, מיידלשער „אַריין".

אין דער קרומער ראָם פון פענצטער צום פאַרמאַכטן הייפל האָט זיך געווינטלט אַ ביליק מושלין־פאָרהענגל, אַ פּאָר דורכגעשווענקטע שטיקלעך וועש, אַ האַנטעכל, אַ פּאָר זאָקן. דאָס אַלטע, סקריפּענדיקע בעט — פּינקט־לעך צוגעגלעט. דאָס אָרעמע ביסל מעבלוואַרג האָט דאָ פונדעסטוועגן אַזוי הויל נישט פאַרכאַפּט ס'אויג מיטן אָנגעזעצטן, איינגעגעסענעם שטויב, מיט דער נאַקעטקייט פון אָפּגעקלעפּטן פּאַניר, ווי אין די אַלע אָפּגעלאָזענע בחורישע האָטעל־צימערלעך. אַ פינקלענדיקער טשייניק טיי איז אַלעמאָל געשטאַנען גרייט און פריילעך געזידט אויפן גאַז־פלעמל; אַ פּאַראַוואַן, עט־לעכע האַנטעכלעך און פון הינטערן ווענטל — די גלעקלדיקע שטים פּיי־געלעס:

— אַ סעקונדע... זיי אַזוי גוט און דריי זיך אויס... איך כאַפּ נאָר אַרויף אויף זיך אַ שטיקל קליידל...

מ'האָט געלעבט פאַרטייעט, אָרעמלעך, אָבער ס'געלעכטער — געזונט, הילכיק, מיט אַ פול מויל יונגע, הונגעריקע ציינער. אַ וועלט מיט אַרבעט און זאָרג איז געלעגן אויף די שמאָלע, קינדערישע אַקסלען פון די מייד־לעך; דער עיקר — אויף פייגעלען. די קליינע האָט געטראָגן אויף זיך אַ גרויסן עול, נאָך פון דאָרט, פון וואַנען זי איז נאָר וואָס געהאַט אַנטרונען. ס'איז געווען אַן איידעלע דורכגעליטנקייט אינעם קליינעם מיידל. דאָס בלויע אָדערל האָט געציטערט אויפן דינעם האַלדז און דער קינדעריש־איבערגעוואַקסענער צאָן האָט געלאַכט מיט פּשוטער, גוטער פרייד. איר בליק האָט געבלאָנדזשעט ערגעץ ווייט. זי האָט, דוכט זיך, מיטגעלאַכט מיט אַלעמען, געפרייט זיך, אַפילו ווען זי איז אַריינגעפאַלן, אַן אָפּגעהאָרעוועטע,

פון דער אַטעליע, דאָ באַלד דערלעבן. דאָס האָט זי אַנרי געהאַט אַריינ־געטומען פאַר אַ „האַנט" צו דער אַרבעט. זי האָט געאַרבעט, פאַרשטייט זיך, אָן „פּאַפּירן", אָן אַרבעטס־רעכט, אינגאַנצן טריף, הינטער אַ שטרענג־אָפּ־געשלאָסענער טיר; און — איז מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן, ווען זי האָט דאָ ווידער געפונען פאַרשטעקט אַ בריוול פון דער היים. די בריוועלעך האָבן זיך דאָ פון ערגעץ, מען ווייסט נישט ווי אַזוי, נאָכאַנאַנד באַקומען פון „דאָרט", פון איבער גרענעצן, פון הינטער תפיסה־מויערן. „צי וועל איך עס אויסהאַלטן? — האָט זיך דאָס קליינע מיידל געשטיקט אין די פאַרנע פריילינג־נעכט — צי וועל איך אים נאָך אַמאָל צוריקזען... אַ ריינע... אַן אויסגעליטענע?"...

דער שיינער פאַריזער פריילינג האָט גערופן. די לעבלעכע אָוונטן אין פרעמדן פאַרק האָבן נאָך אַלץ מיט ווייטיק דערמאָנט יענע שטילע סטעזש־קעלעך, הינטערן האַלב־איינגעזונקענעם, געמויערטן פלויט מיט די אויפ־געפלאַמטע, אַריבערהענגענדיקע בעזן. דאָרט האָט זיך די ליבע איינמאָל אין אַזאַ אָוונט אַזוי וווּנדערלעך געהאַט אַנטפּלעקט. ערשט ווי לאַנג דען? מ'האָט אָבער איינמאָל פלוצים געמוזט אַלץ איבערלאָזן, אַנטרינען. דאָרט זענען געוועזן צעשראָקענע, איינגעבויגענע יידן... דער טאַטע און די מאַמע, פרי־געעלטערטע... אַ געוועלבל פאַר דריי גראָשן סחורה... אַ צעטראָגענע היים... דער עלטערער ברודער — אין תפיסה. ס'איז קיין שום אויסוועג נישט געוועזן, ס'איז קיין מאָרגן נישט געווען. פּאָגראָמען, אַרעסטן און — אַ שיינער פריילינג, וואָס פאַרגעסט זיך קיינמאָל נישט. ס'איז געווען די קורצע, אומעטיקע ביאָגראַפיע פון אַ סך אַזעלכע. מ'איז געלאָפן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן. די היים־בענקשאַפט האָט נאָך אַלץ געקלעמט. דאָרט איז געוועזן אַ ליד וועגן קאַשטאַנען, וואָס האָבן ווידער אויפגעבליט אין מאַי; ס'איז געווען דער גרויסער, הייליקער סוד, וואָס האָט געשוועבט צווישן זיי... ס'ייגגל, די תפיסה, ווו מ'האָט זיי אומגעריכט אין יענעם פריי־לינג אַריינגעוואָרפן... די הויכע קראַטן־פענצטערלעך האָבן אַריבערגעקוקט צום קעגנאיבערדיקן פליגל, ווו די יינגלעך זענען געווען פאַרשפּאַרט. אַ פולע צעלע יונגע, געזונטע בחורים איז אין יענעם פריילינג פאַרליבט גע־ווען אין יונגן געלעכטער פון דעם קליינעם מיידל פייגעלע.

דאָ זענען פרעמד געווען די אַלייען פון געדיכטן פאַרק, הינטער די קאַשטאַנען; דאָס פאַרשטיקטע פייפל האָט, ערגעץ טיף אין טאָלעכל, אין לעבלעכן חושך, געבויערט, געוועקט פון דער קראַנקער בענקשאַפט. מ'האָט באַלד געמוזט דעם פאַרק פאַרלאָזן, צוריקגנבענען זיך דורך שמאָלע, פינצ־טערע געסלעך; דער פלאַטער פאַר דער ראָווער־יסטן־פּאָליציי, וואָס פאָרט אומגעריכט אָן פון אַ ראָג און פאַרשטעלט די גאַס...

כאָטש די מערסטע יונגע מענטשן זענען געקומען פון די פאַררוי־כערטע געסלעך אין לאָדזש, פון די טומלדיקע האַנדלס־הייף צווישן די נאַ־לעוווקעס און דער דזשיקע גאַס אין וואַרשע, האָבן זיי זיך דאָ נאָכמער גע־שטיקט, אין לויער, צווישן די קליינע, ענגע האָטעלן אויף די פּאַלי־קאַאַ, אויף די טורטיל, אויף די ווילאַן. ס'איז דאָ אין דער ערשטער צייט גע־ווען אַ פרעמדע, ווייטע וועלט, אַ פרעמד לשון, פרעמדע פּירונגען; איבער־הויפּט אין לאַנגן מאַרט־סעזאָן, ווען די קליינע יידישע מאַראָקינערי־ און שניידער־אַטעליעס זענען געשטאַנען פאַרקלאַפּט און אין די קאַפעס אויפן בולוואַר האָט זיך אין מיטן העלן טאָג געראַיעט דער גרויער, אַרבעטס־לאָזער בעלווילער עולם.

פריטיק־צונאַכטס, נאָך ליכט־בענטשן, זענען די מיידלעך געוויינלעך אַראָפּגעקומען אין ענגן שטיבל אַריין, צום שניידער. דאָס האָט זיי אַנרי פּייערלעך פאַרבעטן. די קעפּ פון די ניי־מאַשינען זענען אין שבתדיקן אָוונט געשטאַנען איבערגעדעקט. די מאַמע טעמערל האָט, ווי אַמאָל, גע־בענטשט ליכט אין אַ פּאָר קליינע מעשענע לייכטערלעך. ס'איז געלעגן אַן אויסגעפּראַצעוועטע רו איבער די ענגע שטיבלעך. אַ ריינער, בלאַנקענ־דיקער סערוויעט פאַרצויגן איבערן טיש, אַ פּאָר איבערגעדעקטע חלות אונטער אַ טישטוכל, כאָטש דער אַלטער לייביש האָט נישט געדאַוונט, קיין קידוש נישט געמאַכט. די מאַמע האָט דערלאַנגט צום טיש געפילטע פיש, לאָקשן מיט יויך, צימעס. אָבער באַלד ווי מ'האָט אָפּגעגעסן, האָט זיך ס'יונג־וואַרג אַרומגעזעצט, מ'האָט געזונגען, דיסקוטירט, מ'האָט געזאַמלט פאַר דער „רויטער הילף", פאַר די פּאַטראָנאַטן, וואָס האָבן, דורך פאַרשידענע וועגן, באַזאָרגט געלט קיין פּוילן, אַריינצושיקן „וואַלוווקעס" אין די תפיסות אַריין פאַר די אַרעסטירטע. מ'האָט זיך דאָ מיטאַמאָל דערפילט אַזוי היימיש אויפן אינזעלע פון דעם פרעמדן פּאַריזער הו־האַ.

אַנרי האָט צוגעהאָלפן אין קלוב מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ אַזויווי געפּלאָנטערט צווישן צוויי וועלטן. ער האָט אויס־געמיטן בן־שושנים, אויסגעמיטן לאָטען, איז מער נישט געקומען אין קאַפע „לידאָ", ווו דער רויך איז געדיכט אויפגעגאַנגען ביזן סופיט, אויסגעמיטן דעם קליינעם, ראָיענדיקן סטודענטן־רעסטאָראַן פונעם ייד מיטן אַסירישן קלין־בערדל. אָבער ווי פון אונטער דער ערד, איז ער איינמאָל ווידער שטיל און אומגעריכט אויסגעוואַקסן, בן־שושנים, ווי דער משולח אין „דיבוק".

— לאָטע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך... פאַרוואָס מען זעט אייך נישט... — האָט ער, ווי אַלעמאָל, געגרעדט פּאַוואָליע און געשטיקט אין זיך אַ שמייכל — זי האָט אַפילו געוואָלט מיטקומען...

— מ׳האָט אַ פאַרדרייטן קאָפּ... — האָט ער אַוועקגענומען דעם בליק; און ווי יענער וואָלט אויפגעוועקט און צוריקגערופן צו אַלטע זינד, פון וועלכע ער איז אַמאָל אַנטלאָפן.

ווי ווייט ער איז שוין געווען פון די אַלע! דאָ האָט ער געפונען אין וואָס אָנצוקלאַמערן זיך; דאָרט איז געווען — פוסטער חלל, אויסזיכטסלאָזיקייט. ער איז אַרויפגעקומען אין אָרעמען האָטעל־שטיבל צו די מיידלעך, איז געזעסן אויף אַ צעשאָקלטער שטול, אויפן בעט. דער טשייניק אויף דער גאַז־מאַשינקע האָט היימיש געזידט, די פאַר־האַנגען פאַרצויגן איבער דער רעגנדיקער שויב. אַ ליבע געמיטלעכקייט איז געווען אין דער אָרעמער, ריינלעכער, פאַרלוירענער נעסט. ס׳אויער האָט אים געפלאַמט און פאַר פייגעלען האָט ער איבערהויפּט באַהאַלטן דעם בליק. אירע פאַרברוינטע אָרעמס מיט דער סאַמעטענער הויט האָבן זיך פלייסיק באַוועגט ביים דורכשווענקען עטלעכע שטיקלעך וועש. אַ זיסע פאַררויטלטקייט איז געווען אויף אירע באַקן, אויף איר קליינעם אָפּגעדעקטן אויער, אויף דער גאָמבקע, וואָס האָט זיך אין די זומער־חדשים אַביסל אויס־געראונדיקט; ס׳האָבן געגליט אירע פרעמדע, עקזאָטישע, חסידישע אויגן.

— פייגעלע... — האָט ער, אַביסל פאַרשעמט, געלאַכט — וועסט נישט אַוועקפליען, פייגעלע ?...

און איר גלעקלדיק לאַכן האָט זיך אָפּגערופן אין זיין האַרץ מיט אַ ווייטן, קראַנקן עכאָ. זי האָט עס אָבער אויסגעזען נישט צו דערכאַפּן, די קליינע, אַזוי אומשולדיק האָט זי געלאַכט און געקוקט אויף אים אין איר גליקלעכער פאַרטראָגנקייט.

דער זומער און דער ווינטער זענען געהאַט איבערגעלאָפן אין אומגע־וויינלעכן רעש. ער האָט שוין מער גאָרנישט געדענקט אין זיי דאָרט. ער האָט שוין איצט געלעבט אין אַ נייער וועלט, אַן אייגענע, אַ צוריקגעפונענע. אין דער קאַפע אויפן ראָג, ווו מען פאַרקויפט זונטיק די „הימאַניטע״, ווו ס׳קומט זיך אין דער הינטערשטער קילער האַלע צונויף דאָס קעמערל פון קוואַרטאַל, האָט אַנרי שבת נאָכמיטאָג, ווען מען נעמט אָפּ די „פּעי״, נאָך אַ וואָך אַרבעט, געצאָלט זיינע „טורנע״ דעם לאַנגן, פאַרשמירטן מאָריסעט פון גאַראַזש, פייגעלען, חנקען און אויך דער דיקלעכער פּאַטראָנקע, ברי־גיטן, וואָס האָט זיי אָנגעפילט די גלעזלעך. זי האָט זיך גוטמוטיק אויסגע־קריגט מיט אַלע שכנים, בריגיט, אָבער טרינקען זענען זיי געקומען נאָר צו איר, באַשטייערט זיך אויף אַלע זאַמלונגען, אונטערגעשריבן אַלע פּעטי־ציעס; און דעם 14־טן יולי, ווען מ׳האָט דאָ, אינעם שמאָלן געסל, אויפגע־שטעלט די טריבונע, אַראָפּגעבערענגט דעם אָרקעסטער מיט די בעסטע

אַקאָרדעאָניסטן, פאַרצויגן די גאַס מיט בענדער און טריקאָלאָר־פענדלעך, זענען זיי אַלע געקומען אַהער טאַנצן ביז נאָך האַלבער נאַכט.

מאָריסעט האָט געוווינט דאָ, באַלד דערלעבן, ביי זיין אַלטער מאַמען און געאַרבעט אין גאַראַזש, פלאַס וואָלטער. דער „גאָלואַז" האָט זיך אַזוי לאַנג געריכערט אויף זיין יינגלשער ליפּ, ביז ס'האָט אים גענומען בריען; האָט ער אים זייטיק אויסגעשפּיגן, צוגעטרעטן מיטן פוס. אין די אַרבעטס־טעג האָט ער געוויינלעך געטראָגן אויף זיך דעם בלויען, פאַרשמירטן קאָמבינעזאָן מיטן גאַרטל־פּאַס פון פלאַנעל, די הויזן אונטן פאַרטשעפּעט מיט אייזנדלעך,ביים רעדלען מיטן וועלאָ אין די פאַרטאָגן איבער די האַלב־ליידיקע גאַסן. פון אים האָט אַנרי שנעל געכאַפּט דעם באַזונדערן בעלווילער לשון, האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו אים.

אין דעם בחור האָט נאָך געלעבט עפּעס אַ ווייט געדעכעניש פון די אַרבעטס־קאָמפּאַניאָנען, די מויערער, וואָס האָבן זיך דאָ אַמאָל געזאַמלט אין די ביסטראָס, האָבן אונטערן איינפלוס פון די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטן, שפּעטער פון זשיל געד, פון פּאָל לאַפּאַרג, פון זשאָרעסן, אָנגעפירט מיט די פאַרביסענע שטרייקן. זיין טאַטע און זיינע פעטערס האָבן אָנגעהערט צו די דאָזיקע אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע גרופּן, וואָס האָבן געגרופן נישט צו גיין אין מיליטער אַריין, געקעמפט קעגן בריאַן און קלעמאַנסאָ; ביז דער זיג־זאַגן־וועג פון דער פראַנצויזישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך נאָכן קאָנגרעס אין טור, אין 1920, אויסגעקלאָרט.

צוזאַמען זענען זיי, אַנרי, מאָריסעט, פייגעלע און חנקע, געגאַנגען אין דער געדיכטער מאַסע צו דער קאָמונאַרן־וואַנט. דאָס פאָלק פון פּאַריז האָט האַרט געטרעטן איבערן ברוק, צום אָנדענק פון זייערע מאַרטירער, וואָס זענען דורך טיערס מערדערישע באַטאַליאָנען צעשאָסן געוואָרן ביי דער וואַנט אויפן פּער־לאַשעז.

— מיר וועלן דאָ אויסוואַרעמען אָן אייגן ווינקעלע פאַרן בעסערן מענטש... — האָט אַנרי גערעדט מיט האַרץ — פאַרן מענטש, וואָס ליידט... זעסט אָט די אַלע — האָט ער געוויזן אויף די יידישע יונגעלייט און מיידלעך אין די געדיכטע רייען — זיי זענען אַנטלאָפן פון די תפיסות, פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן...

מאָריסעט האָט געלאָזן רינגעלעך רויך פון אַ ווינקל ליפּ.

— מירן שוין זען... כ'באַוווּנדער אייער אומרו... — האָט ער נאָך אַ ווײַלע צוגעגעבן — איר זענט דער הייוון פון די פעלקער. איר טראָגט אונדזערע רעוואָלוציעס אין אייער בלוט. איר זענט די סאַמע באַ'עוולט'סטע.

— מיר זענען די טרעגער פון אַלע רעוואָלוציעס... און אַליין...

אַ סך געפילן און טראַכטענישן האָבן אים געשטיקט, אַנרין. ס'האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט קלאָר מאַכן פאַר זיך אַליין און פאַר אָט דעם פשוטן בחור די ענגע שייכות צווישן מענטשן, ווייל אין גרונט גענומען... ביי אַ היימישער גלאָז טיי, ביי די מיידלעך אויבן, אין ריינלעכן האָטעל־צימערל, האָט ער זיך געפּרוווט אַראָפּצורעדן:

— דער ביבלישער סימבאָל וועגן די בויער פון בבל־טורעם — דער סימבאָל פון רייסן זיך פון מענטש אין די הימלען אַריין — ווען די לשון־אויסמישעניש האָט זיי צעקריגט און צעריסן צווישן זיך און זיי האָבן דער־פאַר אויפגעהערט צו פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן, איז אפשר מער ווי שטענדיק אַקטועל... נעם און באַטראַכט: די וועלט ווערט אָן שום ספק צו ענג פאַר קולטור־ און שפּראַך־אָפּזונדערונג פון קליינע און אַפילו גרעסערע פעלקער... דאָס אַלץ — ווען מען באַטראַכט די געשיכטלעכע פאַקטן דורך אַ געוויסער דערווייטערונג. פון דער נאָענט זעט עס אָבער אויס אַביסעלע אַנדערש. דער קלענסטער דיאַלעקט וויל דאָך אויך נישט שטאַרבן, בפרט די שפּראַכן פון אַלטע קולטור־פעלקער...

מאָריסעט האָט אים אָנגעקוקט, נישט באַלד דערכאַפּט די ווייטע צו־זאַמענהאַנגען, דערזען פּלוצים דעם ווייטן אויפבליץ אין זיינע אויגן און האָט דערפילט, אַז עפּעס אַ שטומער, ווייטער, אים אומפאַרשטענדלעכער ווייטיק שפּאַרט פון אים. אָן שום ספק האָט זיין אַלטער אַזוי געווירקט אויף אים, די סביבה, אין וועלכער ער האָט זיך אַ שטיקל צייט אַרומגעדרייט.

— נאָך וואָס אַזוי ווייט דערגרונטעוועון, אַנרי? מען דאַרף זאַכן בעמען אַ סך פּשוטער. איר לעבט צווישן אונדז אַלעמען, פּונקט ווי מיר אַלע. איר זענט, נאָך אַלעמען, נישט אַנדערש ווי מיר אַלע, באַן־דיע...

ס'איז געווען אין יענע הייסע טעג פון דער שטרייקן־כוואַליע, אין 1936. זיי זענען געזעסן אין דער ראַגאָווער ביסטראָ ביים האַלב־ליידיקן גלאָז ביר און דעם „גאָלואַז" געלאָזן דערבערענען אויף אַ ווינקל ליפּ. איבער די דראָ־טענע ברילן ביי מאָריסעטן, צווישן די העלע ברעמען, האָט זיך געלייגט אַ קנייטשל. ער האָט שאַרף נאָכגעטראַכט. דער מיטינג אין וועלכן איז גע־ווען באַשטימט אויף 4 אַזייגער. אַ געדיכטע מאַסע האָט באַצייטנס שוין גע־שטראָמט צו די מעטראָ־איינגענג, אויפן בולוואַר. אין אָט דעם פיבערדיקן טאָג האָבן זיי זיך מאָדנע צוזאַמענגעגעבונדן. אין דער לופט האָט עפּעס גע־שוועבט. ער האָט נאָך אַלץ שווערלעך פאַרשטאַנען, מאָריסעט, וואָס אַנרי האָט אים דאָרט אָנדערציילט וועגן דעמאָנסטראַציעס, תפיסות, קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן. ס'איז ביי אים אויסגעקומען אַלץ פאַראַמאַל — סיביר... בערן... פּאָליאַקן... יידן... קאָלכאָזן... פּאָליציי... דאָס אַלץ, וואָס איז געלעגן ערגעץ ווייט, פון יענער זייט דייטשלאַנד, וווהין זיין פאָטער איז איינמאָל אַוועק

און איז מער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. דאָרט גייט דער מאַרש צום סאָציאַליזם. דאָס, וואָס די פּאַריזער קאָמונאַרן האָבן נישט באַוויזן צו פאַר־ענדיקן און דערהאַלטן אין קאַמף קעגן טיערן, קעגן דער בורזשואַזיע, קעגן די פּרייסן, ווערט דאָרט פאָרגעזעצט מיט אומגעהויערער עקשנות. ער האָט דרך־ארץ געהאַט פאַר אַזאַ איינעם, וואָס קומט פון „דאָרטן".

— אַנרי — האָט ער זיך אָפּגערופן און אַזאַ ווייט פלעמל ווי ס'איז געווען הינטער זיינע דראָטענע ברילן — מירן פּאַרטיק ווערן מיט אונדזער אייגענער באַנדע בורזשויען און דעמאָלט וועלן מיר בויען אַ נייע וועלט... ווּעסט אָנקוקן... פראַנקרייך איז אַ שיין לאַנד. ס'איז דאָ פאַר אַלעמען גענוג ווייַן, ברויט, ביפסטעקן, מיידלעך און לידער... כ'האָב אַ ווילן אַלטיטשקן. ביי אים דאָרט וואָלט מען געקענט אָפּרוען...

— ווו איז עס? — האָט זיך אַנרי אָנגעכאַפּט.

— נישט ווייט פון פּאַריז... סאָסנע־וועלדער... זאַמדן... קלאָרינקע אַזיערעס... פיש־פאַנג...

ס'איז געווען נישט קיין שלעכטער פּלאַן. ס'איז זיך עפּעס אומגעריכט צונויפגעפּאַלן מיט זיינע אייגענע אומקלאָרע אידייען, מיט וועלכע ער האָט זיך שוין פון לאַנג אַרומגעטראָגן, וועגן אַן אָפּגעזונדערט, שטיל ווינקל אויף דער נאַטור, צו אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט.

— ווער איז דער אַלטיטשקער? — האָט אַנרי באַלד אויפן אָרט גע־וואָלט וויסן.

מאָריסעט האָט זיך אַ רגע אָנגעכמורעט, נישט באַלד געענטפערט. און אַנרי, וואָס האָט אים שוין געקענט אַ ביסל, איז נישט איבעריק צוגעשטאַ־נען. ער האָט געשוויגן. דער טונקעלער ביר האָט געלאָזן דינע שוים־שטריי־פעלעך אַרום זייערע יינגלשע ליפּן. ביי אַנרין — דיקלעכע, זינלעכע און ביי מאָריסעטן — דינע, אַנטשלאָסענע. דער רייפער ווייץ פון זיין שטייענדיק האָר־שויבערל האָט פּלוצים העל געמאַכט די גרויע, אָפּגעקראָכענע וואַנט הינטער אים, אין דער טונקעלער האַליע פון ביסטראָ. אַפילו די זון האָט זיך דאָ נאָר אָפּגעשלאָגן אויפן שוואַרצן סופיט, צווישן די ריחות פון ביר־פעסער. פון געסל האָט זיך געברענגט אָנצוטראָגן אַ וואַרעם ווינטל, אָנגע־זאַפּט מיט פאַרשטיקטע אויסדעמפונגען, אַן אָפּגעריסענע זשומעריי און די „מאַרסעליעזע". ס'האָט זיך מיטאַמאָל פאַרבענקט נאָך אַ פריש פעלד, נאָך וואַלד.

און אַנרי האָט אַ טראַכט געטון וועגן פייגעלען, וועגן חנקען, די פאַר־בלאָנדזשעטע, וואָס האָבן געזוכט ערגעץ צוצוטוליען זיך אין דעם פרעמדן פּאַריז, אין די רעגנדיקע אָוונטן איז מען זיך צוזאַמענגעקומען אין צי־מערל ביי די מיידלעך. מ'איז געזעסן אויפן בעט, אויף די צוויי צעבראָכענע

שטולן, אַפילו אויפן טישל. דער טשייניק אויפן גאַז האָט געזידט. מאָרי־סעט האָט געזונגען די אַלטע לידער פון די קאָמפּאַניאָנען. אָבער פייגעלע פלעגט זיי געווײנלעך איבערלאָזן אינדערמיט. זי האָט געאײלט אין קלוב אַרײַן, אויף אַ זיצונג, איז געלאָפן מיט זאַמל־ליסטעס איבער די שטאָקן. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז זי שפּעטלעך אַרויף די שטיגן און פון טיפן קאָרידאָר, אַ שטאָק נידעריקער, האָט זי טײלמאָל פאַרנומען אַ הייסע, פאַר־שטיקטע מורמלעריי. דערנאָך האָט זי געהערט שטילע טריט. זי האָט גע־ווּוסט, אַז ס׳איז — חנקע. זי איז געווען אַ פּולע, אַ וואַרעמע, אַ לאַכערקע, חנקע. פייגעלע האָט שטיל אויפגעשלאָסן די טיר פון צימערל, איז אַרײַן און האָט דערפּילט דעם אויסגעוועבטן רויך פון סיגאַרעטן, דערבליקט דאָס גלײַך־געמאַכטע בעט. מיט האַרצקלאַפּעניש האָט זי באַלד דערנאָך געהערט הינטער זיך חנקעס שטילע טריט.

— ביסט שוין לאַנג דאָ, פייגעלע ? — האָט זי געפרעגט, אַ צערויטלטע, מיט פאַרשוווּמענע אויגן קעגן שאַרפן ליכט.

— ניין, כ׳בין נאָרוואָס אַרויפגעקומען.

— פייגעלע... — איז חנקע צו איר צוגעפאַלן — ווען זאָלסט וויסן, פייגעלע... — און ס׳מיידל איז אַרויפגעפאַלן אויף איר אַקסל און האָט גע־וויינט.

זיי האָבן זיך דאָ געשטיקט צווישן די אַלטע ווענט פון הויכן בעלוויל, די מיידלעך. אין די הייסע טעג האָט דאָ אַמאָל — מען ווייס נישט פון וואַנען — פאַרבלאָנדזשעט אַ געל זומער־פייגעלע. ס׳האָט געפלאַטערט, געפלאַ־טערט און איז צוגעפאַלן צו די עטלעכע האַלב־אָפּגעוועלקטע בלומען־טעפּ־לעך אין אַ שמאָל, האַלב־אויפגעשפּאַרט מאַנסאַרדע־פענצטער; ס׳איז דאָ ערגעץ דערנאָך פאַרגליווערט העגנגען־געבליבן אין דער נישע פון די רויטע, אָפּגעקראָכענע ציגל. אַמאָל איז מען אין אַ זונטיק אַרויסגעפאָרן אַ גאַנצע באַנדע אין ווענסענער וואַלד. די אָפּגעטראָטענע פּלאַנטן זענען באַלייגט געווען פון גאַנצע משפחות. די פאַרהאָרעוועטע מענער, אין פאַרשאַרצטע אַרבל, מיט אויפגעשפּיליעטע, פאַוואַקסענע ברוסטן, האָבן געשפּילט אין קאָרטן און גערויכערט. אויפן גראָז האָבן זיי געגעסן זייערע מאָלצייטן, וואָס די פלייסיקע, בלייכע פרויען האָבן צוגעגרייט אויף אַ טישטוכל. די קינדער מיט די דינע שטעקל־פיס, האָבן פאַרליאַרעמט דעם אַרום. מיט די שאָסייען, וואָס שניידן אַדורך דעם וואַלד, האָט אַלע ווײַלע אָנגעיאָגט אַן אויטאָ, אָדער דער שווערער, פרייכנדיקער, פול־געפּאַקטער אויטאָבוס. פאַרנאַכט האָט מען זיך צוריקגעשלעפּט אין דער אָנגעפּראָפּטער מעטראָ, וווּ מ׳איז געהאָנגען איבער קעפּ, שיעור נישט דערשטיקט צו ווערן.

# 4

צו יענעם אויסערגעוויינלעכן זונטיק־פּרימאָרגן, אינמיטן פון הייסן חודש יולי, האָבן זיך די צוויי קליינע מיידלעך פון האָטעל געגרייט מיט אַן אומבאַשטימטן נייגער און פיבער. פאַר די לעצטע פּאָר פראַנק האָבן זיי איינגעקויפט צו עסן אויפן גאַנצן טאָג, איינגעפּאַקט אַלץ אין אַ קוישל. ס'צימערל האָט אין דעם שבת־אָוונט געפּעכלט פון ריינקייט. אויסגעצוואָגענע, אין געבלימלטע פּעניוארן, זענען זיי ביידע געזעסן אויפן ברייטן בעט, געצערעוועט די זאָקן, אויסגעפּרעסט אַ בלוזקעלע, אַ קעלנערל, אַ שלייפעלע, צוגעגרייט די אָרעמע, אָבער ריינלעכע טואַלעט.

ס'איז געווען אַ רויט־געפּאַרבטער, לוסטיקער, זונטיקדיקער הינטערשטאָטישער עלעקטרישער צוג, ווי עפּעס אַ קינדער־שפּילצייג, וואָס האָט זיי פון פאַרויכערטן נאָרד־וואָקזאַל אַרויסגעפירט זיבן־אַכט סטאַנציעס, אַ קילאָמעטער 30, אויסער פּאַריז. וואָס איז דען דער וואונדער? — דאָס זענען דאָך נאָך געווען קליינע, לאַכנדיקע מיידלעך, מיט פאַרלייגטע צעפּלעך איבערן שטערן, מיט ווינטלדיקע בלוזקעלעך. זיי האָבן אַרומגעשטיפּט, געפּאַטשט מיט די הענט, קינדעריש געפרייט זיך מיט אַלץ, וואָס דאָס אויג האָט נאָר געזען פאַרבייפליען דורך דער שויב, ווי נאָר דער פריילעכער צוג איז אַרויס פון צווישן די פאַררויכערטע הינטערשטאָטישע מויערן. מאָריסעט איז געזעסן בײַם פענצטער, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס; די שטייענדיקע האָר פון זיין שויבערל, ווי ביי אַ יאָזש, זענען נאָך געווען פייכט און האָבן געהאַט דעם אָפּגלאַנץ פון רייפן ווייץ. די איינגעקוועטשטע דראָטענע ברילן, דאָס איינגעשטייפטע, צעשפּיליעטע העמדל און דאָס קורצע פייקעלע צווישן די ציין, האָבן אים צוגעגעבן דעם טיפּישן אויסזען פון אַן אָרעמען אינטעלעקטועלן, אַ פאַרטראָגענעם סטודענט, עפּעס אויפן געביט פון ביאָלאָגיע, אָדער פיזיקאַלישע פאָרשונגען; אָבער געווען איז ער נישט מער ווי אַ מעכאַניקער אין אַ גאַראַזש, פלאַס וואָלטער. דאָס דין־געצייכנטע מויל, די קליינע, בלויע, פריילעכע אויגן אונטער די גלעזער זענען געווען נישט אָן שטרענגקייט. אַנרי, ביי זיין זייט, האָט אַלעמאָל לאַכנדיק אַרויסגעהאָלפן אין די פריילעכע רעדערייען, ווייל די מיידלעך האָבן נאָך דעמאָלט גאַנץ קנאַפּ פאַרשטאַנען דאָס פראַנצויזישע לשון. די קליינע מיידלעך זענען דאָ צוריק יונג געוואָרן, צווישן גראָזן, מיט אַ פרייען הימל איבערן קאָפּ, מיט אַ בוים און מיטן וואַסער. דאָרט, פון וואַנען זיי זענען אַנטרונען, האָט מען געשפּאָלטן קעפּ פון יידן, די וועלדער און פעלדער זענען געווען הינטער אַ ווייטער, פיינטלעכער וועלט.

יעדער פון זיי די וואָכעדיקע זאָרגן געלאָזן הינטער זיך, אין שטאָט, האָבן זיי אין לויטערן זונטיק־אינדערפרי געשפּאַנט מיטן וואַלד־שטעג, באַרג־אַרויף, צווישן אַלטע דעמבעס און שלאַנק־אויפגעשאָסענע סאָסנעס. ס'איז געווען אַ שמאָל, אויסגעטרעטן שטעגעלע, וואָס האָט באַלד פון קלייַנעם וואָקזאַל אַוועקגעפירט אַ קילאָמעטער דריי ביזן דערפל. דער שטעג האָט זיך פאַרלוירן, ווידער זיך אַנטפּלעקט, אָט באַגאָסן מיט זון, אָט אייַנגעוועבט אין געצייַנדלטע סאָסנע־קרוינען. ערגעץ אין דער נאָנט האָט שוין געבילט אַ הונט און דעם היימישן ריח פון שטאַל און פון פריש־געמאָלקענע מילך האָבן די נאָזלעכער באַלד שאַרף אַ דערשמעק געטון אין דער זשומענדיקער לופט פון מיט־זומער.

מאָריסעט האָט מיט אַ נערוועזער געוווינהייט פאַרריכט די אייַנגעקוועטשטע, דראָטענע ברילן, געפּיפּקעט פון זייַן קורץ פּייקעלע, געלאַכט און אין זייַנע רייד איז געווען די וויכטיקייט פון אַ פאָלקס־שול־לערער אין אַ דאָרפישער שולע:

— קוק זיך אַרום, אַנרי... דאָ איז די גרויסע שטילקייט... די בלעטער־ און סאָסנע־וועלדער ציִען זיך ווייט אַראָפּ, אַוש ביז שאַנטיאַי — די געגנט פון אַלטע שלעסער, פון געמויערטע פערד־שטעלער פאַר רייטער־ און קורסן־פערד. נאָך הייַנט פילט מען דאָרט צווישן די קילע, אומהיימלעכע ווענט דעם שאָטן פון די לאַנג־פאַרשוווּנדענע פעאָדאַלן... ס'קלינגט דער יאַגד־האָרן, מען הערט פון וויַיטן דעם האַסטיקן פערדן־גאַלאָפּ צווישן די קוסטן פון אויסגעהאַקטן ברעג וואַלד, דאָס הייסע אָטעמען פון די אָנלויפנדיקע הינט מיט די לאַנג־אַרויסגעשטעקטע צינגער... די לייַב־אייגענע פון די שטומע דערפלעך אַרום בייגן זיך אין דרייען פאַר די גרויסע סעניערן... ווי אין די פאַרויכערטע פאַבריק־שטעט, אין די פּאָרטן, אין די מינען, אויף די שלאַכט־פעלדער פון ווערדען, און אין די דערפער פון פראַנקרייך וואָלט זיך אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָרהונדערטער גאָרנישט געווען געענדערט... וועסט דאָ אָבער קיין סך נישט ענדערן, ווען אַרום איז אַ געזעלשאַפט פון אַרבעט און קאַפּיטאַל. דאָס איז אומאָפּפרעגבאַר... מען בויט נישט קיין הויז, אָנהייבנדיק פון דאַך...

— כ'ווייס, מאָריסעט, כ'ווייס, כ'בין, גלויב מיר, נישט אַזוי נאַיִוו. אָט דערציילט מען וועגן אַ רוסישע סעקטע, די „דוכאָבאָרן", וואָס זענען פאַרפאָלגט געוואָרן דורכן צאַר און דורך דער פּראַוואָסלאַווונער קירכע, ווי זיי האָבן איבערגעוואַנדערט אין די ווילדע, פרוכטבאַרע פליינען פון קאַנאַדע, צו לעבן אין לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונעס... וואָס ס'איז מיט דער צייט פון זיי געוואָרן? — גרויסע ערד־באַזיצער און — עקספּלואַטירטע לאַנדקנעכט... אָבער ס'האַרץ ציט מיר... ווען דו ווייסט...

ס'איז דאָ באַלד געווען אַ האַלב־פאַרזונקענער שלאָס מיט טורעמלעך, אין דער טיף פון אַ פאַרלאָזענעם פּאַרק. די אַלטע ווענט האָבן זיך געשפּיגלט אין אַ קלאָרינקער אָזיערע, אַרומגעשטעלט מיט הונדערטיאָריקע דעמבעס, טאָפּאָלן און סאָסנעס. אַן אַקאַציע־אַליי האָט ביז אין דער טיף געפירט צום שלאָס. דער נידעריקער, געמויערטער פּלויט לענגאויס דעם שטיקל שאָסיי, באַרג־אַראָפּ, איז שוין געווען האַלב־איינגעפאַלן, פאַרוואַקסן מיט מאָך, און ביימלעך האָבן געשפּראָצט פון די שפּאַלטן. דער אַריינפאָר צום הויכן טויער איז געלעגן אונטער געדיכטן ווילד־גראָז.

ער האָט אַ בליק געטון פאַר־זיך און געזען ווי מאַריסעט פירט לאַכנדיק די מיידלעך אונטער'ן אָרעם דורכן אויסגעהאַקטן שטיקל וואַלד, זינגט ווילד און דער עכאָ פון פרימאָרגנדיקן וואַלד ענטפערט אָפּ ווייט און פּילפּאַכיק. ער איז געווען אין דער מיט, אַ קאָפּ העכער פון זיי; די שפּיצן פון זיין צעשפּיליעט העמדל זענען זיך צעפלויגן. אין זיין פריש מויל איז געווען אַ ליד, וואָס האָט געפלאַטערט איבער די הייף און איבער די ברוקן פון פּאַריז — אַ ליד וועגן אַן אומגליקלעכער ליבע אין דער צייט פון קאַרשן־צוויט. ער האָט זיי מער נישט געפירט מיטן שטעג. דורך דער לאָנקע, אונטער די עפּל־ביימער, פאַרטרונקען אין הויכע גראָזן, האָט ער קווער געשניטן דעם וועג צום הייזל מיט די גרינע לאָדנס.

— דער אָנקל אָגיסט קאָכט אַוודאי זיין פרימאָרגן־קאַפּע אין אַלטמאָדישן קאַמין... — האָט ער געלאַכט און געוויזן זיי צום רויכל, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון קוימען איבערן אַראָפּגעבויגענעם דאַך.

אויף יענער זייט פון נידעריקן פּלויט איז די טיר צום גאַניק געווען אויפגעשפּאַרט. געשפּרענקלטע הינער און אַ גרינער האָן אין דער מיט זענען נאָר־וואָס אייליק געהאַט אָנגעלאָפן פאַר די טרעפּלעך, ווו די ערד איז פאַרזייט געווען מיט גערשטן. מיט איין שפּרונג איז מאַריסעט געווען אויף דער שטיג, האָט נישט באַלד געטראָפן אין די טירן אינעווייניק, ווו ס'איז געווען האַלב־טונקל, קומענדיק פון בלענדיקן דרויסן. ער איז געגאַנגען פון איין טיר אין דער אַנדערער, ביז דער פינצטערער קיך מיט דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. אין דער טיף האָט קוים געטליעט דער פלאַם פון אַלטמאָדישן קאַמין. פון סופיט זענען אַרונטערגעהאָנגען אַלטע קופּערנע פּאַנען, געטרוקנטע ווורשטן, ציבעלע־קרענץ. ער האָט דעם אָנקל אין ערגעץ נישט געפונען, איז צוריק אַרויס אויפן גאַניק און דאָ האָט ער אים דערזען אָנקומען מיטן שטעג פון וואַלד הינטערן הויז; ער האָט געטראָגן צווייגן און זקניש געבויגן זיך אונטער דער לאַסט פון אַ זאַק מיט גראָז פאַר די קרוליקעס.

אַנרי האָט דערווייל באַטראַכט היגטערן הייזל די גערטנער ביז אַראָפּ, דעם וואַלד, אַ טריט פון דאַנען, דעם בלויען פּאַס פון טייכל אין דער נידער, און אַ גרויסע, ווייטע, שטומע בענקשאַפט האָט אים מיט אַ מאָל אַרומגענומען. איז ער דאָך אַליין געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעם פּויליש שטעטל און אַ גאַנץ לעבן טראָגט ער אין זיך די ווייטע קינדערישע, האַלב־פאַר־מעקטע זכרונות פון דאָרט. וויפל מאָל איז האָט זיך געחלומט נאָך איין מאָל אומצוקערן זיך אַהין, אַ קוק געבן כאָטש אויפן אָרט, ווו ס'איז זיך פאַרלאָפן זיין קינדהייט, ווו ס'גרויסע געזינדל זייערס האָט זיך בעת יענער ערשטער וועלט־מלחמה, ביים דייטש, געמוטשעט, ביז זיי האָבן איינמאָל אין אַ פּורל צוריק געברענגט אָנצושלעפּן זיך קיין וואַרשע. די מאַמע, דער עיקר זי האָט אים ווי געטון. זי האָט זיך אייביק איינגעשטעלט פאַר זיי, ווי אַ הון געגומען ס'קליינוואַרג אונטער אירע פליגל יעדעס מאָל, ווען אַ סכנה האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער זיי. דאָס האָט זי אין יענע יאָרן געריסן זיך צו לויפן איבער לענדער און גרענעצן, אין דער וועלט אַריין, פון יענעם רוצחישן פּוילן, צו געפינען אַ שטיקל ברויט פאַר די קינדער, אַ דאַך איבערן קאָפּ. איר קומט אַ בעסער לעבן. זי האָט עס פאַרדינט. און ס'האָט זיך אים אַ רגע אויסגעוויזן — די מאַמע... זי גייט דאָ אַרום צווישן די הינדעלעך... זי פאַרעט זיך, אַ פאַרפלאַמטע, אין דער באַלעבאַ־טישקייט. ווי ליב זי האָט עס. וויפל נחת ס'שיינט אַראָפּ פון איר פּנים יעדעס מאָל, ווען זי גיט־אויף עסן, אַלע קינדער זענען צעזעצט אַרום טיש, קיין איינס פעלט נישט...

ער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט. וואָס וועט ער דען זאָגן מאַריסעטן, און די מיידלעך וואָס וועט ער זאָגן? זיי לעבן נאָך דאָ אין אַ פרעמדער, אומזיכערער וועלט, לעבן נאָך אַלץ מיטן „דאָרט". און נישט נאָר די מאַמע; ס'האָט אים אַרומגענומען אַ גרויסע ליבע צו מאַריסעטן, צו די מיידלעך, צו פייגעלען... ער האָט געחלומט אויפצושטעלן דאָ אַ קליין אינזעלע אין דער מיט פון אַ צעבושעוועטן ים... ס'זאָל זיין אומגעוויינטלעך; ס'זאָל זיין בלויז יום־טוב.

ס'קליינע מיידל, פייגעלע — איבערן קליינעם מיידל האָט ער דער עיקר געציטערט. זי איז געווען אומלעגאַל, האָט אין אָוונט מורא געהאַט אַרויסצורירן זיך אין דרויסן, ווו אויפן בולוואַר זענען נאָכאַנאַנד געגאַנגען אַבלאַוועס; און כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זי האָט דאָרט, איבער גרענעצן, געלאָזן אַ יינגל אין תפיסה, אַז זי פלאָטערט איבערן גורל זיינעם, אַז זי פאַרגיסט שטילערהייט טרערן איבער די בריוועלעך, וואָס רייסן זיך אַדורך אַלע תפיסה־מויערן און אַלע גרענעצן, האָט ער מער ווי שטענדיק געזאָרגט און געפלאַטערט איבער איר. ער האָט אַפילו נישט געוואַגט זי

אַ נעם צו טון אונטערן אָרעם, ווען זיי זענען אַרונטער פון האָטעל. אַ היי־ליקע שיין, האָט זיך אים געדוכט, שוועבט אַרום קליינעם מיידל. אומגע־ריכט, קעגן זיין ווילן, האָט זי זיך אַריינגעגנבעט אין זיינע חלומות; און ער האָט זיך שטילערהייט געזאָגט — אַזאַ מיידל... ווי ווייט די רויט־האָריקע לאָטע, די דעגענערירטע אינטעליגענטקע פון סען־מישעל, האָט שוין איצט אויסגעזען פאַר אים.

פייגעלע איז געווען די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון מאַרטירער. ער האָט זיך געפּאַרכטן זי אָנצורירן. מאָריסעט האָט זי דאַרט, אָן שום חכמות, איינמאָל אַ נעם געטון ביי דער שמאָלער טאַליע, האָט זי, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַרומגענומען און געקושט. ס׳מיידל האָט געלאַכט פאַרשעמט, געקוויטשעט, אַרויסגעריסן זיך פון אים. אַנרי האָט אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ. אויך וועגן יינגל אירן האָט ער גערעדט מיט שטילער פאַרשטיקטקייט. ער האָט עס אַלץ עפּעס געטראָגן אויפן אייגענעם געוויסן. ער האָט גערעדט צו איר ווי צו אַ קינד, אין זיין אייגענער אַטעליע אויפן בעלוויל, ווו זי האָט געאַרבעט הינטער פאַרהעמערטע טירן.

— פייגעלע... — האָט ער זי גערופן און געלאַכט מיט אַ פרעמד גע־לעכטער — אַזאַ פייגעלע ווי דו באַדאַרף מען צו היטן ווי ס׳אויג אין קאָפּ... ס׳זאָל נישט אַוועקפליען...

און זי האָט געלאַכט, געלאַכט, די קליינע. אין איר שטענדיקער בליי־כער איבערגעשראָקנקייט, איז ס׳קליינע מיידל פול געווען מיט אַלע ווייַ־בערישע חנען. די צעפּלעך פאַרוואָרפן איבערן שטערן, ווי אַ קרוין, האָט אויפן מאַטן, איידעלן נאַקן ביי איר געציטערט אַ בלאָנדלעך, דורכזיכ־טיק פּאַסמעלע האָר. אירע אָרעמס זענען געווען פלינק און געשיקט ביים באַנייען די דובלע, ביים אַרויסענדיקן די זשאַקעטלעך, וואָס זענען געלעגן ביי אירע פיס אָנגעהויפט גאַנצע בערג. נאָך דער אַרבעט, האָט זי זיך אַרומגעשטויבט, צוגעקעמט, פאַרלייגט דעם בערעט אין אַ זייט אויער און אַוועקגעאיילט. אַזוי פאַרפאַרעט האָט ער זי אויך געזען אין אָרעמען האָטעל־צימערל; אין אַ פאַרשאַרצט קליידל, איז זי געשטאַנען און געוואַשן די רויטלעכע שטיינער, אויסגעשפּרייט אַ דיוואַניק, געלופטערט, געראַמט. אַ וואַרעמקייט האָט זיך מיט אַמאָל צעגאָסן אין אים — אַ קליינע פלייסיקע באַלעבאָסטע. אויף די היימישע שמחהלעך האָט זי זיך לייכט פאַרשיכורט. געלאַכט, געלאַכט, אַ וואָרף געטון זיך אויפן בעט, איר אָפּגעדעקטער פוס האָט אומגעריכט אַ בלענד געטון מיט איידעלער ווייסקייט. פאַרוואָס לאָזט זי אים מער נישט צורו, ס׳קליינע, פאַרבלאָנדזשעטע, מיידל, וואָס געהער גאָר אַן אַנדערן, נישט צו אים?

— צוריק צו דער נאַטור! — האָט דאָרט מאָריסעט פייערלעך פּראָקלאַמירט פון גאַניק אַראָפּ.

ער האָט דער ערשטער אַראָפּגעוואָרפן די שווערע שטאָטישע שיך, איז געבליבן אין קורצע הייזלעך, אין אַן איינגעשטייפט, קאָלירטק לייבעלע. נאָך אים — אַנרי, די מיידלעך, ביי וועלכע ס׳איז באַלד אַראָפּ די שטאָטישע בלייכקייט און פאַרויכערטקייט פון די פּנימער. דער אָנקל אָגיסט האָט געלאַכט מיט אַלע זיינע קנייטשעלעך. ער איז געווען אַן אַלטער מויערער, פון די געוועזענע „קאָמפּאַניאָנען״, האָט דאָ גערעכנט שוין צו דערציען די לעצטע יאָרן זיינע אין דער קליינער, פאַרלאָזענערווירטשאַפט. אָבער זינט ווען די אַלטע איז אים אָפּגעשטאָרבן, האָבן די הענט ביי אים גענומען אונטערציטערן. אויך די קינדער אין שטאָט האָבן מער נישט געוואָלט ער זאָל דאָ פאַרבלייבן איינער אַליין.

מ׳האָט זיך פאַרקליבן אויפן אָפּגעפוילטן בענקל, אונטער דער אַלטאַנע, געשיילט קאַרטאָפל, געוואָרפן זיי אין אַ גרויסן טאָפּ אַריין. זיי האָבן נישט געקאָכט אין קאַמין, נאָר אין דרויסן, הינטער דער געמויערטער וואַנט, אויף אַ פּאָר ציגל, אונטערגעלייגט דאַרע צווייגעלעך. דער רויך האָט זיך אויפגעהויבן אין דער קרום אין לויטערן הימל אַריין. פייגעלע האָט זיך באַלד געוואָרפן צו אַלע אַרבעטן. זי האָט דעם גאַנצן טאָג אַרומגעפלאַטערט אין דער באַלעבאַטישקייט, אַ היימישע, ווי ביי זיך. ביי אַנרין און ביי מאָריסעטן, וואָס זענען לאַנג געזעסן אויפן אָפּגעפוילטן בענקל, זענען שוין געווען עפּעס גאַנצע פּלענער — מען וועט אַריבערפירן אַהער אַ ביבליאָטעק... מען וועט דאָ שטודירן... לעבן צוזאַמען אין אַ פרייען קאָלעקטיוו... אין אַ קאָמונע...

אויפן ראַנד פון וואַלד האָט זיך אין מיטן יולי שוין געהאַט פאַרקליבן אַ רעשיקע און פריילעכע חברה יונגוואַרג אין לאַגער־ביידלעך. דאָרט האָט דעם גאַנצן טאָג געקאָכט אַ היימיש לאַגער־לעבן. זענען זיי דעם גאַנצן נאָכמיטאָג אָפּגעלעגן מיט דער חברה ביים טייכל, אין זאַמד, אין סאָסנע־וואַלד. ווען ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט, האָבן זיי זיך דאָרט צוזאַמענגענומען, אָנגעצונדן אַ גרויסן שייטער פון טרוקענע צווייגן. מ׳האָט אַלעמאָל אָנגעברענגט פרישע ביימלעך, געוואָרפן זיי אין פלאַם אַריין. דער פלאַם האָט געקנאַקט, אויפגעהויבן זיך, אָפּדעקנדיק אַרום אַ שטיק נאַכט. מ׳האָט לאַנג געזונגען, מ׳איז געזעסן איינגעטוליעט אין לעבלעכן יולי־אָוונט. דערנאָך, ווען דאָס יונגוואַרג האָט זיך גענומען צוריקקערן צו די ביידלעך אויפן זאַמד און מ׳האָט צום לעצטן מאָל געזונגען „דאָס ליד פון צעשיידונג״, דעם „שאַן דע דעפּאַר״, איז באַנג געווען אויפצוהייבן

זיך און צוריקצופאָרן אין שטאָט אַריין. ס׳איז באַצייטנס אויף אַלעמען צו־ריקגעפאַלן דער וואָכעדיקער עול פון דער שטאָט.

ביי דער זייט פון אַנרין איז געווען דאָס קליינע מיידל. זי האָט גע־ציטערט אינגאַנצן, פאַרשטיקט געשוויגן און ס׳איז געווען אַ מאָדנער צער אין איר שווייגן, אין אירע נישט־גערעדטע רייד, ווען מ׳האָט זיך דורכן וואַלד אומגעקערט צום קליינעם וואָקזאַל.

דעמאָלט איז שוין ביי אַנרין און ביי מאָריסעטן געהאַט געבוירן גע־וואָרן די גרויסע אידייע, די זאַך איז שוין כמעט געווען אַ באַשלאָסענע — זיי ווּעלן דאָס הייזל ביים אַלטן אָפּדינגען, ווייל אַלצאיינס קלייבט ער זיך אינגיכן אַוועקצוגיין צו די קינדער, ער קען זיך מער אַליין קיין עצה נישט געבן מיט דער צעטראָגענער באַלעבאַטישקייט; און די קינדער זיינע אינ־טערעסירט גאָרנישט דאָס אָרעמע שטיקל נחלה. אין די הייסע רעדערייען זענען זיי געגאַנגען גאָר ווייט — זיי ווּעלן דאָ שאַפן אַ מין קאָמונע. זיי האָבן שוין אַפילו געהאַט צוגעקלערט אַ נאָמען פאַרן דאָזיקן ווינקל. לאַנג האָבן זיי פריער אַרומגעזוכט, אַרומגעשפּאַרט זיך, ביז זיי האָבן צוגעקליבן איינשטימיק — „די אָדלער־נעסט״. מיט אָט דער גרויסער אידיי האָבן זיי זיך דעמאָלט אומגעקערט צו דער שטיקנדיקער, מיט־זומערדיקער, וואכעדיקער שטאָט.

פון דעמאָלט אָן האָט עס זיי, אין יענעם הייסן פאָלקס־פראָנט־זומער, נאָך אַ סך מאָל צוריקגעפירט צום שטילן, פאַרוואָרפענעם ווינקל, אַ קילאָ־מעטער דרייסיק פון די פאַריזער פאַרויכערטע צפון־פאָרשטעט. אָבער פון די פּלענער וועגן אָפּדינגען ביים אַלטן דאָס הייזל האָט זיך דערווייל גאָר־נישט אויסגעלאָזן. מאָריסעט האָט אַפילו אויסגעזען אינגאַנצן צו האָבן פאַרגעסן. ער איז פול געווען מיט אַרבעט, מיט פּלענער, מיט איניציאַ־טיוון. כאָטש די אויסרעכענונג וועגן צוזאַמענשטעלן די פּאָר פראַנק איז, דוכט זיך, געווען אַ גאַנץ פשוטע. איין אַנרי האָט אָבער נישט אויפגעגעבן. ער האָט די זאַך געזען אַ סך ווייטער. ער האָט דערווייל פאַר קיינעם גאָר־נישט מער גערעדט, מיט זיין גאַנצן פויערישן געדולד די זאַך גוט אַדורכ־געריכנט. די אַלע באַדנלאָזע מענטשן האָבן אים געמאַטערט, נישט צורו געלאָזן. אָ, ער, אַז ער האָט זיך עפּעס אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין...

סיי־ווי האָט ער זיי דאָרט אָפּט איבערגעלאָזן אויף גאַנצע טעג און אָוונטן מיטן קאָכעדיקן „הויז״, מיט די געשעפטן, מיט די אייביקע קאָפּ־פאַרדרייעניש, אַרויסגעגנבעט זיך, ווי אַ יינגל, און איז פאַרפאַלן געוואָרן. דער געהילף זיינער מיט די ראָזע, געפּאַקטע בעקלעך, דער קליינער, פּליינ־קער אַלבערט, האָט אים אין אַלעם נישקשה געדעקט. מ׳האָט קיין סך מיט אים נישט באַדאַרפט צו רעדן — ער האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען אויפן

וונק; ער האָט מער געוווסט וואָס ס'טוט זיך לעצטנס אין דער אַטעליע, אין די ביכער, אין דער גאַנצער פירונג פונעם „הויז“, ווי אַנרי גופא, און אַפילו ווי ס'שוועסטערל בראָנטשע, וואָס איז אַלע פּאָר טעג אַריינגעפאַלן אַהין געוויר ווערן, אַרומקוקן, אַרומנישטערן מיט איר אָנגעשפּיצטן, פאַר־שערישן בליק.

— אַלבערט... — האָט זיך דאָרט אַנרי איינמאָל צו אים אָפּגערופן מיט אַ פאַרשטיקט, צוגעדושעט קול — אַוורעמעלע... כ'האָב עפּעס אַ וויכ־טיקן ענין... מוזסט מיר זען אַרויסצוהעלפן...

— וואָס פאַר אַן ענין? — איז יענער באַלד אונטערגעשפּרונגען, פלינק אונטערגעטראָגן אים פייער אָנצוצינדן דעם סיגאַרעט, וואָס האָט זיך געוואָרפן צווישן אַנריס פינגער. דער קוים־באַמערקבאַרער שמייכל זיינער האָט אַוודאי געקענט באַדייטן: „ווידער מסתמא די רויט־האָריקע מויד“... ער האָט געוווסט, ער האָט געוווסט פון אַלץ און האָט אים טאַקע נישט איין מאָל אַרויסגעשלעפּט פון די קליינע, היימישע אומאָנגענעמלעכ־קייטן. ער איז געגאַנגען, געלאָפן, טעלעפאָנירט, גערעדט אין זיין נאָמען, מיט אים, מיטן קליינעם, פלינקן אַלבערטן, האָט מען אַלץ אין דער וועלט געקענט אַדורכפירן.

דער קליינער אַלבערט איז טאַקע געלאָפן ווו מ'האָט באַדאַרפט, זייטיק נאָכגעפרעגט זיך, זייטיק געוויר געוואָרן, זייטיק אַריינבאַקומען זיך דורך אַלע הינטער־טירן. ס'איז פאַר אים געווען נישט מער ווי אַ קינדער־שפּיל. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געקומען, אַוועקגערופן אַנרין אין אַ זייט אַריין און אים קורץ איינגערוימט:

— כ'האָב עס ווי ביי זיך אין קעשענע... — און ער האָט עס אים אויסגעלייגט אין קיילעכיקע ציפערן — אויף אַלעם פּאַרטיקן... און שוין מיט די איבעריקע קליינע הוצאותן...

קיינער וואָלט עס אַזוי פלינק נישט דורכגעפירט, ווי ער. ער האָט עס איינגעקויפט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, פאַר שפּאָט־ביליק, אַרויסגעצאָלט דעם אַלטן דאָרט אַביסל געלט, דערליידיקט אַלע קאָנטראַקטן מיט אַלע פאַ־פּירלעך. קיינער פון די היימישע האָט מער גאָרנישט געפרעגט — פון וואַנען? ווי אַזוי? מ'האָט אפשר יאָ פאַרשטאַנען און געמאַכט זיך נישט־וויסנדיק. ס'איז געווען, אַז ס'איז געווען אַלעמענס פרייד, אַלעמענס אומגעריכטע האָפענונג, נאָך אַ וואָך שטיקן זיך אין די ענגע יידישע אַטעליעס, צו כאַפּן זונטיק אין דער פרי, אָדער אַפילו שבת אָוונט, דעם עלעקטרישן צוג און אַראָפּלאָזן זיך אין דער „אָדלער־נעסט“. די „אָדלער־נעסט“ איז אינגיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין אַזיל פאַר די אַלע געיאָגטע, געפּלאָגטע, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אויפן פּאַריזער

ברוק אומלעגאַל, אָן „פּאַפּירן". דאָ איז מען געווען פריי אַרומצושפּאַצירן האַלבע נעכט. וולאַדעק, מיעטעק, וויקטאָר, בן־שושנים — ס'איז געווען די צייט פון פּסעוודאָנימען; און הינטער די צוגעקלעפּטע פּסעוודאָנימען האָבן זיך באַהאַלטן שאַטנס, אַנאָנימען, וואָס האָבן מורא געהאַט, געפלאַטערט, מען זאָל נישט קומען אויף זייערע שפּורן, פון דאָרט, פון וואַנען זיי זענען אַנטרונען און ווו זיי קלייבן זיך אפשר ווידער אויפצוטויכן. מ'איז געשלאָפן אַבי־ווי, אויף דער וועראַנדע, אין שטעלעכל, אויפן ליידיקן בוידעם אונטערן דאַך.

די זומערדיקע אָוונטן אין דער „אָדלער־נעסט" זענען געוואָרן באַוווסט. עס זענען נאָך דעמאָלט געווען די גרויסע נעכט אין דער „אָדלער־נעסט". פאַרשידענע לייט, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך אָפּשפּליטערונגען פון אַלערליי אידייען און אידעאָלאָגיעס, האָבן זיך, מען ווייסט גאָרנישט ווי אַזוי, פאַרפּירט אַהער. פאַרשטייט זיך, אַז אויך בן־שושנים, מיטן לייבן־קאָפּ, מיט די צו־קורצע, אויסגעריבענע אָרבל, די פינגער פאַרגעלט פון די סיגאַרעטן־עקלעך, די הויזן האַלב־אַרויפגעשאַרצט, האָט דאָ אָפּט געשפּאַנט מיטן אויסגעטרעטענעם שטעג, ווו ס'האָבן אין טאָל אַרויסגעלויכטן די אָפּגעקאַלכטע ווענט פונעם הויז, וואָס איז נאָך דעמאָלט געשטאַנען צעטראָגן, הפקר, אָפּגעלאָזן. ביי אַנרין איז געווען צו אים אַ געפיל פון מיטלייד; ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז אַזאַ־אַ וואָלט אפשר אַ מצוה געווען אַריינצונעמען אַהער, ער זאָל דאָ צוהעלפן צעהאַקן אַ שטיקל האָלץ, פּאָרען זיך אין גאָרטן און זאָל ער זיך דאָ חלומען זיינע „קאָסמישע חלומות", פאַרנעמען זיך מיט זיינע שרייבערייען. ווען וועט ער דאָ שטערן מיט זיין אַנאַרכיזם, מיט זיינע וועלט־דערלייזערישע רעיונות?

וואָס בעסער ס'איז אין יענעם יאָר אַוועקגעגאַנגען אין „הויז", אין דער אַטעליע, אין די געשעפטן, אַלץ מער אַמביציע האָט ער אַריינגעלייגט אין דער „אָדלער־נעסט", אַלץ מער האָט ער זיך געלאָזן קאָסטן. זיי האָבן אין שטוב גאָרנישט אַזויפיל געוווסט. ס'איז אפשר אַ גליקלעכער צופאַל — האָט ער אויך אַ טראַכט געטון — ווייל בלויז מיט שיינע אידייען און מיט גוטע צוזאָגן פון דעם אָדער פון יענעם, וואָלט ער אַוודאי גאָרנישט געקענט רעאַליזירן. וויפל שיינע אידייען ווערן אַזוי פאַרלוירן! צי איז עס בלויז געווען ס'געפיל פון וועלן מיט עפּעס אויסקויפן זיך, פון וועלן עפּעס ראַטעווען? זיינע אַמביציעס זענען געגאַנגען נאָך ווייטער, גאַנץ ווייט. ער האָט געוואָלט ס'זאָל דאָ זיין אַ קאָמונע, אַן אמתער צענטער פאַר יידישער קולטור, פאַר יידישער אינטעליגענץ, פאַר אָרעמע שרייבער, פּאָעטן. ער האָט אַפילו געטראַכט וועגן אַן אייגענעם זשורנאַל.

— לאָז עס, אַנרי... — האָט דאָ מאָריסעט איינמאָל אָוועקגעמאַכט, נאָכאַנאַנד געפּיפּקעט זיין קורץ פּייקעלע, געשמייכלט דין פון אונטערן בערשטלדיקן שויבערל — נאָכוואָס אילוזיעס ?...

ער האָט שוין גאָר מער נישט געדענקט, וואָס מ'האָט אַנומלט אַזוי הייס געהאַט איבערגעשמועסט. ער האָט זיך דאָ פאַרוויילט, געלאַכט, אַרומגע־שטיפט מיט די מיידלעך. ס'איז אים גוט געווען. אָבער אַנרי האָט אים מער נישט געהערט, אַזוי פאַרטראָגן איז ער געווען. און ער האָט אַפילו געפונען סימפּאַטיע ביי געוויסע לייט פון זיין גראַד, כאָטש זיי האָבן עס נישט אָפן מודה געווען. זיי האָבן אין אים עפּעס נעפּלהאַפט מער דערפילט, ווי פאַר־שטאַנען. באַטירלעך, זענען געווען נישט וויניק בייסיקע רייד אויף זיין חשבון, ווייל איצט האָבן שוין צוביסלעך אַלע געוווסט פון וואַנען ס'נעמט זיך זיין „משוגעת", וווהין ער צילט. די מערסטע, בייזע, ניכטערע גע־שעפטסלייט, שטאַרק־פּראַקטישע, אַלע כמעט „געוועזענע", האָבן עס פּשוט אָנגענומען פאַר צביעות, פערפידיע; דאָס איז, האָבן זיי געזאָגט, אַבי צו געפעלן ווערן די זעלבע חברים, וואָס ער ציט דעם קליי פון זייערע ביינער... וואָס ער לעבט ברייט אויף זייער חשבון. אַנדערע ווידער האָבן זיך פאַר־טראַכט, לייכט אָפּגעזיפצט און אַזוי, פאַר־זיך, אַ זאָג געטון:

— אַז מען וויל גוט באַקלערן... איז ער אפשר נישט אינגאַנצן אומ־גערעכט... נאָך אַלעמען... איז עס דען נישט ריכטיק צו שאַפן אַ שטיקל גייסטיקע היים פאַר בלאָנדזשענדיקע יידישע אינטעליגענטן ?... טאַקע, וואָס, מ'שטיינסגעזאָגט, טוען מיר דען אויף פאַר אונדזער געלט ?

אָבער דאָס, וואָס אַנרי האָט נאָך אין יענעם הייסן זומער, אין ערשטן טאָג און איינער פון די ערשטע כמעט, אַלע פאָדערונגען פון סינדיקאַט אונטערגעשריבן, די 40־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך, די געצאָלטע וואַקאַנסן, האָט זיך נאָך, פאַרקערט, סאָלידאַריזירט מיט די אַרבעטער און ביי אים האָט מען געאַרבעט, געליווערט, איז צוערשט דורך זיינס גלייכן, די אַלע אַרויפגעאַרבעטע יידן, די צעלייגערס, די איינרייסערס אין דער קאָנפעק־ציע־וועלט, באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ ריין און גרויס משוגעת. ווייס ווער טוט עס דען אָפּ אַזאַ זאַך ? טאַקע, וואָס איז די איילעניש ? מירן זען וואָס גרעסערע קנאַקערס פון אונדז וועלן טון. באַלד דערנאָך אָבער זיי זיך גע־כאַפּט, אַז גערעכט איז ער טאַקע געווען, אַז ס'איז דערווייל גאַרנישט צו מאַכן קעגן אַזאַ אינסטינקטיוון אויסברוך פון אַ מאַסע; אַז דערווייל אַרבעט מען, ס'רודערט זיך; ער איז איינער אויפן מאַרק און זיי אַלע שטייען מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער... מ'האָט געמורמלט פאַרשידנס, אָבער אַ פאַקט איז געווען, אַז דווקא אין דעם הייסן זומער האָט אים, דאָס „הויז", **דאָס**

מזל אַמערסטן צוגעשפּילט. אין די יידישע קאַפּייען אַרום רעפּובליק, האָט מען געשפּאָט פון אים, אָנגערופן אים „רויטער פּאַטראָן״.
— אונדזערע פּאַטראָנען... — האָט זיך דאָרט איינער ברייט געוויצלט
— זיי מאַכן געלט, עקספּלואַטירן, ציען אַרויס דעם קליי פון די ביינער ביים אַרבעטער, ביים „פּאַסאָניער״, כדי... צוצואיילן די סאָציאַלע רעוואָלוציע... שיין זעען מיר אויס... אַזאַ זאַך איז נאָך נישט געזען געוואָרן...
— אָט זאָגט מען גאָר, אַז יענער האָט זיך שוין צוגעאיילט און אַפילו געגרינדעט אַ מין אייגענעם קאָלכאָז... אַ קאָמונע אַזאַ... אָבער זיינע געשעפטן, הער איך, גייען דערוויַיל גאָרנישט שלעכט...
זיי האָבן אָבער אַלע ווי איינער געמוזט צוגעבן, אַז ס׳איז געווען פיל מער אין זיין דרייסטער האַנדלונג, בכלל אין זיינע מאָדנע גענג, וואָס מ׳האָט נאָך אַזוינס ביז היינט צו טאָג נישט געזען.
אַנרי איז אין יענע הייסע טעג מיטגעווען אויף אַלע מיטינגען, אויף אַלע דעמאָנסטראַציעס. ס׳שוועסטערל בראָנטשע איז געקומען צולויפן און דער קליינער, פלינקער אַלבערט האָט אים אין אַלעם געדעקט. און כאָטש ער איז שוין ווייט געווען פון בעלוויל און נאָענטער צו די קאָכעדיקע האַנדלס־געגנטן, אין טומלדיקן „הויז״ אַרום די גרויסע בולוואַרן, איז זיין אַלטע היים נאָך אַלץ פאַרבליבן דער בעלוויל, ווו ס׳האָט געקאָכט מיט אַן אָנגעלויף פון יידן, די היימישע קאַפע ביי בריגיטן, די אָרעמע, אַרומגעשיילטע האָטעלן אין די שמאָלע, פינצטערע געסלעך, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער פאַרשטעקטער, אַרומגעשיילטער האָטעל „פּעקין״ און ווו ס׳האָבן זיך אין יענעם זומער אויפגעהאַלטן די צוויי קליינע מיידלעך.

## 5

ווען אַנרי האָט זיך אין יענעם פרייטיק אָוונט אַרויפגעכאַפּט די קרומע שטיג פון האָטעל „פּעקין״, צו פאַרבעטן די מיידלעך אויף זונטיק אין דער „אָדלער־נעסט״, האָט דורכגעשפּאַנט דאָס דורכגעשווענקטע שטיקל קאָרידאָר, אָנצוקלאַפּן אין דער טיר, איז די אַנדערע, חנקע, מיט פלאַטער געקומען אויפמאַכן אַ שפּאַרע; דערזעענדיק אים אויף דער שוועל, האָט ס׳איבערגעשראָקענע מיידל אין פחד אַרויסגעמורמלט:
— פייגעלע... זי איז נישט אַהיימגעקומען, פייגעלע...
— ווי אַזוי ?... — האָט ער צורעשט נישט פאַרשטאַנען.
— נישט אַנדערש... מ׳האָט זי פאַרהאַלטן...

ס'איז שוין געווען שפּעט, ער האָט שוין אין ערגעץ נישט געקענט לויפן. איז ער צוריק אַרונטער אין דער קאַפע צו בריגיטן. עטלעכע לייט פון געסל זענען געשטאַנען אַרום צינק איבער האַלב־ליידיקע גלעזלעך. פון בולוואַר אין דער נידער איז נאָך אַלץ אויפגעגאַנגען אַ פאַרשטיקט געזאַנג. די שטרייק־כוואַליע האָט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ מער פונאַנדער־געוויגט. אַלע מעטאַל־ און האָלץ־פאַבריקן, אַלע גאַראַזשן, אַלע גרויסע שיף־אַטעליעס פון דער געגנט, זענען באַוואַכט געווען און באַזעצט פון די אַרבעטער. מ'איז דאָרט געשלאָפן שיכטנווייז. אין גרויסן קליידער־מאַגאַזין, אויפן פּאָבור, האָבן זיי דאָרט הינטער די אַראָפּגעלאָזענע שטאַכעטן־סטאָרן געלאָזן אינעווייניק העל ברענען סליכט, די יונגעלייט און די מיידלעך האָבן, ביי די קלאַנגען פון אַ פּאַטעפאָן געטאַנצט. אַרום איז געשטאַנען אַן עולם. אין דער טריקאָלאָר־פלאַכטע זענען אַלץ געפאַלן די געלעכערטע, אָפּגעריבענע, קופּערנע און ניקלענע סוען, צוהילף דעם שטרייק־פאָנד.

— ווו לויפט מען אַצינד זוכן מאָריסעטן? — איז ער נאָך אַ מאָל גע־קומען אַ פרעג געבן בריגיטן.

— וואָס הייסט — ווו? אין דער פּערמאַנענץ פון סינדיקאַט. ער האָט נעכטן געהאַט זיין טאָג אורלויב.

פייגעלען, האָט ער פאַרשטאַנען, האָט מען אַוודאי אַראָפּגענומען פון אויפגערודערטן בולוואַר, ווו עס זענען נאָכאַנאַנד געגאַנגען אָבלאַוועס. אָרעמע פייגעלע! זי האָט אָבער די גאַנצע צייט געפּאָרכטן זיך. ס'איז אים מיט אַ מאָל אַ גרויס רחמנות געווען אויפן קליינעם מיידל. ער האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן די געדיכטע געזעמלעך. ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען אין דעם אָוונט. אומעטום — פּאָליציי־קעטשלעך, פּאָליציי־קאָרדאָנען, אַרום די טויערן פון די אויסגעלאָשענע פאַבריק־האַלעס. אַזעלכע יונגע מיידלעך, ווען זיי פאַלן אַריין אין די הענט פון די ברוטאַלע פּאָליציי־לייט... ס'האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרץ און ער האָט זיך אַליין צום ערשטן מאָל אַ פרעג געטון: פאַרוואָס גייט זי דיך אַזוי שטאַרק אָן, פייגעלע?

צוריקגעקומען איז זי מיט אַ טאָג שפּעטער — אַ קלענער געוואָרענע, אַ בלייכע, אַ שטילע. זי האָט כמעט ווי גאָרנישט דערציילט. ס'געווייין איז איר שטעקן־געבליבן אין האַלדז. זי האָט געברענגט אַן אויסוווייז, אַז מיט 7 טעג שפּעטער טאָר זי זיך מער נישט געפינען אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע. אַזוי בלייך און דערשראָקן, ווי זי איז געווען, האָט אַנרי באַלד דעם ערשטן זונטיק אָפּגעפירט פייגעלען אין דאָרף אַריין. סיי־ווי איז די אַטעליע שוין געווען פאַרקלאַפּט ביז סוף זומער; ס'האָט זיך אָנגערוקט דער לאַנגער, ביטערער מאָרט־סעזאָן. די מאַמע מיט די קינדער זענען שוין

אויך געווען. זיי האָבן זיך דאָרט איינגעאָרדנט אַבי־ווי, אין די עטלעכע נידעריקע, דאָרפישע צימערן, אין דער גרויסער, קאַלטער קיך מיטן אַלט־מאָדישן קאַמין. איז דאָס מיידל שוין דערוויַיל פאַרבליבן מיט זיי. דערנאָך איז אַנרי מיט מאַריסעטן, מיט דער איבעריקער באַנדע, אויך אונטער־געקומען. זיי זענען געווען פריילעך, אומגעוויינלעך אויפגעלעבט.

— מיר האָבן — האָט אַנרי באַלד אָפּגערופן זיך צו דער קליינער — אַ וויכטיקן פּלאַן.

— וואָס פאַראַ פּלאַן? — האָט פּייגעלע זיך נאָך אַלץ געפּאַרכטן.

— איר וועט דורכפירן אַ פיקטיווע חתונה, דו מיט מאַריסעטן... און וועסט מיט איין מאָל ווערן אַ — פראַנצוזקע...

ווייל אַזעלכע זאַכן האָבן זיך דעמאָלט שטילערהייט פּראַקטיצירט. ביי די פראַנצויזישע חברים איז עס דאָרט געווען אַ קלייניקייט; זיי האָבן זיך גאַנץ שיין אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער נאַרישער חתונה־פּראָצעדור; מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט מען זיך, געוויינלעך, גע'גט, און אויב נישט, איז אויך נישט געווען קיין גרויס אומגליק, אַבי ס'מיידל איז דערוויַיל פאַרבליבן אַ פראַנצוזקע, קיינער האָט איבער איר קיין שליטה מער נישט געהאַט. טייל מאָל ווידער האָט זיך עס אַזוי אָנגעהויבן אין אַ געלעכטער כלומרשט, און פאַרענדיקט האָט זיך עס, אַז ס'פּאָר־פאָלק איז טאַקע אויפן רעכטן אמת געגאַנגען ווינען צוזאַמען.

אויך ביי זיי איז עס צוערשט אַלץ צוגעגאַנגען ווי אין אַ שפּאַס. אין אַ וואָכעדיקן פרימאָרגן האָט מאַריסעט אַוועקגעלייגט די אַרבעט אין גאַ־ראַזש, צוגעשוירן זיך דאָס בלאָנדע, שטייענדיקע שויבערל, אַרויפגעצויגן אַ שטייף העמד, אַ קראַוואַט, גאַרנישט לויט זיין טבע, מיטגעברענגט אַ פּאָר עדות, אַ בוקעט רויזן. פּייגעלע האָט זיך נאָך אַלץ וויניק־וואָס פאַר־שטאַנען, וואָס ער האָט דאָרט, שיטנדיק זיך פון געלעכטער, אַריינגערעדט אין איר. זי האָט זיך גערויטלט, געווען צעטומלט, געלאַכט און — האָט זיך גאָר פּלוצים צעוויינט, די קליינע.

— וואָס איז שוין ווייטער פאַר אַ קלאָגן? — האָט זי טעמערל, ווי אַן אייגענע מאַמע, איינגענומען — ער איז, אויף מיין וואָרט, אַ גאַנץ ווילער שייגעץ... ער וועט דיר, נאַרעלע, חלילה, קיין שלעכטס נישט טון...

און אַנרי האָט זיך נאָך ברייט געוויצלט אויך, אָבער עפּעס נישט מיטן גאַנצן האַרצן. אין דעם טאָג האָט פּייגעלע אויף אַן אמת אויסגעזען ווי אַ קליין, צאַרט, פאַרחלומט, יידיש כלה־מיידל פון אַ היימיש שטעטל אין פּוילן; און כאָטש ס'איז געלעגן אַ גרויסער יידישער טרויער אין אירע שיינע אויגן, האָבן זיי אָבער פאַרפירעריש געשמייכלט דורך טרערן. מ'האָט איר איינגע־שאַפט אַ לאַנג, ווייס טיולן קלייד מיט שפּיצעלעך, מיט וואַלן, מיט ווייסע,

לאַנגע הענטשקעס און אַ פריילעכע כאַליאַסטרע האָט זיי אַרויפּבאַגלייט די ברייטע, קילע מאַרמאָר־שטיגן פון דער מערי. זי איז געגאַנגען און נאָך אַלץ געפּאָרכטן זיך, דאָס קליינע מיידל. אַנרי איז געבליבן הינטערשטעליק און מ'האָט אים אין דער לעצטער מינוט, לאַכנדיק, געמוזט אַרויפשלעפּן.

— קום! — האָט אים מאָריסעט שוין נישט אָפּגעלאָזן — ביי מיר וועסטו זיין דער אמתער אונטערפירער...

דער דיקער, סאַנגווינישער מער, מיט דער טריקאָלאָר־באַנד אויף דער ברוסט, מיט אַ רויטער צורה פון אַ וויין־טרינקער, האָט זיך באַוויזן פון דער זייטיקער טיר, באַגלייט פון דער מאָגערער סעקרעטאַרקע, וואָס האָט געהאַט אַן אויסגעצויגן פּנים, פול מיט בלעטערלעך, און פון נאָך איינעם, אין אַ שוואַרצן, שטייפן סמאָקינג, פייערלעך פאַרגלעט דעם קליינעם פליך; דער מער האָט אויסגעלייענט דעם גאַנצן פּזמון; און ווען דער לאַנגער זאַל, ווו ס'זענען געווען פונאַנדערגעזעצט אויף די ווייכע בענק נאָך אַ פינף־זעקס פּאָרלעך, אַרומגערינגלט מיט משפּחה, פריינט, אַלע מיט שטייפע, וויכטיקע מינעס, האָבן זיך פייערלעך אויפגעשטעלט, איז דאָס קליינע מיידל נאָך אַלץ געשטאַנען דעם קאָפּ צו דר'ערד און געפּלאָטערט ווי אַ בלאַט. זי האָט אפשר געטראַכט וועגן דער ווייטער היים, וועגן טאַטע־מאַמע און — וועגן דעם יינגל אירן, וואָס שמאַכט דאָרט הינטער די תפיסה־קראַטן, האָט זי געטראַכט, און ס'האָט איר שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן.

ווען די גאַנצע פייערלעכע פּראָצעדור איז ענדלעך געווען פאַרענדיקט, האָט זי זיך געפרייט און געוויינט, די קליינע. זי האָט אָבער מיט אַ מאָל שאַרף דערפילט, ווי מען וואָלט ביי איר, ווי ביי אַ קינד, פּלוצים אַוועק־גענומען די שפּילצייג און אַנגעטון איר אין דערוואַקסענע קליידער. ס'איז באַלד דערנאָך געווען אַ פריילעכע, אימפּראָוויזירטע פייערונג, מיט רעדעס, מיט טאָאַסטן. מאָריסעט האָט זיך, מעשה־חתן, געהאַלטן שטייף, זיצנדיק אין דער קאַפע ביי דער זייט פון קליינעם, איבערגעשראָקענעם יידישן מיידל. אויך ער האָט, דוכט זיך, עפּעס פאַרלוירן פון זיין פריערדיקן הומאָר. ער האָט אָפּגעשטופּט פון זיך דאָס נישט־דערטרונקענע גלעזל און זייטיק, אינגאַנצן ווי אַ פרעמדער, מיטאַמאָל באַקוקט לעבן זיך דאָס קליינע מיידל. ס'איז אים עפּעס אַ שאָד געוואָרן באַלד נאָך דעם אַלעם איבערצולאָזן זי. מ'איז נאָך אַוועק טרינקען אין דער ביסטראָ צו בריגיטן, כאָטש די שטאָם־געסט און די שכנים האָבן דאָרט, חלילה, נישט באַדאַרפט צו וויסן וואָס־און־ווען. די טראַגי־קאָמישע פיקטיווע שמחה פאַרענדיקט, האָט מאָריסעט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קראַוואַט און, ווי יעדן טאָג, אַוועקגעאיילט צו דער אַרבעט אין גאַראַזש.

— מעגסט מיר פונדעסטוועגן אַ קוש טון, קליינע!... — האָט ער נאָך, פאַרן אָפּגעזעגענען זיך, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, אויסגעשטעלט די באַק.

אַלע האָבן מיטגעלאַכט, ווען ס׳קליינע מיידל האָט זיך נאָך אַלץ זשע־נירט, האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיצן פינגער לעבן הויכן מאָריסעטן און זיי האָבן זיך צעקושט.

פייגעלען האָט די מאַמע טעמערל צוריק אָוועקגענומען אין דאָרף אַריין. סיי־ווי זענען געשטאַנען גרויסע היצן איבער פּאַריז. מ׳האָט נישט גע־אַרבעט. ס׳זענען דעמאָלט געווען די רוישיקע, פריילעכע „וויקענדן״. דאָס האָט פייגעלען אַ ביסל פאַרדרייט דעם קאָפּ און אין אַלעם געמאַכט פאַר־געסן. זי איז שוין אַצינד געווען באַשיצט, זיכער, טראָגנדיק מיט זיך אַ פּראַנצויזישע קאַרטע און אַפילו אַ פאַמיליע־ביכל, כאָטש זי האָט נאָך רעכט קיין פראַנצויזיש נישט געקענט. דאָס געבאָרגטע חתונה־רינגל האָט זי באַלד צוריקגעגעבן דער מאַמע טעמערל. זי האָט זיך נאָך אָבער אַלץ גע־פאָרכטן און באַשלאָסן אינגאַנצן נישט צו שרייבן וועגן דעם אַלעם אַהיים און אַוודאי נישט — צום יינגל אירן אין תפיסה אַריין. ס׳האָט דאָרט אויס־געזען צו קומען אַ שטיקל ענדערונג; ער האָט נאָך געהאַט אָפּצוזיצן אַ היפּשע צייט, איז אָבער שטאַרק קראַנק געוואָרן און מ׳האָט אים, נאָך גרויסע באַמיאונגען, פּראָוויזאָריש באַפרייט קעגן קויציע, וואָס איז איינגעלייגט געוואָרן ביים פּראָקוראָר. דערפאַר האָט זי געהאָפט, אַז אפשר... און ס׳האַרץ אין איר האָט געפלאַטערט, געפלאַטערט.

צומאָרגנס נאָכן 14־טן יולי איז זיך צונויפגעפלויגן די גאַנצע באַנדע אין דער „אָדלער־נעסט״. ס׳איז געקומען מאָריסעט, ס׳זענען געקומען די פריילעכע יאַטן און מיידלעך פון יוגנט־קלוב, ס׳איז אַראָפּגעקומען בן־שושנים און האָט אומגעריכט מיטגעברענגט מיט זיך... לאָטען, די רויט־האָריקע לאָטע מיטן גרינעם בליק אין אירע אויגן. פייגעלע האָט זיך, פון דער זייט, פול מיט נייגער, נישט געקענט אָפּקוקן פון איר. זי איז געזעסן אויף דער ווערענדע, לאָטע, דעם פלאַמיקן קאָפּ אונטערגעבונדן מיטן בלויען בענדעלע, פאַרוואָרפן אַהינטער, און האָט לאַכנדיק אויסגעהערט, וואָס דער אומעטיק־פאַרטראָגענער מענטש מיטן פאַרוואַקסענעם לייבן־קאָפּ האָט אַלץ אַריינגערעדט אין איר.

— אַנרי... — האָט זיך פייגעלע אַ טוליע געטון צו אים, געוואָלט עפּעס פרעגן און — נישט געפונען די רייד.

— כ׳וויס, פייגעלע... כ׳וויס... — האָט ער געלאַכט פרעמד — זי מאַכט דיך אַביסל אייפערזיכטיק... נישט אמת?

— ניין... — האָט די קליינע זיך דערפילט פאַרלעגן — מיין יינגל... כ'וואַרט אויף מיין יינגל...

— וואַרט, וואַרט... — האָט אַנרי לייכט געפייפט אין זיך אַריין און אַראָפּגעאײלט פון גאַניק — ווער לאָזט דיך נישט וואַרטן ?...

ער איז געווען פאַרפּאָרעט, האָט נישט קיין צייט געהאַט אַפילו אומ־צוקוקן זיך. ס'האָט אים נישט געאַרט. פאַרקערט, ער האָט געוואָלט, אַז די „אָדלער־נעסט" זאָל זיין אַן אָרט פאַר אַלעמען. ס'האָט קיינעם נישט געאַרט, וואָס ס'הויז קען נישט אויפנעמען אַזויפיל מענטשן. ס'איז אין יענע טעג דאָרט געווען אַ פריילעכער, לאַכנדיקער, רויענדיקער בינשטאָק. אין יע־נעם זומער איז דאָרט נאָך אַלץ געשטאַנען אין גרויס אומאָרדנונג. מ'איז געטרעטן איבער ברעטער, איבער שטיינער, איבער קאַנאַליזאַציע־רערן, איבער גריבער וואָפּנע און ליים. די ווענט אינעווייניק — אַרומגעפּליקט פון די פאַרגעלטע רויט־געבלימלטע טאַפּעטן, אָפּגעקלאַפּט דער קאַלך, דער טינק. ווער ווייס וויפל יאָר ס'אַלטע הויז איז שוין אַזוי געשטאַנען ? ס'איז נישט געווען קיין פויעריש הויז, דאָס איז גלייך געווען צו מערקן, נאָר אַן אַלטע, פאַרלאָזענע ווילע, וואָס האָט אַוודאי אַמאָל געהערט צו אַ רענטיער, אָדער אַ שטאָטישן רייכן מאַן, וואָס פלעגט זיך אַוודאי אַראָפּכאַפּן אַהער אויף אַ פּאָר וואָכן אין די זומער־חדשים, אויף פיש־פאַנג, אָדער אויף יאַגד אין די אַרומיקע וועלדער פון שאַנטיאי. די „אָדלער־נעסט", וואָס אַלע האָבן זיי אַזוי פייערלעך געהייליקט דעם נאָמען פון דער האַלב־צעטראָגע־נער ווילע, איז נאָך דעמאָלט געשטאַנען אין ווערן. ס'איז באַשטימט גע־וואָרן, אַז יעדער זאָל מיט עפּעס צוהעלפן. מאָריסעט האָט דאָ באַלד ערגעץ אויסגעפונען אַ פאַרזשאַווערטן רידל און גענומען זיך אָפּרייניקן די בערג־לעך הינטער די נידעריקע, האַלב־איינגעזונקענע פענצטער. דאָ האָבן באַ־דאַרפט זיין בייטן, בלומען־קלומבעס. ער האָט דעם גאַנצן טאָג נישט גע־קענט איינזיצן ליידיק.

דאָס שטיקל גאָרטן איז נאָך ווי נישט איז צעגראָבן געוואָרן. ס'איז אים געגאַנגען אין גאַנצן לעבן, אַנרין; כאָטש דער שווייס האָט זיך פון אים געגאָסן, איז ער נישט אָפּגעשטאַנען פון מאָריסעטן. ער האָט צוערשט גע־האַט אַ נעם געטון דעם רידל אַביסל פאַרדרייט, ביז מאָריסעט איז צו, אַרויסגענומען אים פון דער האַנט דעם רידל און געוויזן אים ווי אַזוי מען נעמט רעכט אַ רידל אין דער האַנט אַריין.

— מ'זעט באַלד — האָט זיך מאָריסעט אָפּגערופן — אַז האָסט קיין מאָל די מלאכה נישט געטון... וועסט ביי מיר, נישקשה, אינגיכן כאַפּן דעם טריק...

אַליין האָט ער אַראָפּגעוואָרפן ס'העמדל און איז געבליבן אינעם ליי־בעלע, אַ בלייכער, מיט זילבערדיקע הערעלעך אויף דער ברוסט, אָבער פעסט און מוסקולירט. דאָס ליידיקע פּייקעלע האָט זיך איבערגעדרייט, האָט עס אָבער נישט אַרויסגעלאָזן פון צווישן זיינע ציינער. ער האָט לאַנג־זאַם און זיכער אַ פאַרשטעק געטון דעם רידל, צוגעשפּאַרט מיטן באַטשווע־קעטן שוך און ביסלעכווייז איז פון אונטער זיין ריי אַרויסגעפלאָסן אַ צע־גראָבענער בייט. דאָס קאַלך, דאָס מיסט איז געלעגן פון אונטן, איבער־געדרייט, און פון אויבן האָט זיך אויסגעלייגט קעגן דער זון אַ פרישער, ברוינער, זאַפטיקער פלאַסט ערד.

— מירן דערנאָך צעגראָבן דאָס שטיקל קאַרטאָפל־פעלד אויך — איז אַנרי געווען פלייסיק צערויטלט — אָבער פאַר אַלעם מוזן מיר מאַכן אַ ביסל אָרדענונג אַרום הויז. — און אַלע געזונטע פאַרבן האָבן געשפּילט אין זיינע באַקן.

די איבעריקע האָבן זיך נישט געאיילט. זיי האָבן זיך, אָן איבעריקן חשק, געפּאָרעט אַרום הויז, אַריינגעקלאַפּט אַ טשוואָק, ווו מ'האָט באַ־דאַרפט, געקאַלכט, געמאַלעוועט און מער געלאַכט, אַרומגעפּלאַפּלט, ווי געאַרבעט. אַנרי האָט געהאַט די אַמביציע, אַז אַרום דאָ זאָל זיין גרין, זויבער, פּלאַנמעסיק־צעשניטן, אַזויווי ביי די שכנים אין טאָל — די גלייכע רייען סאַלאַטן, די גרינע ציבעלעס, די פּוראַ, די מערעלעך און אַפילו די נידעריקע קוסטן־בייטן טרוסקאַווקעס. ער האָט זיך אייפעריק איינגע־קוקט, מיט וואָס פאַראַ אינטערעס מאָריסעט האָט אַ נעם געטון אַ הויפן שוואַרץ־ערד אויף דער דלאָניע, לאַנג באַקוקט, געשמעקט צו דעם, צעריבן עס צווישן די פינגער און ס'האָט זיך אומגעריכט אַרויסגעריסן ביי אים, ווי מיט אַ זיפץ:

— אויף דעם באָדן קען וואַקסן גוטער ווייץ... אַ שאָד...

און אַנרי האָט זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט, ווי מאָריסעט האָט אים אַנומלטן דערציילט, אַז דער זיידע זיינער איז געקומען אין שטאָט אַריין אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון אַ דאָרף. ס'איז אַפנים אַטאַוויזם, ווייל ווער ביי אונדז נעמט עס דען מיט אַזאַ צערטלעכקייט אַ הויפן ערד אין דער האַנט אַריין? ער האָט אויך געהאַט אַ געפיל פון שעמען זיך, וואָס דער גאָרטן הינטערן הויז איז נאָך די אַנדערע וואָך אויך נישט געווען צע־גראָבן. ס'איז געווען די העכסטע צייט צו פאַרזייען. ער האָט שטילערהייט אָפּגעפּונען אַ גערטנער דאָ ערגעץ אַרום און יענער האָט זיך שוין די גאַנצע וואָך דערמיט פאַרנומען. דעם אַנדערן זונטיק, ווען אַלע האָבן זיך אַהער אַראָפּגעשאָטן, האָבן זיי מער דעם גאַנצן אַרום הויז נישט דערקענט. אַלץ איז געווען צעשניטן אין בייטן, ריינלעך צוגעקליבן; כאָטש ס'איז נאָך אַלץ

פאַרבליבן אַ ים מיט אַרבעט אַרום הויז, ס'איז נאָך דאָ אַלץ נישט געווען דאָס, וואָס ער האָט זיך פאַרגעשטעלט.

אין אָוונט האָט מען אַלע צוזאַמען געגעסן אַ פאַררויכערטע זופּ, גע־קאָכט אויפן שייטער הינטערן הויז, און מ'איז ביז שפּעט, צווישן די קוסטן, אַרום אָפּגעפוילטן בענקל, ווו ס'איז געווען אַ געדיכטער גראָז, פאַרטון גע־ווען אין הייסע גערעדערייען. די לעבלעכע נעכט הינטערן הויז זענען גע־ווען רוישיקע, טומלדיקע. ס'איז געווען די רייד וועגן ביכלעך און אַנרי האָט אַלעמען געמאַכט דעם סיורפּריז:

— איר ווייסט אַפּילו גאָרנישט... מיר פאַרמאָגן דאָ אַ פּאָעט... אַ יידישן פּאָעט...

קיינער האָט אים ביז איצט גאָרנישט באַמערקט, דעם אומעטיק־פאַר־טראָגענעם מענטש, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן זיי, געשאַרט זיך אין די ווינקעלעך, פּונקט ווי קייגער האָט גאָרנישט באַמערקט לאָטען מיטן רויטן קאָפּ לאָקן. זי האָט זיך דאָ ווי פאַרלוירן. ווי זי וואָלט דאָ אַלץ נאָך אַמאָל געוואָלט אַ רעד טון מיט אַנרין, אָבער ער האָט איר נישט געגעבן קיין געלעגנהייט דערצו; ווי זי וואָלט שוין געווען ווייטע פאַרגאַנגענהייט. מאָריסעט האָט אָנגעקוקט דעם קליינעם מענטש בן־שושנים, מיט די גרוי־ווערנדיקע שלייפן, האָט געדריקט זיין ווייכע, פייכטע האַנט. ער האָט אָנ־געקוקט אַנרין, פייגעלען און ס'איז אים מיט אַ מאָל געווען אַ ווונדער — ער קען זיי דאָך פונדעסטוועגן אַזוי נאָענט און — ער קען זיי נישט. ווייטע פאַראורטיילן, וואָס האָבן אַמאָל געשוועבט אַרום אים, האָבן אָנגעהויבן, דוכט זיך, צוריק אָנצונעמען בלוט און פלייש. ס'איז צוריק געווען מיסטע־ריע אַרום אָט די רעאַלע, אָפט צופיל־רעאַלע מענטשן. ווער זענען זיי פאַרט? וואָס טראָגן זיי מיט זיך? וואָס פאַראַ אימפּעט טראָגט זיי? צי וואָלטן אַלע כוח געהאַט צו טראָגן מיט זיך אַזאַ אימפּעט?

דער קליינער מענטש מיטן לייבן־קאָפּ, בן־שושנים, האָט דין און קראַנק געשמייכלט. וואָס איז געלעגן הינטער זיין שמייכל? מאָריסעט האָט אַ נעם געטון דאָס דינע ביכל אין דער האַנט, געדרייט עס אין אַלע זייטן, אויפגעמישט עס, פאַרשטייט זיך, פּונקט פאַרקערט, געבלעטערט און פאַרן אויג זענען געשפּרונגען די גלייך־צעשטעלטע סטראָפן פון אַ פרעמד, עק־זאָטיש לשון.

— וועגן וואָס שרייבט זיך דאָ? — האָט ער געוואָלט וויסן.

וואָס האָט ער אים דען געקענט דערציילן וועגן די קראַנקע בענק־שאַפטן פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין דער פרעמד, אין אַ פאַריזער מאַנ־סאַרדע, צו זיינע היימישע בעריאָזעס אין דער ליטע, צום פורל, וואָס הוי־דעט זיך אויפן טראַקט באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ? אין די לידער, וואָס

דאָס קליינע מיידל, פייגעלע, האָט געפלעגט צו זינגען, האָט אויך עפּעס געקלונגען דער ווייטער, פרעמדער עכאָ פון אָט דער אומבאַקאַנטער וועלט.

בן־שושנים האָט זיך אַרומגעדרייט אומעטיק, גרוי און פאַרטראָגן, ווי אַלעמאָל. אַ מינוט האָט ער אַ רעד געגעבן, געלאָזן פאַלן אַ פּאָר ווערטער און איז אַוועק אין די ווינקעלעך. אָט דער פרעמדער, האָט ער זיך געזאָגט, האָט שוין אפשר מער אינטערעס צו זיין וועלט, ווי די יידישע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס טומלען דאָ אַרום, האַלב־נאַקעטע, אין די ביידלעך, אויף דער קליינער פּליאַזשע איבערן זומער. דאָרט, ביי אונדז, זענען אַזעלכע פאַרגאַפּט געקומען אָנפילן די זאַלן, ווו אַ יידישער דיכטער האָט פאָרגעלייענט זיינע לידער. צי זענען זיי דען נישט די קינדער פון אָרעמע יידישע שניידערס און קליינע געוועלב־לייט? איינע אַ בלאָנדע, אַ ווילדע לאַכערקע, איז אַפילו אַ מינוט געוואָרן ערנסט, ווען אַנרי האָט איר איינגערוימט, אַז בן־שושנים איז אַ דיכטער, אַ יידישער דיכטער.

— און אין פראַנצויזיש... — האָט זי געפרעגט — קען מען נישט לייענען אייערע פּאָעמען אין פראַנצויזיש?...

— ניין, טייער קינד — האָט בן־שושנים דאָס מאָל געענטפערט האַסטיק, גאָרנישט לויט זיין טבע — זיי זענען געשריבן אין דער אויסגעלייטענער שפּראַך פון דיינע טאַטע־מאַמע... כ'מיין, אַז דיינע טאַטע־מאַמע זענען דיר באַנט?...

— אַוודאי... — איז ס'מיידל געשטאַנען פאַרלוירן — כ'האָב אָבער ליב די פּאָעמען פון וויקטאָר הוגאָ...

די איבעריקע האָבן דאָס אויך ביי אים נישט געפאָדערט. די מוסקולירטע יונגעלייט האָבן דאָרט עפּעס אַ מורמל געטון אונטער דער נאָז, מיט אַ מאָל אַ שיס אַרויף געטון דעם באַל אין דער לופטן און נאָכגעלאָפן אים מיט אַ ווילדער לאַכעריי. און דעמאָלט איז אים באַפאַלן אַ קלעמענדיקע פרעמדקייט. ער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט. אַרום איז אַלץ געגאַנגען די לאַנגע דיסקוסיע וועגן פרייער ליבע. אַנרי האָט זיך לאַנג געשפּאַרט מיט מאָריסעטן:

— מיר בלאָנדזשען נאָך אומעטום... די באַזע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט בלייבט אָבער דאָס געזונטע, ריינע משפּחה־לעבן.

מאָריסעט האָט געקעמט מיט אַ האַנט פינגער דאָס שטייענדיקע שוי־בערל, געבראָכן אין דער האַנט דינע ריטלעך, וואָס ער האָט אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין אויסגעריסן, און אַ וואָרף געטון:

— צו אַלדי טייוול מיט די טעאָריעס... — האָט ער זיך פריילעך אָפּגע־ריסן — די ליבע ווייסט נישט פון קיין טעאָריעס...

די מיידלעך, און אויך לאָטע, האָבן געלאַכט, געשאָטן זיך פון געלעכ־טער; כאָטש פייגעלע האָט יאָ עפּעס געוואָלט זאָגן. זי האָט זיך אָבער גע־שראָקן, די קליינע. זי איז נאָך אַלץ פול געווען מיט שרעקן. זי האָט זיך אַ ביסעלע אויך געשראָקן פאַר מאָריסעטן. ער איז אַזאַ הויכער, אַזאַ גרוי־סער, ס׳שפּאַרט פון אים אַזאַ וואַרעם געלעכטער. זי האָט געפילט זיין מילדע האַנט לייגן זיך אויף איר פלאַטערדיקן אַקסל. ער האָט אין איר אָנוועזנ־הייט אַ סך און פריילעך געפּלאַפּלט. זי האָט זיך אָפּגעקערט, ווען ער האָט באַלד דערנאָך אַרומגעטומלט מיט די אַנדערע. כאָטש וואָס האָט זי זיך אים דען אָנגעקערט? און זי האָט אַליין נישט געוווסט, פאַרוואָס ס׳איז איר מיט אַ מאָל אומעטיק געוואָרן. אַנרי איז געווען עפּעס אַנדערש, צו אים איז געווען דאָס געפיל ווי צו אַן עלטערן ברודער. ווי ס׳קליינע מיידל האָט זיך געענדערט אין דעם זומער; מיטן פאַרברוינטן האַלדז־און־נאַקן, אין לייכטן זומער־קליידל, האָט זי דאָ אַרומגעפלאַטערט און פאַרהילכט מיט איר שטי־מעלע דאָס הויז, דעם גאָרטן.

אַלע זענען נאָך געווען אויפגערעגט און אָנגערעגט פון די הייסע רע־דערייען, ווען דער הימל איבערן קאָפּ, אָנגעזעצט מיט פרעמדע, גרויסע שטערן, האָט גענומען בלייכן. הענער האָבן שוין ערגעץ געקרייט אין טאָל. די שאָטנס האָבן זיך באַוועגט אַרום פינצטערן הויז. צוביסלעך, איינציק־ווייז, האָט יעדער איינער אָפּגעזוכט ערגעצוו אַוועקצוואַרפן דעם מידן קאָפּ. מ׳איז געשלאָפן אַבי־ווי, אין אויפגעשטעלטע ביידלעך הינטערן הויז, אויף די טרעפּ, אין קאָרידאָר, אונטערן סאַמע דאַך. אָבער די צוויי דער־שראָקענע מיידלעך פון האָטעל „פּעקין" האָט אַנרי אָפּגעגעבן דאָס דאַרע פעלד־בעטל אין מאַנסאַרדע־צימערל אויבן.

ס׳קליינע מיידל — האָט מאָריסעט געפיבערט — וואָס וויקלט זיך אַזוי צניעותדיק אין שטוב־כאַלאַט, איז נישט ווי די אַנדערע, די פולע, די אויפגעשאָסענע, וואָס שפּרינגען שיעור נישט אַרויס פון זייערע באָד־קאָסטיומען. פאַרלאָקנדיקס באַהאַלט זיך אונטער איר קינדערישער שע־מעוודיקייט. איר שטילער, העלער סילועט שניידט זיך אַריין אין לעבלעכן חושך. „ס׳איז מיין ווייב, אָדער נישט?..." — פרעגט ער זיך אין שפּאַס און פילט אַליין נישט, ווי די פיס טראָגן אים נאָך איר; זי פאַרשווינדט אין דער טיר אויפן גאַניקל. ער קען ס׳קעמערל אונטערן דאַך, ווו די מיידלעך שלאָפן; אַ ריגל איז דאָרט פאַראַן פון יענער זייט טירל. פון דער טיף דאָרט הערט ער נאָך אַלץ אַנריס שטימע. ער איז נאָך אַלץ ערגעץ אין דער מיט פון זיינע הייסע רייד...

די דיסקוסיעס האָבן סוף כל סוף פאַרטויבט, מיד געמאַכט. ער איז מיט שטילע שפּרייזן אַרויף די קרעכצנדיקע שטיג אין דער פינצטער, גע־

שטאַנען אַ ווײלע, צוגעהערט זיך צום פֿאַרריגלטן טירל און — עפּעס נישט געוואָגט. דער פֿרעמדער אַראָמאַט, מיט וועלכן ס'זענען געווען אָנגעזאַפּט די באַשיידענע קליידלעך און די מינדסטע קלייניקייטן פֿון מיידל, האָבן אים שיכור געמאַכט. „פֿאַרוואָס דען נישט, נאָך אַלעמען ?"... — האָט ער זיך געזאָגט און ס'איז אַפּילו אויפֿגעשטיגן אין אים אַ ווייטער פֿאַרדרוס.

ער האָט זי גענומען נאָכגיין אויף די שטעגעלעך, הינטער די קוסטן, אין וואַלד, אויף דער פֿליאַזשע. אומעטום האָט ער פֿאַרשייט געלאַכט, גע־שעפּטשעט איר ליבע, צערטלעכע רייד, וואָס זי האָט זיי נישט אַלע אַפּילו פֿאַרשטאַנען און וואָס נאָר פֿראַנצויזן קענען אַזוי שיין און מוזיקאַליש אויס־שעפּטשען.

— ניין... — האָט די קליינע אַלץ געמורמלט פֿאַרשעמט — ניין...

אומעטום אָבער האָט ער געפֿילט הינטערן רוקן אַנריס פֿאַרטייעטן בליק, וואָס דרינגט אַדורך, אַפּילו ווען ער איז נישט געווען, אַפּילו ווען ער איז געווען ווייט. „ס'איז נאַריש — האָט מאָריסעט פּשוט באַטראַכט און ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען — די קליינע איז אַליין און איך בין — אַליין". וואָס האָט ער געוווסט פֿון די אַלע חכמות ? אַ קליין, אומעטיק מיידל, וואָס לאַכט אַזוי הילכיק מיט אַ פֿרעמד, ווייט לאַכן. אוודאי, ס'איז נאָר געווען אַ שפּאַס די פּיקטיווע חתונה, אָבער אָפּיציעל איז זי דאָך זיין ווייב, די קליינע, נישט אמת ?... זי קומט אים אַפּילו געהאָרכזאַמקייט, ווי דער דיקער, סאַנגווינישער מער האָט עס אַזוי פֿייערלעך בפֿירוש אַרויסגעלייענט אויף דער קליינער בימה.

און ער האָט איר איין מאָל פּשוט פֿאָרגעלייגט אָוועקצוציען זיך פֿון האָטעל, זיי זאָלן דערווייל, ביז די זאַך וועט זיך אויפֿקלערן, גיין וווינען צוזאַמען.

— ניין... — האָט די קליינע אַלץ געמורמלט פֿאַרשעמט — ניין...

— פֿאַרוואָס ? — האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען און געפֿרעגט פּשוט — כ'געפֿעל דיר נישט ?...

— געפֿעלסט מיר, נאָר כ'וואָרט אויף מיין יינגל.

טאַקע, נאָכוואָס אַזוי פֿיל אַריינקלערן אין אַזעלכע קלייניקייטן ? דער שטורעם, האָט ער געפֿילט, הענגט סיי־ווי אין דער לופֿט. גאָרנישט איז דערווייל סטאַביל. דאָס לעבן איז אפשר אַ דערוויילִיקס, מען ווייסט נישט וואָס מאָרגן וועט זיין. אין יענע טעג, ווען די קאַמפֿן אין שפּאַניע זענען אויסגעבראָכן, איז אין דער „אָדלער־נעסט" געווען באַזונדערס רוישיק. שוין פֿרייטיק אָוונט האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפֿקומען די חברה. זיי זענען געקומען באַלאָדן מיט שווערע רוקזעק, מיט שווערע באַטשוועקעטע באַרג־שיך. עס זענען געווען שטורמישע דיסקוסיעס, אַמפּערייען, סודות. מ'האָט

גערוווסט צו דערציילן, אַז פון דאַנען גייען אָפּ שטילע טראַנספּאָרטן קיין שפּאַניע. ס׳קומען פּרעמדע, פון איבער גרענעצן, האַלטן זיך דאָ אויף אַ פּאָר טעג, אין אַ זייט פון אַ בייגעריק אויג, און אין די נעכט פאַרשווינדן זיי, טראָגן זיך אָפּ, ביז אַהין, צו די גרענעץ־שפּאַרעס, אַריבערצוגיין אויף יענער זייט פון די הויכע פאַרשנייטע פּירענייען־בערג.

די מאַמע טעמערל האָט אָבער באַלד עפּעס דערשמעקט און האָט נאָר געפּלאַטערט איבער אַנרין. זי האָט, ווי דורכן חלום, געהערט, ווי מען גרייט זיך אין אַ ווייטן וועג אַריין. ס׳האָט זיך דעמאָלט געטון אין דער „אָדלער־נעסט״. עס זענען געווען אילומינירטע נעכט און הייסע פּלאַטערן אין עפּל־סאָד און אויף די אַלטאַנעס. די שטערן זענען געווען הויך און הייליק. ס׳פּערזענלעכע לעבן... — וואָס פאַראַ ראָלע שפּילט עס דען אין אַזעלכע צייטן?

די שכנים, וואָס אויף זייער אופן, דיסקרעט, מאַכנדיק זיך נישט זען, זעען אָבער אַלץ און וויסן אַלץ, האָבן דאָ באמת גאָרנישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. אַז דאָס זענען יידן, שניידערס, דאָס האָבן זיי באַלד מיט דער נאָז דערשמעקט. ווי שייך... מען דערקענט זיי שוין לויטן טיפּ, וויפל זיי זאָלן נישט אַרויפציען אויף זיך אַן אַנדער הויט. אָבער די איבעריקע, די רוישיקע פריילעכקייט, דעם טומל, די שטילע לייט, וואָס קומען און פאַר־שווינדן... זיי האָבן דאָ אויך גאָרנישט געקענט דערגיין, וואָס מען דערפילט עפּעס נישט באַלד דעם ריח פון אַן אַרויפגעאַרבעטן, פון אַ „בוואָ ריש״ — די געשמאַקלאָזיקייט פון פּירן זיך, פון אָנטון זיך, פון רעדן. די פּשטות פון אַנרין, וואָס האָט פּאָרט אויסגעזען ווי דער יונגער באַלעבאָס, האָט זיי פאַרוווּנדערט און זיי האָבן נישט געקענט זאָגן, אַז עפּעס געפעלט זיי דאָ נישט. שוין פון גערטנער, פון דער ברויט־פּאַרקויפערין, וואָס פאָרט דאָ פאַרביי מיטן צעטרייבערטן אויטאָ צוויי מאָל אין טאָג, האָבן זיך די שכנים דערוווּסט וואָס און ווען, כאָטש נישט אַלץ.

ווען די האַרבסטיקע, דינע רעגנס זענען שוין געהאָנגען אין דער לופטן, ווען אין דער געגנט זענען זיך שוין אַלע זומער־געסט געהאַט פונאַנדערגעפאָרן, ווען די איינזאַמע רויכלעך פון טאָל האָבן זיך קוים אָנגע־זען אין זילבערדיקן נעפּל, וואָס איז ליגן־געבליבן אויף די בלעטלעך, ווען ס׳האָט זיך פרי גענומען לייכטן פון די ווייטע הייזלעך, איז מען זיך דאָ נאָך אַלץ שטיל צוזאַמענגעקומען. ס׳איז געווען אַ סך וואָס צו טון. אַנרי האָט פרי אָפּגעשפּאַרט דאָס נידעריקע טויערל פון פּאָרנט. ער האָט זיך מיט אַ מאָל דערזען אויפן פינצטערן גאַניק, דער קאָפּ — אין פיבערן. ער האָט געפילט ווי די פיס טראָגן אים אַליין. די פייכטע, צעגראָבענע ערד הינטערן

הויז, די איבערגעדרייטע וואָרצלען פון קאַרטאָפל־פעלד, פלאָנטערן זיך אים צווישן די קני. צווישן די וואָלקנדלעך באַווייזט זיך די לבנה.

אַ סך פרעמדע מענטשן זענען דאָ פאַרביי, אַ פּאָר טעג אונטערגע־דרעמלט אין הויז, היגטער פאַרמאַכטע לאָדן, און אין די נעכט אומגעזען פאַרשוווּנדן. מ'האָט נישט געוועדט דערפון. אָבער ווען ס'קליינע מיידל האָט אין יענעם גליקלעכן טאָג דערהאַלטן דאָס שטיקל בריוול, די אַנדיי־טונג גיכער, אַז אויך איר יינגל קומט, אַז ער וועט דאָ זיין אַ טאָג־צוויי, ווייל ער גרייט זיך אין אַ ווייטן וועג אַריין, האָט זי קורץ אַ שלוכץ געטון, ווידער האפערדיק געוואָרן, ווי קיין מאָל נישט פריילעך, ווידער געוויינט. זי האָט אָבער דערפילט, אַז זי קען עס באַלד נישט לויפן אָנזאָגן נישט אַנריין, נישט מאַריסעטן. פאַרוואָס? אַזוי האָט זי מיטאַמאָל דערפילט.

ס'איז געווען אין טיפן, רעגנדיקן אָקטאָבער. די שאַרפע ליכטער האָבן זיך אַרויסגעריסן פון רוישיקן קלוב דורך די בלוי־פאַרשמירטע שויבן, פאַרלאָפענע מיט נעפּל, פון דער געוועזענער פאַבריק־האַלע אין קרומען פאַסאַזש אויפן הויכן בעלוויל. ס'איז געווען אַ קליינע גרופּע פון אַ זיבן־אַכט מאַן, וואָס איז פון ערגעץ געקומען אָנצוציען און האָט געצויגן ערגעץ ווייטער. אין זייערע אָפּגעברענטע פנימער, אויסגעשמיסן פון רעגנס און ווינטן, איז געווען מאָדנע פאַרוווּנדערונג, מידקייט און אומגעווייינלעכע פאַרביסנקייט. זיי זענען דאָרט, וויגנדיק זיך, געזעסן ביי די רוי־געהובלטע טישן, האַרט ביי דער וואַנט. צומאַרגנס האָבן זיי אַלע באַדאַרפט אַוועק, פאַרשווינדן, מיט די זעלבע אומזיכערע וועגן, וואָס האָבן זיי אַהער גע־ברענגט צופירן. קיין איבעריקן באַגאַזש האָבן זיי מיט זיך נישט געהאַט — לייכטע פאַסאַזשירן, פריילעכע, רירעוודיקע און ווייניק־באַרעדעוודיקע.

— אַנרי... — איז אים פייגעלע אין דער לעצטער מינוט געקומען אָנזאָגן — ער איז דאָ... ווען דו ווייסט, אַנרי... — און זי האָט מער נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן.

זי איז באַלד צוריק אַנטלאָפן. אין ווינטיקן אָוונט האָט זי לאַנג גע־זוכט די טרעפּ פון רי ווילאַן. קאָפּטשענדיקע וואַנט־לאַמטערנס זענען דאָ שיטער געווען צעשטעלט און דער ווינט האָט פון אַלע זייטן געשמיסן די דאַרע, אָנגעפּאַלענע בלעטלעך פון די צעקרומטע אַקאַציעס, וואָס האָבן דאָ ערגעץ ווילד געשפּראָצט. מיט האַרצקלאַפּעניש, ווי צום ערשטן מאָל, איז זי צוריק אַרויף די דריי שטאָק אַלטע טרעפּן פון „האָטעל פּעקין", ווו זי האָט ס'יינגל אַרויפגעפירט אָפּרוען זיך פון וועג. זי האָט האַסטיק אַ שטויס געטון דאָס דינע טיכל.

— פאָר נישט אַוועק... ניין, וועסט נישט אַוועקפאָרן... — איז זי צו־

געפּאַלן צום ייִנגל, געגלעט זיין אַרומגעגאָלטן קאָפּ, וואָס איז האַלב געווען אָנגעלענט אויפֿן ברייטן בעט.

מיט נייגיריקייט און שאַרף־אָנגעשפּיצט האָט דאָס אָפּגעפּרעמדטע ייִנגל לאַנג געקוקט אויף פּייגעלען, בלאַס און מיט בולטן ווייטיק אָפּגע־דעקט די שטאַרקע, הונגעריקע ציין און עפּעס נישט געוואַגט. זיינע דינע, פאַרפּרעסטע ליפּן האָבן נאָך איינגעהאַלטן די גאַנצע קינדערישקייט, אָבער דאָס שאַרפע קנייטשל אַרום מויל האָט אים אַלט געמאַכט, האַרט און פאַר־ביסן. ווי איינער, וואָס באַלאַנגט שוין מער נישט צום פּשוטן, נאַרישן, אָרע־מען, ערדישן גליק, האָט ער מיט פאַרלאָפענע אויגן־שפּעלטלעך זיך צוגע־קוקט, ווי פאַרפלאָמט פּייגעלע פלאַטערט אַרום אין דער אָרעמער באַלע־באַטישקייט פון ריינלעכן האָטעל־צימער, ווי זי געפינט זיך קיין אָרט נישט. זי איז פּלוצים צו, אַרומגענומען מיטביידע הענט זיין אַרומגעגאָלטן קאָפּ, געלייגט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און נישט געקענט איינהאַלטן דעם שטראָם טרערן. ער האָט זי לייכט אָפּגעשטופּט, האַלב אויפגעזעצט זיך און אין זיין טרוקענער, האַרטער, ייִנגלשער שטים איז געווען די אַנטשלאָ־סענע נאַטקע פון גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט:

— ס'איז נאָך נישט די צייט, פּייגעלע... מיר האָבן נאָך לאַנג צו קעמפן...

ס'אַנדערע מיידל, חנקע, וואָס איז מיט פּייגעלען געשלאָפן אין איין בעט, האָט זיי דאָ געלאָזן, שטיל און אומגעזען אַרויסגעשאַרט זיך, אַפילו נישט אָנזאָגנדיק, איז זי אַרונטער שלאָפן צו די מיידלעך אויפן ערשטן שטאָק. זי האָט זיך גאַרנישט אָפּגערופן, פּייגעלע, נאָר זי האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּ. אַזוי שיין און פאַרפלאָמט ווי זי איז אין דעם אָוונט געווען, אין דער שעמעוודיקייט פון אַ קינד. זי האָט ביים ייִנגל אַרונטערגענומען דאָס העמד, האָט אים אַרומגעוואַשן, געלייגט אים אין בעט אַריין און האָט ביז שפּעט אַרומגעפלאַטערט איבערן אָרעמען, ריינלעכן שטיבל. „וואָס האָב איך אָפּגעטון?"... — האָט זי זיך אַלץ געשטיקט אין דער מחשבה וועגן מאָריסעטן... וועגן דער מערי... וועגן דער פיקטיווער חתונה... כאָטש גאָר־נישט האָט איר דאָך אין דער אמתן פאַרבונדן און פאַרפליכטעט — „ווען ער וויס עס... צי דאַרף איך עס אים אויסזאָגן?"...

און צומאָרגנס איז ער שוין מער נישט געווען, דאָס ייִנגל. אַזוי אומ־געריכט איז ער געקומען און פאַרשוווּנדן. ניין, ער האָט זי נישט באַדאַרפט איבערלאָזן אַליין. פאַרוואָס איז זי מיט אים נישט מיטגעפאָרן? פאַרוואָס האָט זי אים אַוועקגעלאָזן? — מיט אַזעלכע פאַרדרוסן האָט זי זיך לאַנג געשטיקט, פּייגעלע.

מאָריסעט, דעם קאָלנער פון זיין לעדערנער וועסט אויפגעשטעלט, איז אַרומגעשוווּמען אין ווייכן נעפּל פון פאַריזער פרי־האַרבסט. די פייערן פון

די מעטראָס און קאָפּעס זענען צעשמירט געוואָרן. אַלץ האָט אים אויסגעזען ווי דורך אַ דינעם פאָרהאַנג. וווהין ער זאָל נישט בלאָנדזשען אין אָוונט, האָט עס אים אָבער אַלץ אומגעריכט אַליין פאַרפירט צום אַלטן האָטעל „פּעקין“, צו די אָפּגעטראָטענע שטיגן, צום ריינלעכן, דורכגעשווענקטן שטיקל קאָרידאָר אויבן, צום צימערל, ווו דאָס קליינע, יידישע מיידל האָט זיך נאָך אַלץ אויפגעהאַלטן. ס'איז אים מיט אַ מאָל אַ שאָד געווען דער איבערגעלאָפּענער גליקלעכער זומער, די לעבלעכע נעכט, פול מיטן היי־מישן טומל אין דער „אָדלער־נעסט“. ער האָט מער ווי אַלעמאָל, געהאַט אַ פאַרלאַנג ווידער צו זיצן לעבן איר, פרייַלעך אַרומפּלאַפּלען מיט איר, צו פילן ווי ס'קלאַפּט דאָס קליינע, בלויע אָדערל אויף איר דינעם, איידעלן האַלדז. אַזוי, אויף אַ געלעכטער, קען מען זאָגן, האָט זיך עס אַלץ אָנגע־הויבן.

און כאָטש אין אַנרין איז גאָרנישט כמעט געווען צו דערקענען, האָט ער עס אָבער שטילערהייט טיף איבערגעלעבט. ער האָט בלינדערהייט געפילט, אַז עפּעס האָט זיך דאָ, הינטער זיינע פּלייצעס, געענדערט, זינט ווען מאָריסעט גייט נאָך פאַרעקשנט און שמייכלענדיק דאָס קליינע, אומע־טיקע מיידל, פייגעלען. „גאָט מיינער... — האָט ער זיך געזאָגט — צי מעג מען עס ?“...

# 6

„אַז ער וועט זיך צוריקקערן, וועט ער מיך אַוודאי טויטן... — האָט מאָ־ריסעט גערעדט אומעטיקלעך, אָןליידנשאַפט, מער צו זיך אַליין, ווי צום קליינעם מיידל ביי דער זייט — און ער וועט אפשר גערעכט זיין אויך“...

ער איז געלעגן אויסגעצויגן דערלעבן, האַלב־אומגעדרייט. ר'איז מיד געווען, זייער מיד. נישט בלויז די אַרבעט. ס'איז אפשר געווען דער גרוי־סער איבערברוך אין זיין לעבן, אין אַלעמענס לעבן. די קאַמפן אין שפּאַ־ניע האָבן זיך פאַרצויגן. ס'האָט אויסגעזען נישט גוט צו גיין דאָרט. פאַר־שיידענע קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן. פייגעלע האָט אַרומגענומען זיין בלאָנדן קאָפּ מיט אירע שמאָלע, וואַרעמע אָרעמס און געפילט, אַז זי קריגט אים ליב, אַז זי וועט אפשר מער נישט קענען לעבן אָן אים. ער האָט אויפ־געמאַכט זיינע אויגן, אַ רגע אָנגעקוקט זי.

— לאָזסט נישט דרעמלען, קליינע...

— ווייסט נאָך באַווייזן, כ'טראַכט...

— ווידער די אומענדלעכע מעדיטאַציעס, גריבלענישן, דיסקוסיעס, וועגן געוויסן, תכלית... עך, איר... — האָט ער געלאַכט — מיט אייער איי־ביקן אומזיסטן פרעסן זיך אַליין...

און אין אירע שמייכלענדיקע גריבעלעך, אין אירע דין־געצייכנטע ברעמען, האָט ער דערכאַפּט זאָרג, גרויסע זאָרג און אומרו.

ווייל זי איז שוואַך געווען, פּייגעלע; ווי אַ סך אַזעלכע קליינע, פאַר־בלאָנדזשעטע מיידלעך, איז זי שוואַך געווען. זי האָט געקושט זיינע האָר פון רייפן ווייץ און אַ טרער האָט זיך געפּערלט אין איר אויג. וואָס האָט זי נאָך געהאַט צו ווייגען? מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָט זי געפּלעגט אָפּצו־וואַרטן זיינע זיכערע, געלאַסענע, אָבער שטרענגע טריט אויף די טרעפּ. ס׳איז שוין נישט געווען מער דער ביליקער האָטעל „פּעקין״ אין דער גע־דיכטעניש פון יידישן בעלוויל. ווי ווייט זי איז שוין געהאַט אַוועק פון דאָרטן!

ס׳איז געווען אַ קליין, באַשיידן דירהלע, אין אַ ווייטער, שטילער געגנט. זי האָט געאַרבעט, און מיט אַ סך ווייבערישן פלייס און פּינקטלעכ־קייט איינגעאָרדנט זייער באַשיידענע נעסט. וועגן יינגלס צוריקקומען האָט זי די לעצטע צייט שוין אַ סך ווייניקער גערעדט. אַרום אירע פולע ליפּן האָט זיך אומבאַמערקט געהאַט אַוועקגעשטעלט אַ דרייסט קנייטשל; אַוועק־מאַכנדיק דעם לאָק, די קורץ־אונטערגעשניטענע האָר איבער די אויגן, האָט מען באַמערקט אַרויסקוקן פון זיי אַ מין דורכגעליטענע העזה.

זי האָט אַפילו איינמאָל באַטראַכט אָנצושרייבן אים אַ לאַנגן בריוו, דאָס יינגל, אָן שום באַהעלטערלעך, פּאַרקערט — מיט טענות, מיט אַרגו־מענטן, אָבער זי האָט עס אַלץ אָפּגעלייגט, נישט געוואַגט צוצורירן זיך צום פּאַפּיר; זי האָט מורא געקריגן פאַרן ווייסן פּאַפּיר. שבת אָוונט, נאָך אַ וואָך אַרבעט, אַרומלויפן אויף זיצונגען, האָבן זיי געגעסן בייזאַמען דעם באַשיי־דענעם אָוונט־ברויט אויפן קליינעם טישל, איבערגעצויגן מיט אַ קלאָרינק טישטוכל. מאָריסעט האָט אַ נעם געטון די פלאַש וויין, אָנגעגאָסן די גלע־זער פול, דערענדיקט אויסווישן מיט ווייך ברויט דעם טעלער און האָט זיך אָפּגערופן:

— איך מוז דיך איינמאָל ברענגען אָנצוקוקן צו מיין מאַמען, פּאַני... זי וויל דיך, זאָגט זי, אומבאַדינגט קענען...

— וואָס וועל איך זאָגן דיין מאַמען? — איז זי געווען אומרואיק און צעטראָגן — מ׳דאַרף נישט... כ׳שעם זיך...

ער האָט זי אַ נעם געטון ביי דער שמאָלער טאַליע, אויפגעהויבן זי ווי אַ קינד און זיין פריילעך לאַכן האָט ליכטיק געמאַכט דאָס צימערל. זיי האָבן זיך נאָך געקליבן אין דעם אָוונט ערגעץ צו גיין. מ׳האָט זיך איבּיק

געאיילט. ס'איז קיינמאָל קיין צייט נישט געווען. דער זומער איז אַדורך אין פרײלעכע, טומלדיקע עקסקורסיעס, מ'איז געלאָפן זען אַ סאָוויעטישן פילם, מ'איז געלאָפן אויף אַ מיטינג, אויף אַ פאַרזאַמלונג. פון צייט צו צייט פלעגן זיי זיך נאָך אַריבערכאַפּן אין דער „אָדלער־נעסט". דאָרט האָט אים אַנרי ס'לעצטע מאָל, אַזויווי אומגערן, אָנגעזאָגט:

— אַצינד זענט איר שוין פריי... ס'הייסט דו און פאַני...

— ווי אַזוי? — האָט מאָריסעט נישט באַלד פאַרשטאַנען.

— דאָס ייִנגל איז געפאַלן ביים שטורעמען די הויכקייטן פון טערועל... ער האָט, דערציילט מען, העלדיש געשלאָגן זיך קעגן די פאַשיסטן...

מאָריסעט איז לאַנג זיצן־געבליבן אויפן גאַניק, דעם קאָפּ אַריינגענומען צווישן די הענט, נאָכגעקלערט און האָט לסוף זיך אַליין געזאָגט: „זי איז הייליק, די קליינע"... דעם גאַנצן טאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט פאַרחושט אין בלעטער־פאַל הינטערן הויז. אַנרי האָט נישט געוואָגט מער. ס'איז געווען אַ מאָדנע שווייגן ביי זייער לעצטן באַזוך אין דער „אָדלער־נעסט". אַנרי האָט אָנגעקוקט מאָריסעטן, זיין דינעם סילועט, זיינע דין־צונויפגעפרעסטע ליפּן און האָט באַלד פאַרשטאַנען זיין באַשלוס.

— פאַר וועלכן גאָט, זאָג מיר, פּילסטו זיך דען זינדיק?... — האָט ער אים נאָך אַ פרעג געטון.

מ'האָט עס געקענט זען — ער האָט געליטן, אַנרי. ווען אַ פרײנטלעכע האַנט, האָט ער זיך געזאָגט, נעמט אים אין יענעם אָוונט אָן און פירט אים אַוועק ווייט פון בעלווילער אַרבעטער־קלוב... ווייט פון לאָטען... פון אַלעמען... ווייל אין דעם אָוונט, ווען ער איז אַרויף און ער האָט זיי צום ערשטן מאָל דערזען, די צוויי קליינע, איבערגעשראָקענע מיידלעך... פייגעלען...

ער איז אומגעריכט געשטאַנען קעגנאיבערן קליינעם מיידל; דער סיגאַרעט האָט זיך אומגעשיקט געוואָרפן צווישן זיינע פינגער.

— פייגעלע... — האָט ער קוים געקענט אַרויסברענגען — מען דאַרף זיך גוט באַרעכענען... ביסט טאַקע זיכער, אַז ער האָט דיך ליב, מאָריסעט?

זי איז צוגעפאַלן צו אים; די איידעלע אַקסלען אירע האָבן געציטערט. ס'איז געווען אַן אויסברוך פון לאַנג־דערשטיקטע טרערן.

— ביסט מיר אַ ברודער, אַנרי... — האָט זי נאָר געשעפּטשעט.

— אַ ברודער... נישט מער ווי אַ ברודער?

זי האָט אים לאַנג אָנגעקוקט און נישט געענטפערט; האָט אַ גיי געטון צו דער גלעזערנער טיר פון גאַניק. ס'ערשטע מאָל האָט זיך איר געדוכט צו דערזען דעם פרעמדן, טיפן, אויסגעשטערנטן הימל איבער די פאַריזער פאַרשטעט. זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין שטאַכעט, נישט אומצופאַלן. „צי איז עס טאַקע אַזוי געווען? — האָט זיך ס'קליינע מיידל אַליין

נישט געוואָלט צוגלויבן — צי טאַקע"... און זי האָט דערפילט, ווי די וועלט, וואָס זי האָט געלאָזן הינטער זיך, דאָרט ווייט ערגעץ, וואָלט זיך איינגע־בראָכן. קיין צוריק איז מער נישט געווען. ס'אָדערל אויפן דינעם, בלייכן האַלדז האָט אַלץ געקלאַפּט, געקלאַפּט.

ס'איז שוין דאָ מער נישט געווען די „אָדלער־נעסט" פון פאַר עטלעכע יאָרן. ס'איז נישט געווען דאָס, וואָס האָט ער לכתחילה געוואָלט, אַנרי. ס'איז דאָ גיכער ענלעך געוואָרן צו אַן „אַבערזש" פאַר יוגנט, ווי די, וואָס זענען צעוואָרפן אין דער געגנט אַרום פּאַריז. די גרויסע אידיי פריי צו זיין... צו בויען אַ נייע וועלט... אין קיין שום „אַבערזש", אין קיין שום ווינקל, ווו זיי האָבן אויפגעשלאָגן די געצעלטן, האָט מען זיך אָבער נישט געפילט אַזוי אין דער היים, ווי דאָ. מ'האָט געגעסן אַלע צוזאַמען פון זעלבן פאַר־סאַדזעטן טאָפּ און קיינער כמעט האָט גאָרנישט געפרעגט און נישט געוווסט, ווער ס'איז דער באַלעבאָס פון דער „אָדלער־נעסט". ס'האָט טיילמאָל אַפילו פאַרדראָסן — די חברה האָט אָפן געלאָזן טיר און טויער, געפילט זיך הפקר. נישט דאָס האָט ער געמיינט, אַנרי. ער האָט צוערשט געמיינט — אַ גע־שלאָסענע עליטע, אַ נייע געזעלשאַפט, וואָס דאַרף קומען. מאַריסעט האָט אים אָנגעקוקט מיט שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך:

— וואָס רעכנסטו ווידער מיט דיין „אָדלער־נעסט"? — האָט אים מאַריסעט געפרעגט צעשטרייט, איראָניש, ביטערלעך — זע ס'זאָל אַמאָל נישט ווערן ביי דיר אַ „קראָען־נעסט"...

ס'זענען איצט געווען בייטן, בלומען, וויינענדיקע ווערבעס, וואָס האָבן אַרומגעשטעלט דעם קליינעם פאָנטאַן. אָבער קיין „בייזער הונט", ווי ס'איז געווען געשריבן אויפן שילדל פון פאָרנט, איז דאָ נישט געווען. אין שפּאָס האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַ קליין הינטל פון פאַרצעלאַן הינטערן טירל. ס'איז געווען אַ געפּלאַסטערטער וועג פון צעמאָלענע שטיינדלעך, וואָס האָט געפירט צום טויערל. דאָס הייזל האָט געבלאַנקט פון ווייסקייט. די נייע ווערעאַנדעס באַהאָנגען מיט גרינגס, די פענצטער און לאָדן גרין־איבערגע־פאַרבט; פון הויז האָט אַרויסגעשלאָגן אַ גרויסע, רואיקע ליכטיקייט. מ'איז נאָך געקומען אַהער, אָבער וואָס אַמאָל אַלץ זעלטענער. די „אָדלער־נעסט" איז אַלץ מער ענלעכער געוואָרן צו אַן אָפּגעשלאָסענער ווילע, ווו אויף יעדן איינגאַנג כמעט קען מען געפינען אַ שילדל: „אַכטונג, אַ בייזער הונט"...

מיט פייגעלעך, מיט מאַריסעטן האָט מען זיך דאָ אַלעמאָל שטאַרק דער־פרייט. אַנרי האָט אָנגעקוקט פייגעלען און האָט זיך נישט געקענט אָפּוווּנ־דערן:

— ביסט עפּעס נישט די זעלבע, אויף מיין וואָרט... פריער ביסטו גע־ווען אַ מיידעלע און — אַצינד...

זי האָט זיך צעקושט מיט דער אַלטער טעמערל, גערופן זי „מאַמע״, אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אַלץ באַקוקן, אַרומגעפלאַטערט איבערן הויז, איז אַ האַלבן טאָג אָפּגעלעגן אויף דער וועראַנדע. אירע אונטערגעשניטענע האָר זענען געווען אָנדולירט, הויך־אויפגעטורעמט, און אירע ברוינע סאַרנע־אויגן איז מער נישט געווען יענע צעשראָקענע פאַרנעפּלטקייט, ווי דעמאָלט, ווען זי איז נאָר וואָס געהאַט אַריינגעפאַלן קיין פּאַריז. אַנרי מיט מאָריסעטן זענען לאַנג געזעסן אויף דער באַנק פון פאָרנט. מאָריסעט, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, האָט געלאָזן קליינע רינגעלעך רויך פון זיין קורץ פּייקעלע:

— וווהין גייען מיר, אַנרי?... ווייסט כאָטש, אַז מיר גייען צו אַ קריג?

ער האָט אַנרין געפונען פאַרענדערט. זיינע שלייפן האָבן זיך געגרויט. ווי ער וואָלט פאַראויסגעפילט אַלע שטורעמס און אומגליקן. מ'איז שווייגנדיק געזעסן ביים טיש אין זאַל אונטן. ס'איז פרי צוגעפאַלן דער אָוונט. אין די פענצטער האָט געקלאַפּט אַ צווייג. אַ ווינט האָט געהוילט אין קוימען. די מאַמע טעמערל האָט אַ פאַרפלאַמטע געברענגט קאַפע, צובייסן און האָט געמונטערט:

— טרינקט, קינדער... פאַרוואָס טרינקט איר נישט?

זי האָט זיך אַפילו זייער שטאַרק געפרייט מיט פייגעלען. זי איז שוין צוגעוווינט געווען צו די אַלע שפּרונגען פונעם יונגוואַרג. צום קליינעם מיידל האָט זי געפילט אַ באַזונדער וואַרעמקייט — „נעבעך, אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד, ווײ איז מיר... אָן טאַטע־מאַמע, וואָס זאָלן דערויף אַכטונג געבן״... זי האָט עס נישט געוואַגט חלילה צו ברענגען פאַרן מויל, אָבער זי האָט געוווסט אַלץ, וואָס טוט זיך אָפּ ביי אַנרין אין האַרצן... אַזאַ מיידל... אַזאַ גאָלדן קינד...

פון די אַלע גראַטשקעס מיטן יונגוואַרג, איז דאָ שטיל געוואָרן, שוין צו־שטיל. נאָך יענע רוישיקע זונטיקן אין דער „אָדלער־נעסט״, האָט אַנרי געהאַט אַ געפיל מער שוין נישט צו זען אַזויפיל מענטשן. ער האָט זיך געוואָלט פאַרגראָבן אין זיך, אויסבאַהאַלטן זיך פון זייטיקע אויגן, מען זאָל אים זען אַמאָל, זעלטן, לעבן הינטער אַראָפּגעלאָזענע גאַרדינען, אין האַלבן טונקל. ער האָט אַפילו אַ טראַכט געטון ערגעצווו אַוועקצופאָרן, ווייט, גאָר ווייט. די אַלע מיידלעך, וואָס האָבן זיך באַוועגט אין דעם קרייז, געשמייכלט, געזוכט אַ געלעגנהייט צו בלייבן מיט אים אַליין, האָבן אים מער נישט אינטערעסירט. ער האָט אַלץ געפילט דעם שטומען שאָטן דער מאַמעס הינטער זיינע פּלייצעס. זי האָט גאָרנישט גערעדט, די מאַמע. צי האָט זי דען נישט פאַרשטאַנען?

די ייִנגערע מיידלעך אין הויז זענען אַרויסגעקראָכן פון די קינדערישע קליידלעך, געלערנט, שטודירט, געשפּילט פּיאַנע, געבויט עפּעס ווייטע פּלע־

נער פּאָר דער צוקונפט, אָנגעפּילט דאָס הויז מיט יוגנטלעכן טומל, אָבער אין דער „אָדלער־נעסט" זענען זיי כמעט נישט געקומען, ס'האָט זיי נישט אינטערעסירט; דאָס איז געווען פאַר זיי „די אַלטע וועלט", די וועלט פון „דאָרט". יאָ, פון דער אויסגעחלומטער „אָדלער־נעסט" האָט זיך אויסגע־פּיקט אַ „קראָען־נעסט", ווי מאַריסעט האָט עס אַנומלט אַ זאָג געטון.

אין דער ווייט, צווישן די דעמבעס פון אויסגעהאַקטן שטיקל וואַלד, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ שיטערער נעפּל פון שפּעטן האַרבסט. די אָפּגע־וועלקטע בלעטלעך האָבן זיך געדרייט אין דער לופט, צעטראָגן געוואָרן פון ווינט; ווי די בלעטלעך אין ווינט, אַזוי זענען אויך די מענטשן זיך פונאַנדער־געפלויגן; זענען געוואָרן פּאַרטייעט, פאַרטראָגן אין זיך, מיט אייגענע דאגות און זאָרגן; דער עיקר די, וואָס האָבן, נישט ווילנדיק אפשר, שוין געהאַט משפחות, אַ קינד, וואָס איז געקומען צופעליק. מ'האָט באַדאַרפט זאָרגן דערפאַר, ווייל מ'האָט עס אָנגעוואָרפן צו אַ „בוריס" אויפן דאָרף, ס'האָט זיך געהאָדעוועט אַליין, ווי אַ קרוליקל. דער עול, די אומזיכערקייט איז געפאַלן שווער.

ס'איז אַלץ געווען די קליינע פייגעלע... איר אָנוועזנהייט... פאַרפאַלן, מען קען נישט זיין אינגאַנצן ריין און ערלעך מיט זיך אַליין — אַזוי באַ־קומט זיך. אַן אָנגעלאָפענער דור; די טראַנספאָרמאַציע פון מענטשן, וואָס זענען געוואַקסן אונטער אַנדערע הימלען. און ער האָט אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין מאַריסעטן — אַ מענטש, וואָס גייט גלייך און זיכער אויף דער ערד; דאָ איז די ערד, ווו זיינע עלטער־זיידעס זענען געטרעטן. ער האָט קיינמאָל קיין גרענעצן נישט געשוואַרצט, קיינמאָל נישט געטראָגן מיט זיך דעם אייביקן פלאַטער און דעם אומרו.

שפּעטלעך האָט ער זיי ביידן באַגלייט דורכן וואַלד־שטעג ביזן קליי־נעם, פּוסטן וואָקזאַל. פייגעלעס סילועט האָט נאָך איין מאָל אַ שווינדל גע־טון פאַר זיין בליק, איידער דער האַלב־ליידיקער צוג האָט זיך אַוועקגע־טראָגן צו די פאַרויכערטע פאַריזער פאָרשטעט.

מ'האָט פונדעסטוועגן באַדאַרפט גיין געוויר ווערן, דערוויסן זיך וועגן און ווי אַזוי דאָס יינגל איז דאָרט געפאַלן; און פייגעלע האָט עס אַלץ אָפּ־געלייגט פון טאָג אויף טאָג. אין „שפּאַנישן קאָמיטעט", אין די קליינע, פאַר־שטויבטע צימערלעך, ווו די פרויען פון די מיליציאָנערן זענען גע־קומען קריגן די מאָגערע שטיצע, נאָכפרעגן זיך, פאַרוואָס עס קומט שוין אַזוי לאַנג נישט קיין בריוו, איז יעדן אָוונט ענג געווען; זיי זענען געקומען מיט די פיצעלעך קינדער אויף דער האַנט. פייגעלע איז געגאַנגען אַהין מיט אַ סך האַרצקלאַפּעניש. זי האָט זיך נישט געקענט שענקען, פאַרוואָס דאָס איז נישט געשען כאַטש איין טאָג, איין שעה, איידער ס'יינגל איז געפאַלן.

ביים שטורעמען די הויכקייטן פון טערועל. אָבער צי וואָלט שוין דעמאָלט איר געוויסן ריין געווען?

איבער פּאַריז איז געפאַלן אַ דין ערב־ניי־יאָר־שנייעלע; ס'האָט גע־ווינטלט אַרום די לעמפּ פון די קאַפייען, אַרום די האָטעל־איינגענג. שוין אַ לענגערע צייט ווי זי האָט זיך נישט געוויזן. ס'האָט איר מער נישט געאַרט, וואָס דער זאָגט, וואָס יענער זאָגט. די פּאָר יאָר אין פּאַריז, דאָס שווערע לעבן, האָבן געמאַכט הארט און פאַרביסן; ס'איז געווען אַ ביטע־רער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. פאַר די טרעפּלעך האָט זי פּונקט אָנגע־טראָפן חנקען, די חברטע אירע פון די ערשטע יאָרן וואַלגערן זיך אין האָטעל „פּעקין". די וועגן זייערע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. חנקע איז געווען פאַרפלאַמט, צעטראָגן. זי האָט געאַרבעט, האָט געהאָדעוועט אַ קינד, איז אַרומגעלאָפן איבער די שטאָקן מיט אַ זאַמל־ליסטע פאַרן פּאַטראָנאַט, מיט דער אַרבעטער־צייטונג, פאַרן שפּאַנישן קאָמיטעט, פאַר די פאַרוווּנ־דעטע מיליציאָנערן, וואָס זענען דאָ געלעגן אין די שפּיטעלער.

— פייגעלע... — איז זי צוגעפאַלן — שוין אַזוי לאַנג...

— כ'גיי געווויר ווערן... האָסט שוין מסתמא געהערט...

— מ'האָט עס מיר היינט דערציילט... מיר מוזן שטאַרק זיין, פייגעלע, אין קאַמף קעגן בלוטיקן פאַשיזם...

און מער קיין ווערטער האָט זי נישט געפונען איר צו זאָגן. אין שיין פון פאַרדראָטעוועטן לעמפּל ביים אַרויפגאַנג איז דאָס פּנים ביי חנקען געווען בלייך, אויסגעצויגן. זי האָט עפּעס געוווּסט, זי האָט געהערט פון דער זייט. זי האָט זיך אַלץ געפילט זשעניִרט אַ רעד צו טון מיט איר אַמאָל. איר אייגן לעבן האָט זיך פאַרקירעוועט גאָר אַנדערש — אַ שטילע היים, אַ מאַן, אַ קינד. ווי פאַרהאָרעוועט זי איז נישט געווען, האָט זי זיך אַראָפּ־געכאַפּט אין קאָמיטעט אַריין אין אָוונט. ס'איז געווען אַ סך אַרבעט ביים צוגרייטן דעם ניי־יאָר־באַל; די גאַנצע הכנסה איז געגאַנגען צוהילף די אלמנות, וואָס זענען פאַרבליבן הילפלאָז, מיט פּיצלעך קינדער אויף דער האַנט.

— וועסט קומען אויפן ניי־יאָר־באַל? — האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט, באַמערקנדיק דאָס שטיקל קרעפּע אין לאָץ פון איר לייכטן האַרבסט־מאַנטל, און ס'האָט איר באַלד באַנג געטון.

— כ'וועל קומען — האָט פייגעלע אויסגעזען צו פאַרשטיין — אַ סך אלמנות וועלן זיך פאַרוויילן... טאַנצן... כ'וועל קומען...

ס'איז געווען ביטערניש אין דעם זאָג; ביטערניש אויף זיך אַליין, אויף אַנדערע. אין איר לעבן זענען פאַר דער צייט פאַרגעקומען שטורעמס. דאָס מאַכט אַ מענטש פאַרטראַכטער, געלאַסענער.

ס'איז געווען דער לעצטער ניי־יאָר־באַלביים אָפּשלוס פון אַן עפּאָכע. אין פּאַריזער פּרעסטלדיקן אָוונט האָט אַ דינער נעפּל פּאַרוויקלט אַלע ליכטער פון דער שטאָט. מאַריסעט איז שטיל אַריינגעקומען, אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך דעם מאַנטל, אַוועקגעלייגט די אויסגעלאָשענע פּייקע, אויס־געווישט די ברילן־גלעזלעך פון נעפּל און האָט שטיל גענומען שפּאַנען, אָן איין וואָרט. פּייגעלע האָט זיך הינטערן ווענטל, פאַרשטעלט פון דער שאַפּע, איבערגעטון. זיי האָבן שווייגנדיק געגעסן.

— ווילסט מיטגיין אויפן באַל? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— כ'וועל מיטגיין — האָט ער, נאָך אַ ווײַלע נאָכקלערן, געענטפערט — כ'וועל מיטגיין, פּאַני... צום לעצטן מאָל... איידער איך פּאָר פּאַרטרעטן אַ חבר, וואָס איז געפאַלן...

זי איז געווען בלייך, אירע ליפּן האָבן געציטערט.

— לאָזסטו מיך אויך איבער?... אַלע לאָזט איר מיך איבער...

— ביסט נישט די איינציקע, וואָס בלייבט אַליין...

זי איז צוגעפאַלן צו אים. ער האָט זי נישט אָפּגעשטופּט; נאָר ס'איז געווען קילקייט אין זיין האַנט, וואָס האָט קוים באַרירט אירע אַקסלען; זיי האָבן געציטערט. ווי צום לעצטן מאָל, האָבן זיי אַ בליק געטון הינטער זיך צום שטיבל, וווּ עס זענען פונדעסטוועגן פאַרבליבן אַזויפיל אָנגענעמע דערמאָנונגען, קלייניקייטן — אויפן קאַמין, אויף דער עטאַזשערקע, ביכער.

אַן אָנגעפּאַקטער, פרייליכער מעטראָ־צוג האָט זיי געפירט צום פּלאַץ רעפּובליק, צום זייטיקן געסל, וווּ ס'איז פאָרגעקומען דער באַל. די לייט אַרום זיי — אין לאַנגע באַל־קליידער, אין שטייפע אַנצוגן, מיט פּאָמאַדירטע קעפּ, האָבן געטראָגן קאָמישע קאַרנאַוואַל־מיצלעך, האָבן זיך נאַריש גע־מאַכט, געזונגען. איינער, מיט אַ גיטאַרע, האָט געבלאָנדזשעט מיט די פינ־גער צום טאַקט פון אַן אָפּגעריסענעם טאַנגאָ־רעפריין. זיי האָבן זיך אַלע אַרויסגעשאָטן מיט אַ פּאָר סטאַציעס פריער. די סטאַטוע אין מיטן פּלאַץ איז געזונקען אין ניי־יאָר־נעפּל, די טראָטואַרן — איבערגעפּולט. פונעם געסל ביים קאַנאַל האָט געבלאָזן אַ שאַרפער ווינט. אין דער טיף האָבן געלויכטן די טירן פון זאַל, אַרויפצוגיין מיט אַ טרעפּל. דעם טיפן זאַל האָט אַרומגענומען אַ באַלקאָן און פון פאָרנט ביז אויבן איז געווען אָנגע־פּראָפּט. דער פאָרהאַנג פון דער בינע האָט זיך נאָר וואָס געהאָט אַראָפּגע־לאָזן. עס זענען געווען רעדעס, מ'האָט רעציטירט דאָס ליד פון שלאַכט־מאַן אויפן שפּאַנישן פראָנט. איצט האָט זייער פּלאַץ פאַרנומען אַ קליינער אָרקעסטער. מ'האָט געטאַנצט. ס'זענען, ווי אויף אַלע בעלער, געווען לאַנגע שלעפּעס, סמאָקינגען, אָבער דער געדיכטער עולם, אָרעמלעך צוגעפּוצט, איז געווען צעזעצט אין די פונאַנדערגערוקטע שטולן. צווישן די טאַנצנ־

דיקע זענען אַרומגעלאָפן די פאַרפלאָמטע ווייבלעך, מערסטנס אין שוואַרצן, האָבן פאַרקויפט פאַרקלעפּטע קאָנווערטן פאַר דער טאָמבאָלאָ. דער קליי־נער בופעט איז געווען באַלייגט. אַ הויכער יונגערמאַן, אין אַ ווייס ווייבע־ריש פאַרטוכל, האָט געגאָסן אין גלעזער אַריין, סערווירט געפילטע פיש, פאַרפרוירענע שטיקער גאַלער, יידישע חלה, קיכלעך מיט קעז.

— פייגעלע... — האָט איר אַנרי פלוצים לייכט באַרירט דעם אַקסל.

ער האָט פעסט געדריקט די האַנט פון מאַריסעטן און האָט זיי אַוועק־גענומען אין טונקלסטן ווינקל פון זאַל, ווו אַ סך שטולן זענען געשטאַנען ליידיק.

— כ'האָב זיך נישט געריכט דאָ צו טרעפן אייך... — איז ער געווען אויפגעלעבט — כ'האָב געמיינט, אַז איר זענט, ווי געוויינלעך, אַרויסגע־פאָרן אין די בערג...

ער האָט דערכאַפּט די פאַרלוירנקייט אין פייגעלעס בליק. ס'קליינע מיידל האָט זיך געהאַלטן ביי דער זייט פון מאַריסעטן; און ווי מאַריסעט וואָלט פלוצים צוריקבאַקומען זיין הומאָר:

— מען קען נישט זאָגן, אַנרי... דיין „אָדלער־נעסט" האָט ערגעצווו געפירט... זי האָט געוויזן דעם וועג פאַרשידענע מענטשן...

— וואָס ווילסטו? מיר האָבן אַלע געבלאָנדזשעט... כ'האָב געמיינט...

און ער האָט אַ מאַך אַוועק געטון מיט דער האַנט. דער גאַנצער טומל, די גאַנצע פריילעכקייט, האָט זיך זיי אַלע דריי אויסגעוויזן נישט נאַטיר־לעך. עפּעס אַ טיפער, פאַרבאָרגענער אומעט האָט אַרויסגעשריגן פון די פייפלעך, פון די סאַקסאָפאָנען, פון אַקאָרדעאָן אויף דער קליינער עסטראַדע, פון די אויסגעמאַטערטע פּנימער, נאָך מערסטנס יונגע מענטשן, כאָטש די מוזיק איז, דוכט זיך, געווען אַ פריילעכע.

זיי זענען אַרויס. אין דרויסן האָט אַ דין שנייעלע נאָך אַלץ געשאָטן. ס'איז שוין נישט געווען זייער פרי. זיי האָבן געלאָזן הינטער זיך דעם האַלב־ליידיקע זאַל, ווו ס'האָט דורך די אָפן־געלאָזענע טירן געצויגן אַ צוג־ווינט.

אין די טעג האָט פייגעלע אַ סך געקלערט וועגן אומקערן זיך צוריק אַהין, פון וואַנען זי איז איינמאָל, אין אַ פינצטערער, רעגנדיקער נאַכט, אַנטרונען. אָבער קיין צוריק איז שוין מער נישט געווען. דאָס קליינע, פאַרבלאָנדזשעטע מיידל אויפן פאַריזער ברוק! זי איז געווען אויסגעלאָשן, זי האָט געשלעפּט די פיס נאָך די צוויי סילועטן פון אַנרין און מאַריסעטן. ס'איז נאָך געווען נאַכט, אָבער די נעפּלדיקע לאָמפּן זענען בלייכער גע־וואָרן. זי האָט מער קיין כוח נישט געהאַט. אין אַ זייטיקער ביסטראָ האָבן זיי געטרונקען קאַפע מיט מילך, צוגעביסן פרישע קרואַסאַנען; און זי האָט

נאָך געהערט אַנריס לאַכנדיקע, איבערגעטרוקנטע שטים ווי פון זייער ווייט.

דערנאָך האָבן זיי מאַריסעטן צופוס באַגלייט צום וואָקזאַל. איבער פּאַריז האָט קוים געליכטיקט. ס'איז געווען דער 1־טער יאַנואַר. פאַרשלאָ־פענע, וואַקלדיקע מענטשן, מיט אויפגעשטעלטע קעלנער, אין באַל־קליי־דער, אין סמאָקינגען, האָבן זיך נאָך אין טומלדיקע גרופּעס געטראָגן איבערן טראָטואַר.

ס'קינד האָט פייגעלע געבערענגט אויף דער וועלט אין יענעם מהומה־דיקן סעפּטעמבער, ווען פון מאַריסעטן איז שוין לאַנג מער קיין בריוול נישט געווען; ווען די טרויעריקע סירענעס, די לופט־אַלאַרמען, האָבן אין די פאַרטאָגן געריסן זיך איבער פאַריז און מ'איז אין דער בהלה געלאָפן אויסבאַהאַלטן זיך אין די קעלערן. אַנרי איז אין איינע צוויי טעג איילי־ק געווען אין דער אַרמיי, איז באַלד איבערגעשיקט געוואָרן ערגעץ אויף אַ סעקטאָר צו דער מאַזשינאָ־ליניע. די מאַמע האָט שוין מער גאָר־נישט גערעדט. זי איז מיט איין מאָל געוואָרן גרוי און אַלט. זי האָט פיי־געלען מיטן קינד מער נישט אָפּגעלאָזן, מיטגענומען זיי אין דאָרף אַריין, צו דער אַמאָליקער „אָדלער־נעסט", ווי נאָר די ערשטע אַלאַרמען האָבן אינמיטן דער נאַכט אימהדיק אַ ברום געטון איבער פאַריז. די נעכט אין שפּעטן סעפּטעמבער זענען שוין געווען קילע און נעפּלדיקע, מ'האָט דאָרט פרי אָפּגעשפּאַרט טיר און פענצטער. די אַלטע טעמערל איז געווען גרוי ווי אַ טויב, מיט אַן איינגעפאַלן מויל, מיט איבערגעשראָקענע אויגן.

— ס'איז שוין מיין מזל אַזוי... — האָט זי געשלוכצט אָן טרערן — אַלץ אין מיין לעבן איז מיר באַשערט געווען...

דער אַלטער לייביש האָט שוין ס'אַנדערע יאָר נישט געלעבט. די מיידלעך האָבן פאַר דער צייט חתונה געהאַט, האָבן געהאַט זייערע אייגענע זאָרגן. מיט אַנריס אַוועקגיין איז אַלץ אין הויז געבליבן אויף הפקר. מ'האָט פאַרקלאַפּט דאָס „הויז", פאַרשלאָסן די טירן אויף די שווערע ריגלען. האָט זיך די אַלטע דערפאַר נאָכמער צוגעבונדן צו פייגעלען, ווי צו אַן אייגע־נער טאָכטער; כאָטש זי האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז ס'קינד, מילך־בלאָנד, מיט בלויע, פאַרשווומענע אייגעלעך, איז נישט איר אייניקל, האָט זי גע־פּלאַטערט איבער זיי. וואָס איז דען די נפקה־מינה? אַ קינד...

אין דער געוועזענער „אָדלער־נעסט" האָט געבלאָזן אַ ווינט פון טיפן האַרבסט. מ'האָט געלעבט אָפּגעשלאָסן, געלעבט מיט קליינע דערמאָנונגען, ווי פון אַ וועלט, וואָס איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, פאַרפאַנצערט אין זיך אַליין, ווי אין אַ מאָנאַסטיר. אַ גרויס שלעכטס האָט זיך ווידער אַראָפּ־

געלאָזן אויף דער וועלט; עפּעס האָט זיך דאָרט אָפּגעטון, הינטער די וועל־דער, איבער די שאָסייען, אין די שטעט. פייגעלע איז געווען שטום, רע־זיגנירט און פאַרשלאָסן. צי וועט אויך דאָס שלעכטס דערגיין אַהער, צו איר קינד, צום בלאָנדן נפשל, וואָס זי האָט עס אַזוי ליב באַקומען? ס'איז געווען אַ טייל פון איר בלוט־לויף, פון איר אָטעם, פון איר אינגאַנצן. די אומבאַהאָלפנקייט פונעם קינד האָט אויפגעוועקט אין איר אַ ים רחמנות און צערטלעכקייט. זי האָט זיך געפילט פאַרשולדיקט קעגן דעם, וואָס ס'איז אין אַזאַ צייט געקומען אויף דער וועלט. ס'האָט נאָכאַנאַנד געליטן, ס'קינד; ס'האָט זיך פאַרקייכט, ס'איז בלוי געוואָרן און ווי אַ פיש, וואָס לעכצט נאָך לופט, אויסגעשרויפט דאָס זיסע מיילעכל, ס'האָט געוואָרפן מיט די דינע, בלויע פיסלעך, ווי אַ פייגעלע. ס'האָט לאַנג און פאַרמאַטערט געוויינט אין די נעכט און זי איז אויף קיין מינוט נישט אָפּגעטראָטן פון בעטעלע. זי האָט געוויינט, ס'קליינע מיידל, געבראָכן זיך די הענט, נישט געקענט זיך קיין עצה געבן. די אַלטע טעמערל, וואָס האָט געבוירן אַ סך קינדער, כאָטש נישט אַלע האָבן זיך ביי איר אויסגעהאָדעוועט, איז אינמיטן נאַכט אַראָפּ פון בעט, האָט איר געטרייסט, צוגעהאָלפן איינצושטילן עס.

— נו, שאַ, טאָכטער... — האָט זי איר געטרייסט — ס'וועט זיך אַלץ מערטשעם אויסלאָזן צום גוטן...

זי איז געווינט געווען אַריבערצוטראָגן צרות, די אַלטע, אָבער דאָס־מאָל האָט זי פאַרויסגעפילט שווערע, ביטערע צייטן. זי האָט דאָ, אין דעם הויז אויפן דאָרף, ווי אַמאָל, אין דער אַלטער היים, אָנגעגרייט אויפן ווינ־טער אָן אַ שיעור פּראָדוקטן, פאַרשטופּט זיי אין אַלע לעכער, אין אַלע ווינ־קעלעך. זי האָט געלאָזן אָפּשיטן אַ קעלער מיט קאַרטאָפל, אַריינגעשטעלט אַ פּאָר זעקלעך מעל — ווי אַמאָל, אין דער אַלטער היים.

איין מאָל נאָך, ס'לעצטע מאָל, איז אַנרי אַריינגעפאַלן אַהער. ס'איז גע־ווען סוף אַפּריל. ער איז געווען אויסגעמאָגערט, מיט אַ קראַנקן פלאָם אין די פאַרבלויטע אויגן. אויף דער אויבערשטער ליפּ האָט זיך געשאָטנט אַ קליין וואָנסעלע, ווי אַ קוילן־שטריך. דער שינעל האָט ברייט אַרומגענומען זיין לאַנגן, מאָגערן גוף. ער איז אַריין אויף אַ מינוט צו פייגעלען אין הינ־טערשטן צימער, אַ בליק געטון אויפן קינד אין בעטעלע, אַ לאַך געגעבן דערצו, אָפּגעלאָזן די דאַרע פינגערלעך, ווי די נעגל פון אַן עוף, און איז באַלד אַרויס. פייגעלע איז אים אַ צעשראָקענע שטומערהייט נאָכגעגאַנגען.

דער גרויסער, אויסגעווייסטער זאַל, ווו ס'האָט אַמאָל גערוישט די „אָדלער־נעסט״, איז געשטאַנען ליידיק און פאַרקלאַפּט. ס'האָט געבלאָזן אַ ווינט דורך אַלע שפּאַרעס. מ'האָט מער נישט געהייצט אין די צימערן. די אַלטע מיט פייגעלען האָבן זיך געהאַט פאַרקליבן אין דער קיך. די אַלטע

האָט נאָך אין האַרבסט אָנגעגרייט אַביסל קוילן, האָט באַצייטנס אָנגעטראָגן אונטער דער טרעפּ אַ סך דאַרע צווייגן פון וואַלד. אַן אָנגענעמע, ליבע וואַרעמקייט האָט אַ שלאָג געטון. אַנרי איז געזעסן אַ צעשפּיליעטער ביים טיש, געזופּט פונעם בלייכן טיי, לאַנג געשוויגן און האָט דאַרט, פאַרטראָגן אין זיך, דורכגעזיגן צווישן די ציין:

— פון דער „קאָמישער מלחמה"... ווער ווייסט וווהין מיר וועלן דערגיין?...

פייגעלע איז נאָך אַלץ געווען בלייך און איבערגעשראָקן, האָט כמעט גאָרנישט גערעדט, געקלאַמערט זיך לעבן דער אַלטער טעמערל, מיטן פאַרוואָרפענעם טיכל אויף די שמאָלע אַקסלען. זי האָט אַליין אויך אויסגעזען ווי אַ קינד.

— אַנרי... — האָט זי מער נישט אויסגעהאַלטן — טאָ וואָסזשע וועט זיין מיט אונדז?...

ער האָט זי געגלעט מיט זיינע גרויסע, הייסע הענט און איר פאַרזיכערט:

— כ'לעב נאָך, פייגעלע... בלייב דאָ דערווייל מיט דער מאַמען...

וועגן מאָריסעטן איז ביים טיש מער קיין איין וואָרט נישט געפאַלן. ס'איז געוואָרן שפּעטלעך. אַלע שפּאַרעס זענען געווען פאַרהאַנגען, קיין ביסל ליכט זאָל נישט אַרויסדרינגען צום דרויסן. עס זענען געווען שווערע פאָרגעפילן, אָבער ער האָט זיך נישט געריכט, קיינער האָט זיך נישט גערעכט, אַז פרילינג־צייט וועלן די דייטשן, ווי אַ לאַווע, פאַרגיסן ס'גאַנצע לאַנד און זיי אַלע וועלן צעשיידט ווערן, אויף שטענדיק צעשיידט ווערן. דאָס האָט ער נאָך געזאָגט צום קליינעם מיידל פאַרן אומגעריכטן פאַרשווינדן:

— פאַר וועמען, מיינסטו, פייגעלע, האָב איך דעמאָלט אַזוי איינגעריסן אַ וועלט?... איצט ווייס איך עס — פאַר דיר, זאָלסטו וויסן, נאָר פאַר דיר... כ'האָב עס דעמאָלט אפשר אַליין נישט געוווסט...

און ווען ער האָט זי דערזען, די טרויעריקע אויגן אַראָפּגעלאָזן צו דר'ערד, האָט ער נאָך צוגעגעבן פאַרשולדיקט:

— די מאַמע האָט עס מיר נישט איינמאָל געגעבן אָנצוהערן... די גוטע מאַמע מיינע... כ'האָב זיך געווערט קעגן אירע רייד... כ'האָב געזאָגט, אַז אַזעלכע זאַכן טאָרן נישט געשען... איך, דער נאַר...

— פאַרוואָס — האָט איר שטים געציטערט — האָסטו מיר עס קיינמאָל נישט געזאָגט?

— כ'ווייס נישט... ביסט קראַנק... — האָב איך צו זיך אַליין נישט איינמאָל געזאָגט — קראַנק ביסטו... ווערסט צעריסן פון איפּערזוכט...

און ווילסט עס אַפילו פאַר זיך אַליין נישט מודה זיין... טאָרסט זי נישט אָנרירן... — האָט דער רואיקער און זאַכלעכער אין מיר פּראָטעסטירט — זי איז הייליק... דו הערסט?... דער נאַר, וואָס כ׳בין געווען...

ער האָט געקושט פייגעלען, געקושט ס׳קינד, האָט געקושט דער מאַמע טעמערל און איז אַוועק; צום לעצטן מאָל אַוועק פון דער „אָדלער־נעסט", מיטן סטעזשקעלע, וואָס האָט געפירט צו דער קליינער, אומעטיקער סטאַציע, אַ טריט פון די פאַרוויכערטע פּאַריזער פאָרשטעט.

די אַלטע האָט די לעצטע רייד אַנריס נישט געהערט. זי האָט אים אָפּגעוואַרט אויפן גאַניק, אונטער די שאָרכנדיקע בלעטלעך פון די ווייַנענדיקע ווערבעס; אָבער זי האָט געפילט, אַז אַזוי האָט ער באַדאַרפט רעדן צו פייגעלען. זי איז אַן אייגן קינד. זי האָט נאָך געפונען די בלייבקייט אויף פייגעלעס פּנים, ווען זי איז צוריק אַריין דורך דער גלאָז־טיר. פייגעלע איז נאָך אַ וויַיל שטיינגעבליבן אין מיטן קיך, די האַנט אויף דער שמאָלער ברוסט, דאָס טיכל איבערן קאָפּ.

— קינד... — איז די אַלטע צו און געלייגט איר וואַרעמע האַנט אויפן שמאָלן אַקסל — וואָס ס׳זאָל, חלילה נישט טרעפן, ביסטו מיין קינד...

— און מיין אייגן קינד, מאַמע?... ס׳קינד איז נישט אַנריס...

און דעמאָלט איז פייגעלע געקומען לייגן איר קאָפּ אויף דער אַלטער טעמערלס ברוסט. די טרערן האָבן געזאָטן אין אירע אויגן. אַלע רייד, האָט זי געפילט, וואָלטן געווען וואָכעדיק און איבעריק.

דעם טרויעריקן „עקזאָד" פון יענעם זומער, ווען הונדערטער טויזנטער פּאַריזער זענען געלאָפן אויף די וועגן צום דרום, האָבן זיי נאָך גליקלעך אויסגעמיטן. זיי זענען פאַרבליבן אין דער „אָדלער־נעסט", הינטער פאַרהאַקטע טיר און לאָדן. דערוווּסט זיך וועגן אַלעם האָבן זיי ערשט דערנאָך, ווען פייגעלע איז צוריק געקומען אָנצולויפן פון שטאָט. זי האָט גאָרנישט גערעדט. ס׳איז מער נישט געווען קיין שום שפּור, נישט פון אַנרין, נישט פון מאָריסעטן.

אַזוי האָט זיך עס אויסגעלאָזן — ווי ס׳וואָלט זיך אויפגעהויבן אַ ווירבל־ווינט און אַלץ אַוועקגעטראָגן. אויפן מיליטערישן סעקטאָר אין עלזאַס זענען נאָך צו אַנרין עטלעכע מאָל געקומען בריוועלעך און גרוסן; און ווען די מלחמה האָט זיך קורץ און טרויעריק פאַרענדיקט, האָט ער זיך אין דער בהלה אַדורכגעגליטשט די דייטשע מאָטאָריזירטע קאָלאָנעס, ביז צו דער „פרייער זאָנע". אין ווידערשטאַנד האָט ער דערצויגן ביזן סוף זומער 1943. אָבער דעמאָלט, אומקערנדיק זיך צום לעצטן מאָל אין אַ מיסיע קיין פּאַריז, האָט ער שוין מער קיינעם פון די זייניקע נישט געפונען. ער האָט שוין געוווּסט, ער האָט שוין אַלץ געוווּסט.

# 7

ערב דער לעצטער עוואַקואַציע אויף דער ערד פון נידערשלעזיע, איז אַנרין אויסגעקומען צו האָבן צוויי נאָרע־שכנים, גרויע, נאָמענלאָזע לאַגער־ברידער; דער פון רעכטס, ביים ווענטל, איז געקומען מיטן לעצטן, איבער־געשיקטן טראַנספּאָרט פון גראָס־ראָזען, אויף דער אַרבעט אין שטיינברוך. דאָס איז געווען אַ קליינער מענטש פון הויט־און־ביינער. אין זיינע אויגן פון אַ מוטנעם בלוי איז שוין געזעסן דאָס קאַלטע שמייכעלע פון שגעון. ער האָט שוין סיי־ווי קיין סך אָרט אויף דער נאַרע נישט פאַרנומען. נאָכן אָוונט־אַפּעל איז ער געלעגן איינגעקאָרטשעט אין שטרוי־זאַק, די נאַקעטע ריפּן האָבן זיך ביי אים געהויבן און געפייפט פון קראַנקן שלאָף. ער האָט אויך געהערט צום עקיפּ „מוזולמענער"; זיי האָבן מיט די לעצטע כוחות געשטופּט די וואַגאָניעטקעס אין דער שטיינברוך־קאַריערע. אין פינצ־טערן פאַרטאָג האָבן די ס.ס.־וואַכלייט אַרויסגעטריבן אַהין ביז אַ 300 יידן־קאַצעטלער פון די לעצטע צוויי בלאָקן אין לאַגער; און ביים אָוונט־אַפּעל זענען יעדן טאָג צוריקגעברענגט געוואָרן ביז 7־8 טויטע. דאָס איז שוין מיט דער צייט געוואָרן אַ נאָרמאַלע זאַך. ס'איז געווען צו מאַכן אַ מהלך פון אַן ערך פינף קילאָמעטער אויפן שטיילן באַרג־אַרויף, מיט די סטעזשקעלעך, ביים ראַנד פון די סאָסנע־וועלדער, ביז צום שטיינער־נעם אָפּהאַנג, וואָס איז אין משך פון די פּאָר יאָר היפּש אויסגעביסן גע־וואָרן אינעם באַרגיקן וואַלד־געלענד.

סאַמע אונטן, אין טאָל, ווו די בערג קומען זיך צונויף, האָבן אין די צוויי איבערגעדעקטע ברעטער־ביידלעך, אונטערן משופּעדיקן פּאַפּע־דאַך דעם גאַנצן טאָג געקלאַפּט און געזשומעט די מאַשינעס פון שטיינ־ברוך. די ריזיקע ברילעס פון גרויען באַזאַלט און קיזל־שטיין זענען דאָרט, גאַנץ אויבן, מיט דינאַמיט, מיט לאָמען און מיט פּיאָשן, אַרויסגעריסן געוואָרן פון גרוי־געשפּרענקלטן פעלזיקן אינגעווייד, זענען אַרונטערגע־שליידערט געוואָרן פון אַ היפּשער הויך צו די ערשטע גאַלעריעס.

די געניטע שטיין־העקער, מערסטנס פּאָליאַקן, האָבן זיי, לויטן גאַנג פון די אָדערן, לויט דער קאָרע און שטיין־הויט, צעפּערטלט, צעפּיצלט און אין זייערע הענט זענען די שווערע האַמערס געווען אַזוי לייכט, ווי אַ שפּילצייג. פון דאָרט האָט זיך די קייט וואַגאָניעטקעס אין זיגזאַגן גע־שלענגלט איבער די געשליפענע רעלסן־שנורן, ביז צום אויבערשטן פּיסק פון די מאַשינעס. די קייט אָנגעלאָדענע וואַגאָניעטקעס האָט זיך באַרג־אַראָפּ

שנעל געגליטשט און מ׳האָט זיי מיט אַ פעסטער האַנט באַדאַרפט נישט שטופן, נאָר טאָרמאָזירן, ביז סאַמע אונטן, ווו זיי זענען איבערגעקערט געוואָרן אין די אָפענע פיסקעס אַריין. די מאַשינעס האָבן דעם גאַנצן טאָג נישט אויפגעהערט צו מאָלן מיט די שטאָלענע ציינער. דורך די היל־צערנע רערן איז געפאַלן שאָטער, צעמאָלענע שטיינדלעך, אויסצופילן די קליינע שפּאַלטן פון שאָסיי, און זשוויר, אַ גאַנץ דינער זאַמד־שטויב. דאָס אַלץ איז מיט די לאַסט־וועגן נאָכאַנאַנד אַוועק צו דער אויטאָסטראַדע, וואָס איז געפלאַסטערט געוואָרן נאָנט ביי די קוילן־גרובן.

אַנרי האָט אַרויפגעקלעטערט סאַמע אויבן, צווישן די אָפּגעהאַקטע ברילעס פון פעלז, מיטן לאָם און מיט פיאָש. אונטער די צעפּאַסעוועטע לאַגער־קליידער האָט נאָך זיין שטאַרק־אָפּגעמאָרעטער, אָבער פעסטער גוף פאַרמאָגט אין זיך געניטע. ער האָט זיך אויך כסדר געזאָגט: „כ׳האָב זיי אין דר׳ערד״. ער איז מיט די לעצטע פאַרטיעס, שוין אין מיטן 1944, געבערענגט געוואָרן פון פאַריז און ער האָט דאָ אָנגעטראָפן אַ סך אייגענע; זיי האָבן זיך שוין דאָ אויסגעקענט און אויסגעטויגט, האָבן זיך געטיילט מיט אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל זופּ און דער עיקר — מיט די גוטע נייעס.

דאָס אויג פון די וואַכלייט און פון די קאַפּאָס האָט אויך ווייניקער גע־גרייכט אויבן, צווישן די פעלזן־שפּאַלטן. מ׳האָט געקענט אַן איבעריקע מי־נוט אַזוי שטיינבלייבן, מיט דער האַנט אויפן פיאָש. אונטן, אין פאַרמאַכטן רוים פון אויסגעביסענעם, גרויען געשטיין, איז נאָכאַנאַנד געגאַנגען דער ווילדער טעמפּאָ, מיט געפייף, מיט געשרייען. מ׳האָט געמוזט אָן אויפהער זיין אין באַוועגונג. די קאַפּאָס זענען אַרומגעלאָפן מיט רויט־אָנגעגאָסענע צורות צווישן די וואַגאָניעטקעס, געליאַרעמט און בלינד געלייגט שטעקנס איבער קעפּ, איבער אָנגעבויגענע פּלייצעס. דאָס אייביקע גערויש האָט פאַר־טויבט זייערע ווילדע קולות און דעם פאַרשטיקטן קרעכץ פון די אַוועקגע־פאַלענע. מ׳האָט זיי אויפן אָרט צוגעענדיקט, אַוועקגעטראָגן אין אַ זייט, אונטער די נידעריקע שאָפּעס; פאַרנאַכט, ביים אויסציילן די רייען, האָט מען זיי צוריקגעטראָגן אין לאַגער אַריין, כדי אַלץ זאָל פּינקטלעך שטימען ביים אָוונט־אַפּעל אויפן לאַגער־פּלאַץ.

דער אַפּעל איז שוין אין די לעצטע טעג געווען אַן איילקער. ס׳איז שוין געווען צו מערקן עפּעס אַ צערודערונג צווישן די ס.ס.־לייט אין די וואַך־באַראַקן. מ׳האָט שטיל געשמועסט, אַז היינט־מאָרגן מאַרשירט מען אַרויס; וווהין — האָט קיינער נישט געוווּסט.

ס׳איז געווען אינמיטן יאַנואַר. אַ קליינע, קאַלטע, פאַרשפּונענע זון איז געהאָנגען הינטערן אָפּריס פון די פרעמדע בערג, צווישן די סאָסנע־וועל־

דער, שלאַנקע און קרום־אויסגעבויגענע, לויט דער פאַנטאַזיע פונעם ווינט, וואָס האָט זיך הפקרדיק געטראָגן איבער די אָפּגעדעקטע פּליינען. דער טוי־געפּריר האָט ווייס געמאַכט די שטעכל־דראָטן, די רויכן פון די וואַך־באַ־ראַקן האָבן זיך אין אַ גלייכער ליניע געצויגן צום נידעריקן, פאַרשלאָסע־נעם הימל. די וואַסער־זופּ, ווו מ׳האָט שוין מער קיין שטיקל ברוקווע אויך נישט געפונען, האָט מען איינגעשלונגען שטייענדיקערהייט, הינטער די געבויגענע פּלייצעס פון די, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס און געוואַרט אויף „נאַכשלאַג״, מיט געדולד, ווי אַ הונט אויף אַ ביין.

דער קליינער, נאָמענלאָזער מאַן האָט זיך שוין אָבער מער אַהין נישט געשטופּט. אַנרי האָט פאַרנאַכט געזען זיינע פיס שלאַבעריק אַרונטערהענ־גען, ווי ביי אַ געהאָנגענעם, דעם אַרומגעגאָלטן שאַרבן אַריינגענומען צווישן ביידע גרינע, דאַרע הענט. ווען ס׳איז פינצטער געוואָרן אין באַראַק, האָט ער דאָס ערשטע מאָל זינט ווען ער איז אַריבערגעבערענגט געוואָרן אַהער פון גראָס־ראָזען, אַ שושקע געטון מיט אַ פייף דורך די פאָרנטיקע, אויס־געהאַקטע ציינער אין זיין אויער אַריין:

— ביסט אויך אַ פאַריזער?

— יאָ, אַוודאי... וואָס איז דען? — האָט אַנרי געפרעגט — ווילסט מיר נישט אַמאָל פאַרבעטן צו אַ פאַנטאַזי־ברויטל מיט אַ שאָפּין רויטן וויין?...

— ווער קלערט שוין דען?... — האָט די שטימע פון קליינעם מאַן געכאָרכלט — אָבער כ׳זע, אַז דו וועסט איבערהאַלטן. איך... פאַר מיר איז — דער סוף...

— קלאָג נישט... ציסט נאָך נישט אויס די קאָפּיטעס...

— דער קאַפּאָ שולצע האָט מיר היינט, ביי די וואַגאָניעטקעס, צוגע־לייגט מיטן שטעקן אָטאָ דאָ־אָ... כ׳האָב געשטופּט מיט די לעצטע כוחות... ווער ווייס צי כ׳וועל זיך אינדערפרי קענען אויפהייבן...

— פון וואַנען ביסטו? דוכט זיך, אַז כ׳האָב דיר אַמאָל געזען אַריינ־קומען אין דער קאַפּע אויפן בעלוויל...

— אָ, ניין... — האָט יענער אַלץ מיטן שטילן, שגעונדיקן געלעכטערל אַריינגעלאַכט אין זיך — וואָס איז דען די נפקא־מינה? האָסטו אין 1939 אפשר געהערט פון די צייטונגען וועגן אַן איינברוך אין אַ ביזשוטעריע־געשעפט אויף די גרויסע בולוואַרן, לעבן דער אָפּערע... פאַר דריי מיליאָן פראַנק צירונג האָט מען אַרויסגענומען...

— נו, ביסטו עס אַוודאי געווען איינער פון די חברה־לייט... — האָט אַנרי געחוזקט.

— אָ, ניין... — האָט זיך יענער האַלב־אויפגעזעצט — ס'איז געווען מיין געשעפט... מיין אייגנס...

— אַזוי!... און ביסט אַוודאי נאָכדעם אויך נישט אַרומגעגאַנגען אין די הייזער, פאַרשטיי איך...

— וואָס איז דען די נפקא־מינה?... כ'האָב איבערגעלאָזן מיין אייגנס צוויי הייזער אין פאַריז... געמיינט, אַז מ'איז שוין פאַרזיכערט אויפן גאַנצן לעבן... עט, צו וואָס האָב איך עס אַלץ באַדאַרפט... פאַרשטייסט... דאָס ווייב מיטן מיידל האָב איך אַליין... כ'האָב אַליין געזען ווי מ'האָט זיי אַוועקגע־פירט אַהין... צו די קרעמאַטאָריעס... ווייסטו וואָס? — איז די שטים ביי יענעם געוואָרן שטילער, כאָרכלענדיקער און ס'איז בפירוש געווען שגעון אין זיינע רייד — כ'שרייב דיר אָפּ אַ הויז... דו, זע איך, וועסט דאָ אויס־האַלטן... וועסט זיך נאָך צוריק אומקערן קיין פּאַריז... איך פאַרמאָג שוין דאָרט מער סיי־ווי קיינעם נישט...

— שוטה! — האָט זיך אַנרי צעלאַכט — הייזער גייט ער מיר אָפּ־שרייבן... גיב מיר בעסער אַ שטיקל ברויט, וועסטו מיר ביים לעבן דער־האַלטן...

און ער האָט אַליין אויך געלאַכט אין זיך אַריין אַ הויל, הייזעריק, אומהיימלעך געלעכטער. זיי האָבן דאָ אַלע פאַרצוקט דאָס זעלבע שטיקל ברויט, די געדערים זענען ביי זיי איינגעצערט געוואָרן, און פונדעסטוועגן האָט יענער אין אַנרין באַלד אַרויסגעפילט אַ געזונטן מוט, וואָס האַלט אויף די פיס, לאָזט נישט אַזוי לייכט אַוועקפאַלן; און ער איז אים מקנא געווען, וואָס ער טוט נאָך אַמאָל הויך אַ לאַך, האָט נאָך כוח צו פּיסקעווען. פאַרזיכערט אויפן גאַנצן לעבן... דער נאַרישער... און דאָ ערשט האָט ער דערזען, אַז קיינער קוקט זיך גאָר אויף אים נישט אום. ער האָט עס נאָר געוואָלט פאַרשטיין — פון וואַנען דערנעמט זיך ביי די אַלע דער כוח נישט איינגעבראָכן צו ווערן? ס'איז געווען דער גרויסער חידוש און פאַרדרוס, וואָס האָט געפיבערט אין די אויגן פון האַלבן מת; ס'איז געווען דער שגעון צו פאַרשטיין, אַז אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיך טועה געווען; אַז ער האָט זיך אין דער אמתן געיאָגט נישט מער ווי נאָך אַן אילוזיע.

אָבער דאָס פנים פון קליינעם, גרויען מאַן האָט שוין אַנרי מער נישט געזען. ער האָט שוין דערנאָך אַפילו נישט געדענקט, ווי מ'האָט אים דאָרט גערופן. יענער האָט זיך אין דער ענגשאַפט פון די צונויפגעפּרעסטע גופים קוים באַוויזן איבערצודרייען צום ווענטל; און באַגינען, צום אַפּעל, האָט ער זיך שוין טאַקע מער נישט אויפגעהויבן. קיינער האָט זיך סיי־ווי מער נישט אומגעקוקט. מ'איז צופרידן געווען, וואָס ס'וועט זיין אַ פּאָר נעכט אַביסל געראַומער אויף דער נאַרע, מ'עט קענען אויסציען אַן אבר.

דער שטובע־עלטסטער מיט זיינע געהילפן האָבן די אַוועקגעפּאַלענע איבער נאַכט באַפוילן אַרויסצוטראָגן צום אַפּעל־פּלאַץ. אָבער דעם קליינעם, גרויען, נאָמענלאָזן מאַן האָט אַנרי לאַנג דערנאָך פאַרגעדענקט. ווען מ׳האָט זיי מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער אַוועקגעטריבן אין לאַנגן מאַרש איבער די שנייען, האָט ער עס לאַכנדיק דערציילט דעם אַנדערן נאַרע־שכן זיינעם, איסר ראָזענבערגן:

— אַזאַ משוגענער!... ער האָט מיך, הערסטו, געוואָלט אָפּשרייבן אַ הויז אין פּאַריז... און אַליין איז ער אויסגעגאַנגען פון הונגער אויף דער נאַרע אין קאַצעט...

אין אָפּגעדעקטע לאַסט־וואַגאָנען האָט מען זיי אַריינגעפּאַקט, נאָכן לאַנגן מאַרש איבער די שנייען. מ׳האָט זיי אַזוי אַ גאַנצן מעת־לעת געלאָזן שטיין אויפן אָפענעם פּלאַנט. ס׳איז געפאַלן אַ נאַסער, געדיכטער שניי. דאָס איז געווען נאָך די טאָג־און־נאַכט אָנפליען פון דער סאָוויעטישער אַוויאַציע לענגאויס דער אָדער־נייס, דאָ באַלד אין דער נאָנט. מ׳האָט שוין סייווי געפילט, אַז ס׳איז דער סוף.

ס׳איז געווען אַ קליינע, צעשאָסענע וואָקזאַל־געביידע און באַלד הינ־טער די נאַקעטע פעלדער האָט זיך געבלויט אַ סאָסנע־וואַלד. אַהין האָט זיך זיי איינגעגעבן צו דערקריגן, ווי באַר ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. אַ סך האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען פון דאָזיקן לעצטן טויטן־צוג; אָבער די מערסטע זענען געלעגן צעזייט אויפן שניי אין זייערע דינע, צעפּאַסעוועטע פּיזשאַמעס — פון די קורצע, לויכטנדיקע קוילן־סעריעס פון די ס.ס. אויף די אויבערשטע וואַך־טורעמלעך אין עקסטן וואַגאָן, פון בייסיקן פראָסט, פון דערשעפּונג; ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָרט, אויף מזרח, איז נאָך אַלץ דער העלישער, ווינטערדיקער זון־פאַרגאַנג, אָבער דאָרט האָט אין דער אמתן געפלאַקערט אַ שטעטל צווישן פאַבריק־קוימענס.

אַביסל האָבן זיי זיך, אַנרי און איסר, אַרומגעדרייט צווישן דעם אָנגע־לאָפּענעם עולם אין די באַפרייטע שטעטלעך פון נידערשלעזיע, צווישן די רויט־אַרמייאישע און פּוילישע טיילן, וואָס האָבן פאַרסירט די אָדער־נייס. דאָס האַרץ איז געוואַקסן פאַר נחת און — אַ שווערער צער האָט געדריקט דאָס געמיט. ס׳האָט געצויגן צוריק אַהיים, כאָטש מ׳האָט שוין געוווסט, אַז ס׳איז נישטאָ צו וועמען.

געווען איז פרילינג, ווען דער לאַסט־צוג האָט זיי ביידן צוריקגעפירט קיין פּאַריז. זיי האָבן זיך נאָך אַלץ אַליין נישט געקאָנט צוגלויבן. ערשט איצט האָט זיך אַנרי איינגעקוקט אין איסרס נאַקעט־אויסגעגאָלטן שאַרבן און האָט איינגעפונען, ווי ער וואָלט געווען געשעענדעט, דער קאָפּ זיינער. נאָך מיט אַ פּאָר וואָכן פריער וואָלט אים גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן

צו קוקן אַזוי אויף אַ לאַגער־ברודער. ס'זענען געווען די טרויעריקע צוגן, וואָס האָבן זיך אין יענעם פרילינג געטראָגן דורך די באָמבאַרדירטע, אויפגערודערטע, חרובע וואַקזאַלן פון מיטל־־איירָאָפּע. אויף די וואַ־גאָנען, דורכגעלעכערטע פון קוילן, האָט מען נאָך געקענט זען די שפּורן פון זייער אָפּשטאַם: דרעזדען, מילאַנאָ, קראָקע, בריסל, אָדער פּאַריז. ס'האָט קיינעם נישט געאַרט, וואָס דורך די אויפגעשפּאַרטע טירן ציען שניידיקע צוג־ווינטן. דייטשן, איבערגעטוענע אין ציוויל, קלענער־געוואָרענע, מיט די קעפּ אין די אַקסלען, האָבן אַוועקגע־קערט די אויגן; די פרויען און די קינדער זייערע האָבן נאָכגעקוקט שטאַר, באַמיט זיך אַפילו פריינד־לעך צו שמייכלען; אָבער קיינער האָט צו זיי נישט געשמייכלט. אין די קורצע, לעבלעכע נעכט, אונטערן שיין פון גרויסע. בולטע שטערן — ווייל אַלע הינטערשטאָטישע ליכטער זענען געווען פאַר־לאָשן — ערגעץ אויף אַ פרעמדער ערד, האָט קיינער נישט געקענט שלאָפן. מ'האָט געקוקט ווי אויף אַ וועלט פון בראשית.

ערשט דעמלט איז צו אַנרין צוריקגעקומען די ווייטע, פאַרשוווּנדענע וועלט, וואָס האָט עקזיסטירט נאָר אין די קראַנקע חלומות — לאָטע... פיי־געלע... די מאַמע, די שוועסטערן... די „אָדלער־נעסט"... ווי אַ ווינט, ווי אַ רויך... די קראַנקע בענקשאַפט האָט זיך אויפגעוועקט. די שטחים זענען אין די זוניקע טעג געשווומען פאַרן ליידיקן בליק. בייטאָג האָט דער גאַנ־צער צוג געדרעמלט אין קראַנקן, פאַרטראָגענעם דרעמל, נאָר אין דער טיף פון וואַגאָן, אויפן אונטערגעשפּרייטן שטרוי, האָבן זיך געטראָגן אָפּ־געריסענע קרעכצן — מענטשן האָבן געליטן פון עצירות, פון בויך־קראַמפּן, האָבן געפּלאַפּלט פון שלאָף אויף פאַרשידענע לשונות. אַנרי האָט די גאַנצע צייט געקייט, געהאַלטן אין איין קייען. די פאַרבן זענען לאַנג־זאַם צוריקגעקומען אין זיינע באַקן אַריין, אונטערן ווילד־אָנגעוואַקסענעם מאָך. איסר האָט קוים פאַרזוכט אַ שטיקל ביסקוויט, איינגעווייקט אין וואַ־סער; איז געזעסן אויף דער אָנגעוואָרפענער פּאַדלאָגע פון לאַסט־וואַגאָן, די פיס אונטער זיך, ווי דער נביא ירמיהו אויף די חורבות פון ירושלים, און די צעפּאַסעוועטע לאַגער־מלבושים האָבן שיעור נישט אויסגעזען אויף אים ווי אַ צעריסענער טלית. צו די קאָנסערוון־שאַכטלעך האָט ער זיך אינגאַנצן נישט צוגערירט. יעדן טאָג האָט מען אַרונטערגענומען עטלעכע אַוועקגעפּאַלענע; די איינגעצויגענע געדערים האָבן זעלטן אויסגעהאַלטן.

— ווער ביסטו אין ציוויל? — האָט אים דאָרט אַנרי איינמאָל, צום ערשטן מאָל, אַ פרעג געגעבן און ס'איז געווען ווייטער חשד אין זיין פרעג.

— וואָס איז דען?

— ניין, קאָלעגעלע... זעסט מיר אויס צו זיין עפּעס אַ בעסער מענטשל...

— איך פרעג אַצינד זיך אַליין ווער כ'בין... מיר האָבן געזען אומ־ברענגען דאָס פאָלק... ווער קענען מיר שוין זיין ?...

פונדעסטוועגן האָט די גרויע לאַגער־פּנימלאָזיקייט באַלד אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן ביי די מענטשן פון הויט־און־ביין. ווי נאָר דער צוג איז באַגינען אַריבער די שטראַסבורגער בריק איבערן ריין, האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעריסן אינעווייניק. זיי זענען געוואָרן אומרואיק. זיי האָבן שוין צוריק אָנגעהויבן גלויבן — די היים... די היים איז ווידער נאָענט.

אויפן „גאַר די נאָר" האָט מען דעמאָלט אַלע צוגן אויפגענומען מיט מוזיק. דער אָרקעסטער פון דער „נאַציאָנאַלער גוואַרדיע", אין פייער־לעכן טראַכט, איז געווען אויסגעשטעלט פון איין זייט פּעראָן. אַ קאָמפּאַ־ניע פון יונגע אַלפּינישע שיסער, אין בערעטן, האָט פּרעזענטירט דאָס געווער. און דער מיט האָט זיך אַרויסגעשאָטן פון די וואַגאָנען דער המון אין די צעפּאַסעוועטע קליידער. הינטער די שטאַכעטן — אַ מאַסע, וואָס איז געקומען אָפּוואַרטן דעם צוג. פּרויען האָבן ספּאַזמירט. עלטערע מענער האָבן שטייף אָפּגעווישט אַ טרער.

אָנרי האָט געהאַט דאָס שאַרפע געפיל באַלד צו נעמען און צו אַנט־רינען אין דער מאַסע אַריין, ענדלעך אָפּרייסן זיך פון דעם מיט כּוח צו־נויפגעטריבענעם מענטשן־קאָלעקטיוו, וואָס האָט צוזאַמען אויסגעטראָגן קלעפּ, צוזאַמען געשטאָרבן; ער האָט געהאַט דעם פאַרלאַנג אויסצומישן זיך צוריק מיט די אַלע פרייע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַוועגט איבער די גאַסן, פאַרשווינדן אין גרויסן אַנאָנים.

ס'איז שוין געווען נאַכט, ווען זיי האָבן איבערגעלאָזן דאָס אויפנעם־הויז, דעם טומל, די געגרייטע טישן, געשלעפּט זיך לאַנג אין דער איבער־געפּאַקטער מעטראָ, ביז זיי זענען ביידע שטיינגעבליבן ביים אַלטן הויז אין דורכפאָר־געסל, הינטער די אויסגעלאָשענע טעאַטערן. זיי האָבן אַרויפ־געקוקט. זיי האָבן נישט געהאַט ווו אַריינצוגיין, ווו איבערצונעכטיקן. אָבער ס'האָט זיי נישט געאַרט. זיי זענען לאַנג געזעסן בייזאַמען אויף דער באַנק אין אַנעמישן גערטל, צופוסנס דער קירכע. ס'איז געווען אַ לעבלעכע נאַכט. אין דער ביסטראָ האָט זיי דער פלינקער גאַרסאָן אונטערגעטראָגן רויטן ווײַן, צובייסן און ווען ס'איז געקומען צום באַצאָלן, האָט ער אַ מאַך אַוועק געטון מיט דער האַנט...

פּאַריז איז נאָך צוביסלעך געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. ס'האָבן געווימלט המונים אין לינד־צוגעפּאַלענעם אָוונט, צווישן די אַלטע געס־לעך און דורכגענג צו די גרויסע בולאַוואַרן. אין לאַגער זענען זיי געווען נאָמענלאָזע ברידער, אָבער אַצינד האָבן זיי שוין געוווּסט עפּעס מער איינער פון אַנדערן.

— האָסטו דאָך באַלד געקענט זאָגן... — האָט אַנרי געלאַכט — פּירסט מיך אַוועק צו אַ הויז, ווו איך האָב אפשר 5—6 ווינטער־ און זומער־סעזאָ־נען געליוועדט, געקנאַקט אויף דער מאַשין פאַר איטשל ברוינער... ביז... ער אַליין איז געקומען צו מיר אין „הויז" אַריין אַרויסנעמען אַ ביסל אַר־בעט... ס'אי גוט... גיי ווייס...

— אַזוי? — האָט אים איסר עפּעס אָנגעקוקט מיט חשד — כ'האָב אים געקענט, דעם שניידער... פון דער ווייטן...

— און איך האָב אים נאָך געטראָפן אין בירקענוי... דערנאָך — ווייס איך נישט.

— די פרוי מיט דער טאָכטער זיינער האָבן זיך דאָ, ווייס איך, ערגעץ געראַטעוועט... אפשר זענען זיי דאָ?

— שיינדעלע מיטן מיידל?

און ווי צו זיך אַליין האָט איסר גערעדט; אַנרי האָט אים אָנגעקוקט און — נישט פאַרשטאַנען.

— מיר ווילן גלייך זיין מיט אַלע... וואָס ווילסטו, מען זאָל ווידער טייטלען אויף אונדז מיט די פינגער?... דאָרט זענען מיר אפשר געווען — פאָלק, אָבער דאָ זענען מיר פאַרבלאָנדזשעטע רעשטלעך פון אַ שטאַם. טאַקע... אפשר... צי האָבן מיר עס געמעגט? צי באַגייען מיר נישט קיין עוולה קעגן די יונגע מענטשן, וואָס ווילן מער נישט טראָגן אויף זיך קיין שאַנד־צייכן?...

דערנאָך האָט אים אַנרי ערגעץ פאַרלוירן. ער האָט געהאַט געניג אייגענע קאָפּ־פאַרדרייענישן.

אַלץ האָט זיך אויף אַן אומגעריכטן אופן דעצידירט. אַ שלל מענטשן זענען צוריק געקומען אַנצולויפן. איבער די גאַסן האָבן זיך געטראָגן קיינ־מאָל נישט געזעענע המונים. אָבער די מערסטע יידן האָבן זיך מער קיינ־מאָל נישט אומגעקערט צו זייערע היימישע שוועלן. אַמווייניקסטן האָט מען זיך געריכט, אַז דער אויסגעאיידלטער ייד איסר ראָזענבערג זאָל נאָך צו־ריקומען. דאָס פאַרשענדעטע פּנים, דאָס אַראָפּגעגנומענע בערדל, דער אויס־געגאָלטער שאַרבן, האָבן אים נאָך עפּעס אַזוי ווי יונגער געמאַכט. איינער פון די ערשטע איז ער געקומען אַנצולויפן מיט די טרויעריקע לאַגער־עשאַלאָנען און האָט סוף כל סוף צוריקבאַקומען זיין דירה פון פאַרנט. נאָך אַ סך יידישע דירות זענען געווען אין הויף, אָבער די מערסטע יידן זענען מער נישט צוריקגעקומען. פרעמדע, אַנגעלאָפענע שכנים האָבן דאָרט גע־וווינט.

וויפל מאָל אַנרי האָט אים נישט באַגעגנט, איסרן, האָט אים יענער

נישט אָפּגעלאָזן; ער איז געווען גרוי, פאַרוואַקסן, אָפּגעלאָזן און ס'איז אַלץ געווען אין זיינע אויגן דאָס פּלעמל פון אַ משוגענעם נביא:

— פאַרוואָס נישט רעדן פון תוך־זאַכן? — איז געווען דער ביטערער שמייכל אונטער זיינע איינגעקוועטשטע דראָטענע ברילן — כ'וויל דיך פרעגן: וווהין האָט זיך אַצינד צו ווענדן אַזאַ מענטש ווי איך? דער סאָציאַליזם וועט אָן שום ספק קומען, אָבער ווו וועלן דעמאָלט זיין מיינע יידן?

מ'האָט געזען — אויף איסרן זענען די פּופציק יאָר געפאַלן אַביסל שווערלעך; כאָטש די מענטשן, וואָס האָבן דורכגעטראָגן אויף זייערע אַקסלען די לאַסטן פון אַ דור, זענען נישט מיד געוואָרן. אַן אומבאַקאַנט פייער האָט געטליעט אין זיי.

— קום, וועל איך דיר ווייזן, ווי מיר אַרבעטן פאַרן לעבן... — האָט אים אַנרי איינמאָל מיטגערופן.

ווי די עלנטע מענטשן האָבן זיך געענדערט; די, וואָס זענען אַמאָל ווייט געווען איינער פון אַנדערן, זענען צוגעפאַלן קושן זיך. מ'האָט זיי באַדאַרפט העלפן די איינציק־לעבן־געבליבענע פון פאַרצווייגטע משפחות. פון די קבר־אינטערעסן אין די פאַר־מלחמהדיקע סאָסיעטעס, זענען איצט געוואָרן אינטערעסן פאַר די לעבן־געבליבענע. דאָ האָט מען אַן אלמנה מיט פּיצלעך קינדער באַדאַרפט שאַפן אַ שטיקל מאַשין, זי זאָל קענען ציען די אָרעמע חיונה; דאָ האָט מען באַדאַרפט זאָרגן פאַר די יתומים, לויפן ערגעץ אין די פאַרוואָרפענע דערפער אויפזוכן זיי. מ'האָט די אַלע צעשראָקענע קינדערלעך צוזאַמענגעבערענגט אין „פאַרכישופטן שלאָס“, ביי דער מאַרנע, אַן אַלטער שלאָס, וואָס איז איינגעקויפט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע פאַר קינדער פון דערשאָסענע און דעפּאָרטירטע. אַנרי איז אַליין מיטגעפאָרן אין די קאַמיאָנען העלפן אָפּלאָדן די קליינע טישעלעך, די בענקעלעך, די בעטעלעך. ער האָט עס געטון מיט פאַרפלאַמטן פלייס, ווי אַן הייליקע עובדה.

— זע, איסר... — האָט ער געזאָגט — צי מעגן מיר אַריינפאַלן אין עצבות?... מיר אַרבעטן פאַרן לעבן...

אין דעם הויז, ווו ס'האָט שוין ווידער געקלאַפּט דער פּולס פון יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, האָט אַנרי באַלד צואָרגנס אָנגעשטויסן זיך אויף וואָלף כייקינען. ער איז פריער געווען אַ מאַשינער אין די צעצרודערטע יידישע אַטעליעס, איז אין די אָוונטן אָפּגעלעגן אויף זיצונגען אין די פאַרויכערטע צימערלעך פון סינדיקאַט, ביז ער איז אַוועק קיין שפּאַניע. ס'לעצטע מאָל האָבן זיי זיך געזען אין פּאַריז. ווען מ'האָט דורכגעפירט דעם אָנפאַל אויפן האָטעל, באַזעצט פון דייטשע אָפיצירן.

וואָלף איז נאָך געווען אין זיין אָפיצירן־אוניפאָרם פון דער ווידער־שטאַנד־אַרמיי, אַ שלאַנקער, אַ פעסט־איינגעצויגענער, גאַרנישט דער זעל־בער. ער האָט זיך געאיילט צום קליינעם, צעטרייבערטן וואָגן.ביים רעדל איז געזעסן דער שפּאַניער לאָפּעז. ער איז געווען אומרואיק, נערוועז, גאַרנישט לויט זיין טבע. ער האָט אַנריין אויפגעמאַכט דאָס טירל און זיי האָבן זיך צוזאַמען געטראָגן איבער די גאַסן.

— ס'איז נאָך נישט אַזוי, ווי מיר האָבן געמיינט... ס'איז נאָך ווייט נישט געענדיקט...

עפּעס איז אים דאָ פּאָרט נישט קלאָר געווען, אַנרין. ווי די מענטשן האָבן זיך אין אַזאַ קורצער צייט געענדערט. ס'איז דער צייכן פון דער צייט, וואָס האָט זיך געלייגט אויף די מענטשן. אין קאַמף מיטן שלעכטס און ביטערקייט, ווערט מען, זעט אויס, אַליין אויך שלעכט און ביטער. מען קעמפט נישט מיט אַ שטעקן קעגן אַ קאַנאָן. פאַרפאַלן. פריער, ווען דער טויט האָט געלויערט, אַדורכגייענדיק אַ גאַס, איז מען שמייכלענדיק, מיט אַ בלימל אין לאַץ, געגאַנגען וואַרפן באָמבעס אויפן דייטשן פאַשיסט. און אַצינד — דאָס שווערע געמיט אַפילו ביי וואָלפן.

זיי זענען דערנאָך געזעסן אין אַ הפקרער קאַנטינע, ביי אַ וואָקזאַל. צווישן די צוג־ווינטן איז די שיטערלעכע, בלויע פאַרע געשוועמען אונ־טערן סופיט. שלאַנקע מיידלעך, געקליידט מיליטעריש, זענען אַריין דורך דער ברייטער טיר פון גאַס. אַ ראַדיאָ־הילכער האָט פונאַנדערגעטראָגן דאָס פאַרטיזאַנען־ליד „אָ, העי, פאַרטיזאַן“. זיי האָבן געגעסן דאָס ביליקע אָוונט־ברויט אויף טיקעטן, דריטע קאַטעגאָריע — לינדזן, קנאַפּ פלייש, זויערן ווייַן, געלן, קלעפּיקן ברויט, און צולעצט געדרייט דעם גראָבן, ביטערלעכן טאַבאַק אין פליס־פּאַפּירלעך.

אַנרי האָט דערציילט:

— כ'בין, הערסטו, צוריקגעקומען פון לאַגער מיט איינעם אַ יידישן אינטעליגענט, אַ שטיקל מאָלער; האָט ער מיר אויפגעזונגען עפּעס אַ גאַנצע נביאישע טעאָריע וועגן קיום פון יידישקייט, וועגן אָפּשטאַם פון יידישן אַרבעטער און וועגן צוריקגאַנג צום קליינבירגערטום, אויב מיר וועלן נישט באַצייטנס כאַפּן זיך וווהין מיר גייען... כ'פיל, אַז עפּעס שטימט דאָ נישט אין זיינע רייד, כ'האָב נישט געקענט דערכאַפּן דאָס ריכטיקע.

אויפן ליידיק־געוואָרענעם בולוואַר בעלוויל האָט אַנרי באַלד דעם ערשטן זונטיק אינדערפרי געטראָפן אַרומדרייען זיך דעם קליינעם, בלאָנדן אַלפרעד פון די שוסטערס.

— ווי זעט עס עפּעס אויס אין די יידישע פאַבן ?

— פון אַלע שוסטערס און שניידערס האָבן מיר קוים צוזאַמענגעשטעלט קנאַפּע דריי צענדליק מענטשן — האָט ער פּשוט געוויינט — מ׳רייסט פון די הענט. ווער זאָל זיך געווען ריכטן אויף אַזאַ בראָך?

ווי דער בולוואַר האָט זיך געענדערט! ס׳איז נישט געווען מער דער אומלעגאַלער אָנגעלויף אין די קליינע, פאַרשטעקטע זייטן־האָטעלן. ווו איז זי אַהינגעקומען, די יידישע יוגנט, וואָס איז אין יענע יאָרן געלאָפן דורך אַלע שפּאַרעס פון פּוילן? זייער אָרט אין די זייטן־האָטעלן האָבן איצט פאַרנומען אַלזשיריאַנער, מאַראָקאַנער. זיי האָבן זיך געקליבן אין די זעלבע קאַפעס, פול מיט רויך, מיטן ריח פון זייערע מאכלים, מיט זייער נאָז־ און גאָרגל־שפּראַך, מיט זייער מאָנאָטאָנער מדבר־מוזיק. זיי האָבן באַגינען אָנגעפילט די מעטראָ, צו אַלע שוואַרצע און שלעכט־באַצאָלטע אַרבעטן.

דאָס איז אין די טרויעריקע פּאָר יאָר צוריקגעקומען צו אַנרין די ביטערע הייטערקייט; ס׳איז געווען, האָט ער זיך געכאַפּט, די ביטערע הייטערקייט פון זיין גזע פריילעכע קבצנים שער־און־אייזן. ער האָט אפשר אויך איינגעזען, אַז נאָר אויסלאַכנדיק זיך, וועט מען עס אַלץ אַריבערטראָגן. ווייל מיטן פּשוטן שכל איז דאָ מער גאָרנישט געווען צו פאַרשטיין... צו וואָס אַ מענטש קען אַלץ דערפירט ווערן... אָבער נאָך איינצוהאַלטן דאָס פינטעלע מענטש — אָט ווו ס׳שטעקט דער טשוואָק, דער גרויסער נסיון.

און דערפאַר אויך, זינט ווען ער האָט זיך אומגעקערט „פון יענער וועלט״ אַ לעבעדיקער, האָט ער פּעסט אָפּגעמאַכט ביי זיך מער נישט צוריקצוקערן זיך צו זיין אַמאָליקן „שטיקל ברויט״. שניידעריי — יאָ, אדרבה; ס׳איז געווען אין זיין טעמפּעראַמענט, אין זיין טראַכטן, אין זיין אָטעמען, אין זיין גזע פון דורות שניידערס. ער האָט נאָך אַלץ געלאַכט דאָס גרויסע, אומהיימלעכע געלעכטער אין זיך אַריין, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם קליינעם ביזשוטיער פון אַרום דער אָפּעראַ, וואָס האָט אים דאָרט, אויף דער נאַרע, איידער ער האָט אויסגעהויכט די נשמה, פאַרגעלייגט אָפּצושרייבן אים אַ הויז... ער האָט זיך אָבער גאָרנישט געקענט פאָרוואַרפן — ווי ער וואָלט נאָך אין יענע יאָרן פאַראויסגעפילט — מער אפשר ווי מיטן שכל — די הייטלקייט, די פּוסטקייט פון רייסן זיך אין דער הויך, צו די פאַרמעגנס. די „אָדלער־נעסט״, וואָס איז זיך אַזוי נאַריש צעפּאַלן, איז נאַטירלעך גלייך געווען אַ פיקציע, אַן אוטאָפּיע. ס׳איז אָבער געווען אַן אידיי, אַ נישט־רעאַליזירבאַרע אידיי, אמת, אָבער אַן אידיי קעגן דער קליינלעכקייט פון אָט די אַלע.

מענטשן האָבן אים געטראָפן אין גאַס, פאַרגעלייגט אים געשעפטן, „הייזער״. מ׳האָט ביי אים גאָר קיין געלט נישט געפאָדערט, נאָר זיין ענער־

גיע, זיינע איינפאַלן, זיין קאָפּ. ער האָט שמייכלענדיק אַזוי איידל ווי ער האָט נאָר געקענט, אָפּגעזאָגט:

— לאָזט — האָט ער זיך אַרויסגעדרייט — ס'איז מיר נאָך דעמאָלט געווען איבער דער טבע. כ'בין דערצו נישט באַשאַפן געוואָרן.

ער איז געווען אַ מאַשינער. ער האָט זיך צוריק געפילט אויף זיין ריכטיקן אָרט צווישן עולם אין דער אַטעליע. ביז... ביז ער איז, אין גאַנצן אומגעריכט, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון שיינדלען, איטשל ברוינערס אלמנה, און אין דער מאָדנער געשיכטע מיטן גאָלד.

## 8

די געשיכטע מיטן גאָלד האָט שוין אָבער מער קיינעם נישט צורו גע־לאָזן; ס'איז געווען די טשיקאַווע געשיכטע מיטן פאַרמויערטן גאָלד, וואָס איטשל ברוינער האָט נאָך אין 1942, איידער מ'האָט אים צום לעצטן מאָל אַוועקגענומען אין לאַגער אַריין, קיין דראַנסי, פאַרשטעקט ביי זיך ערגעץ אין די פאַרדרייטע לופטעס פון אַלטמאָדישן קאַמין. צווישן די פּאָר צענד־ליק מציל־געוואָרענע לאַנדסלייט פון דער סאָסיעטע „די קינדער פון קליין־אַלעקסאַנדער", האָט מען זיך אָבער וועגן דעם אַלעמען דערוווסט ערשט היפש דערנאָך, ווען די גאַנצע זאַך איז פּלוצים אַרויסגעשווומען, ווי בוימל אויפן וואַסער. געשטאַנען איז טאַקע קיינער נישט דערביי, נאָר מ'האָט געשמועסט, אַז גאָר אַ גרויס פאַרמעגן פון גאָלד־שטענגלעך און גאָלד־מטבעות זאָלן דאָרט האָבן געווען באַגראָבן, פאַרשטעקט, אַז מ'האָט טאַקע נאָר באַדאַרפט צו זיין מיט זיבן קעפּ אויף זיך, מען זאָל זיך גאָר אַהין דערקריגן. נישט אומזיסט האָבן די לאַנדסלייט מיט איין מאָל אַזוי פאַר־אינטריגירט גענומען נאָכקוקן דאָס מיטליאָריקע, נאָך גאָרנישט־מיאוסע ווייבל שיינדעלע, איטשל ברוינערס אלמנה, וועלכע האָט אַ יאָר־אַנדערט־האַלבן נאָך דער באַפרייאונג עפּעס אַזוי שנעל געכאַפּט און איז געגאַנגען ווּינען מיטן מאָדנעם סאָרט ייד, מיט איסר ראָזענבערגן; דער טאָכטער ווידער, סיזאַנען, האָט זי, אַזויווי נישט־ווילנדיק, משדך געווען מיט אַנריין, וואָס האָט זיך אין דער ערשטער צייט אַפילו נישט געכאַפּט וואָס־און־ווען; ס'האָט זיך דאָרט אויך פריער געגוג אָפּגעטון צווישן דער מאַמען מיט דער טאָכטער; ס'האָט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק. ס'איז, מיט איין וואָרט, געווען אַ שיינע געשיכטע, נאָר אַ קורצע...

— דוכט זיך אַזאַ שטיל ווייבל... קיין הויך וואָרט האָט מען קיינמאָל פון איר נישט געהערט... — האָבן די ווייבער צוביסלעך גענומען אונטער־פליאָטקעווען — און איז נאָך דעמאָלט געקומען צולויפן נעמען שטיצע אין אונדזער קאָמיטעט אַריין...

— נישט אומזיסט — האָבן די געלאַסענע, ווייט־זעעוודיקע מאַנסלייט געדרונגען — האָט אַנרי מיט איין מאָל זיך צוריק געטון אַזאַ רייס־אַרויף... אַ „בוטיק", אַן אַטעליע... אַ בראָך איז צו איטשעלעס פאָר יאָר...

ס'אי גוט! ווער ס'האָט אים פריער נישט געקענט, איטשל ברוינער! אַז אַפילו פאַרן אייגענעם ווייב, וואָס ער האָט זי אין יענע יאָרן אַראָפּגע־ברענגט אַזש פון קליין־אַלעקסאַנדער, אַריינגענומען איר אין אַזאַ גוטס אַריין, האָט זי דאָ באַקליידט פון קאָפּ ביז פיס, איז גרייט געווען ס'לעבן פאַר איר צו שטרעקן — אַפילו פאַרן אייגענעם ווייב האָט ער די גאַנצע געשיכטע מיטן פאַרמויערטן גאָלד קיין פאַרע נישט געלאָזן פאַלן, פאַר־שוויגן, פשוט אויסבאַהאַלטן. ס'איז שוין אָבער אַלעמאָל געווען אין זיין טבע אָפּצוטון אַ זאַך פאַר־זיך, קיין שום זייטיקער זאָל אים דאָרט צופיל נישט אַריינקוקן, נישט וויסן וואָס־און־ווען; און נאָר אין דער סאַמע לעצ־טער רגע האָט ער עס איר, אינעם אַרויסגעשמוגלטן שטיקל בריוול, מיט ווייטע אָנצוהערענישן, אַנטפּלעקט דעם סוד. דעמאָלט האָט ער שוין דאָרט אַוודאי געפילט, אַז ס'איז אפשר דער לעצטער גאַנג זיינער איבער דער זינדיקער ערד — זאָל כאָטש, האָט ער זיך געזאָגט, עפּעס פאַרבלייבן פאַרן אונטערגעוואַקסענעם מיידל, פאַר סיזאַנען.

אַ לעבן־לאַנג איז איטשל ברוינער געגאַנגען איבער דער ערד פאָר־זיכטיק, דעם קאָפּ אַריינגענומען צווישן די אַקסלען. פון רגילות, האָט ער זיך אַלע ווײַלע אַ טאָפּ געטון אַרום טיף־פאַרוואַקסענעם האַלדז, ווי דער צענטימעטער וואָלט אים נאָך דאָרט אַלץ הענגען געבליבן; ער האָט אַזוי אַ קונציקן פיר־ און אַ שאָקל־געגעבן מיט צוויי אויסגעגלאַנצטע פינגער, פון אויבן־אַראָפּ, די קלאַפּקע ביי יענעם, נישט טראַכטנדיק גאָר אַפילו, פאַרטראָגן, אין סאַמע מיטן בעסטן שמועסן. דער אונטערשטער קין — אַרויסגעשטעלט, די נעגל — פאַרגלאַנצט, פון צושניידן יאָרנלאַנג באַלן שטאָפן, פון אויסריכטן און אויסלאַמעווען קלאַפּקעס און פעלבעלעך...

קיין לייכט לעבן האָט ער קינדווייז ביי זיין טאַטן, חיים־הערש דאָרף־שניידער, אויך מסתמא נישט געהאַט. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך ווי אַ שווער ראָד אַריבערגעקייקלט איבערן גופל פון הויט־און־ביינער. אַוודאי אַ יאָר פערצן־פופצן האָט ער דעמאָלט געקענט אַלט זיין. ווו ער־געץ אַ פאַרשלעפּטע קרענק, האָט זי אים נישט געמיטן. ברידערלעך און שוועסטערלעך האָבן זיך שטום אויסגעלאָשן, פאַרוואָרפנדיק די איבער־

געקערטע ווייסלען צום נידעריקן באַלקן. דער האָריקער קבורות־ייד מיט דער רויטער בעלמע האָט אין יענע עפּידעמיע־טעג אַרומגעטאָפּטשעט אין זיינע טיפע קאַלאָשן איבער די שמוציקע הויפלעך פון קליין־אַלעקסאַנדער, געקרעכצט איבער די הילצערנע גאָרן־טרעפּ און אין שפּעטן פאַרנאַכט אַוועקגעטראָגן צוויי־דריי עופהלעך, פאַרשטעקט אונטער דער פּאָלע. אויף די שוועלן האָבן די ווייבער, מיד פון וויינען און איינרייסן, קורץ אַ שלוכץ געטון, געשנייצט די פאַרקאַטערטע נעזער אין די אונטער־קליידלעך, פאַרשטעקט די פויגל־קעפּ אין די שוואַרצע דערעס. אויך איבער איטשלען האָט זיך די מאַמע שוין גוט געהאַט אויסגעוויינט. זי האָט געלאָזן אַראָפּפאַלן דאָס קאַלטע הענטל, ווו ס׳האָט נאָך שוואַך עפּעס וויברירט. אין דער זעלבער וואָך האָט דער האָריקער קבורות־ייד צוויי פונעם הויז שוין געהאַט אַוועקגעטראָגן. אָבער פרימאָרגנס האָט מען ס׳יינגל געפונען באָדן זיך אין אַ טייך שווייס. ער איז געשלאָפן מיט אַ שווערן, געדיכטן שלאָף, אויף די איינגעפאַלענע באַקן — אַ פלאַם.

ביינאַכט, ווען אַלע זענען אַוועקגעפאַלן געהרגעט־מיד, האָט ער זיך אַראָפּגעשאַרט פון טאַפּטשאַן נישטערן אין די ליידיקע שענקלעך. ער איז צוריקגעקראָכן אונטער דער צעאָדערטער קאָלדרע און, מיט כעס, געגריזשעט האַרטע, פאַרדאַרטע שטיקער ברויט.

די שטוב איז געשטאַנען ליידיק. דעם טאַטנס ניי־מאַשין — אַוועקגערוקט אין אַ ווינקל, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ טוך. אַ מאָגערער, מיט אַ הויכער, אויסגעהאָרעוועטער פּלייצע, האָט חיים־הערש דאָרףשניידער אין רעגנדיקן נאָך־סוכות אויסגעשפּיגן די לונגען ביים פּרעסל. די צוויי אויסגעגעבענע שוועסטערן האָבן שוין געוווינט פאַר־זיך, אין לאָדזש אויפן באַלוט. זייערע מאַנען זענען געווען וועבערס. זיי האָבן אַליין שוין אויך געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער. דער ברויט־געבער נאָכן טאַטנס טויט איז געווען דער עלטערער ברודער אהרן. ער איז שפּעט אַהיימגעקומען פון די פאַריינען, פון די פאַרזאַמלונגען; ביי אַ קאַניצל, אויפן ראַנד פון טאַטנס ניי־מאַשין, האָט ער געזופּט דעם איבערגעשטאַנענעם קרופּניק און געלייענט ביכלעך.

פריער, איידער דער אַלטער האָט אויסגעשפּיגן די לונגען, איז נאָך פונדעסטוועגן געווען אַ ביסל היימלעך אין הויז. אַמאָל האָט דאָס שטעטל געלעבט פון גרויס־רוסישן מאַרק. אין קליין־אַלעקסאַנדער איז די נאָדל אין לאָץ אַריבער בירושה פון טאַטע צו זון. דער נדן און דער אויסשטייער פאַר אַ כלה־מיידל איז דאָרט געווען אָפט — אַ זינגער־מאַשין, אַ פּרעס־טוך און אַ פּרעס־אייזן. באַלד נאָך דער מלחמה, ווען די קוימענס אין לאָדזש האָבן ווידער גענומען רויכערן, האָט דאָס שטעטל יידישע שניידערס צו־

ביסלעך אונטערגעאַרבעט. ווינטער איז דער פֿריש־אָנגעפּאַלענער שניי צווישן איין־גאָרנדיקן, האַלב־איינגעזונקענעם הייזער־רינג אויפֿן הילצער־נעם מאַרק שוואַרץ געווען פֿון די גליענדיקע און רויכערדיקע פּרעס־אייזנס, וואָס די לערן־מיידלעך און די לערן־ייִנגלעך האָבן פֿונאַנדערגעבלאָזן פֿאַר די שווועלן און אויף די גאַניקעס. ס׳האָט אָפֿט געטראָפֿן, אַז אַ דאַר, אויפֿגעשאָסן מיידל, אין אַ געבלימלטער קאָפּטע, איז אַרונטער די קרומע שטיג, אַ פֿאַרפֿלאַמטע, מיט קלאַפּנדיקע שלייפֿן פֿונעם קוילן־גאַז און, איינאָטעמענדיק די פֿרישע קילקייט פֿון ווינטערדיקן דרויסן, פֿאַרחלשט אַראָפּגעזעצט זיך אין שניי אַריין.

אָבער נאָך דער מלחמה האָט מען קאַרג געקענט אויפֿציילן עטלעכע גוטע סעזאָנען. נישט אומזיסט האָט מען פֿון קליין־אַלעקסאַנדער, ווי פֿון אַ שׂרפֿה, אַלע יאָרן געצויגן אין דער וועלט אַריין, איבערהויפּט ס׳יונגוואַרג. אַזוי מאָגער, בלייך און דאַר, ווי ער איז געווען, האָט זיך איטשל ברוינער קודם אָפּגעטראָגן קיין לאָדזש. ס׳האָט זיך דאָרט שטאַרק געטומלט און געררודערט אין יענע יאָרן. די ייִדישע, פּוילישע און דײַטשע אַרבעטער פֿון אָשר קאָנס, פֿון שײַבלערס פֿאַבריקן האָבן געשטרײַקט; פּאָליציי, אויף צע־היצטע רייטער־פֿערד, איז געשפּרונגען אין דער מאַסע אַריין מיט אַנט־בלויזטע שאַבלעס. ער האָט געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ, אַראָפּגעיאַוועט זיך נאָך אַ צוויי־דריי מאָל אויף די יום־טובֿים אין שטעטל אַריין. דער קאָפּ האָט אים שוין דעמאָלט געטראָגן אין דער וועלט אַריין, אָבער קיינער האָט עס בײַ אים נישט באַדאַרפֿט צו וויסן. ער האָט זיך אײַנגיכן אַריבערגע־פּעקלט קיין בערלין; דערנאָך זענען שוין אָנגעקומען פֿון אים די בריווע־לעך פֿון פּאַריז. ער האָט געשיקט אַ פּאָטאָ, ווי ער שטייט אויסגעסטראָיעט אין אַן אויסגעפּאַסטן קאָנפֿעקציע־אָנצוג, מיט פּאַרונדיקטע קלאַפּעס; ער האָט געשריבן, אַז די לאַנדסלײַט האָבן אים געהאָלפֿן שטעלן זיך אויף די פֿיס, אַז ער איז אַ לײַט. אַלע האָבן סײַ־ווי געוווסט — נאָכן לערן־מיידל מיט די רויטע באַקן און מיט די קאַשטאַן־האָר, נאָך שײַנדלען, איז ער אויסגעגאַנגען; אַנישט וואָלט ער דען אַזוי אײַליק געווען געשריבן אַזעלכע שיינע בריוועלעך וועגן זײַנע גליקן, וואָס ער מאַכט דאָרט?

שיינדל איז געווען אַן אָרעם לערן־מיידל, האָט געלייענט ביכלעך און איז שוין ס׳אַנדערע יאָר „אַרויסגעגאַנגען“ מיט אַ שנײַדער־געזעל. איטשל האָט דאָרט, אין פּאַריז, נישט אײַנגערוט. ער האָט געהאַלטן אין איין שרײַבן בריוועלעך, געשיקט געלט און אויספֿאָדערונג־פּאַפּירן. זי האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן, שיינדל, און — איז פֿונדעסטוועגן געפֿאָרן צו אים. אין דער משפּחה, צווישן די לערן־מיידלעך, האָט מען זיך שטילערהייט אַרומ־

געטראָגן מיט שמייכעלעך; אָבער מ'איז איר פּאָרט מקנא געווען מיטן גרויסן גליק, וואָס איר האָט געטראָפן.

גאָט זאָל איר נישט שטראָפן פאַר די מחשבות — ניין, איר האַרץ האָט נישט אַזוי שטאַרק געצויגן צו אים. נאָר אַזוי האָט זיך עס שוין גע־שלעפּט צווישן זיי, דאָס אומעטיקע לעבן, אַלע יאָרן, אין פּאַריז, אַפילו ווען ס'איז מיט אַ יאָר אַנדערטהאַלבן שפּעטער געבוירן געוואָרן דאָס מייד־דעלע סיזאַן. ער האָט זי דאָ אין דער ערשטער צייט, ווען זי האָט נאָך אַליין מורא געהאַט אַרויסצושטעלן אַ טריט, אין דער שטאָט פון אַזויפיל ליכט און פריילעכן גערודער, געוואָלט פאַרבלענדן מיט די אַלע טשיקאַווע פאַ־ריזער ערטעלעך, געפירט זי אין די סינעמאַס, אין די מוזיק־האַלן און ווו נישט? ער האָט איר געבערענגט צופירן אין אָט דעם הויז מיט די גרויסע, אומהיימלעכע צימערן, אָנגעשטעלט מיט מאַשינען, באַזעצט מיט מענטשן, וואָס האָבן געהאָרעוועט טאָג און נאַכט, אויסגעקליידט זי פון קאָפּ ביז פיס און האָט צו איר אַזוי געזאָגט:

— ביי מיר, שיינדעלע, וועסטו אין פּאַריז נישט דאַרפן צו האָרעווען... ס'איז דאָ, נישקשה, ווער ס'זאָל האָרעווען פאַר דיר...

אַוודאי אַ יאָר פופצן־זעכצן ווי זיי האָבן געוווינט אין אָט דעם אַלטן הויז, פאַרשטעקט אין טיפן הויף־קאַסטן, הינטער די טעאַטערן, ביים פּאָרט סען־מאַרטען. קיין צופיל ליכט איז דאָרט נישט געווען. אַפילו אין מיטן העלן טאָג האָט מען געבערענט די אַרונטערגעלאָזענע לעמפּ אין דער גרוי־סער אַטעליע־שטוב; דערפאַר זענען דאָרט געווען לאַנגע, ברייטע, בידע־ריקע שטיבן, גרויס ווי די פעלדער, מיט דיקע ווענט און פאַרדרייטע לופ־טעס פון די קאַמינען. אין אָט די אומהיימלעך־גרויסע צימערן האָבן דאָרט, אפשר מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, געוווינט מסתמא גראַפן, אָדער באַראָנען, ווייל מ'האָט נאָך דאָ אָנגעזען אַרום די סופיטן די אַלטע, אָפּגע־ריבענע אָרנאַמענטיק, איבער די קאַמינען — הויכע, זשאַווערדיקע שפּיג־לען אין געשניצטע גאָלד־ראַמען, מיט פאַרשטויבטע מלאכימלעך און פּאַס־טושקעס. אין די הייף זענען די אַמאָליקע שטעלער פאַר די געצערטלטע פערד פון די פּאַיעטאָנען און עקיפּאַזשן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סחורה־לאַגערן, אַטעליעס און גאַראַזשן.

אין די גרויסע צימערן האָט איטשל צוערשט, ווי געוויינלעך, געהאַט שטיין אַ הייזעריק ניי־מאַשינדל; דערנאָך, אַז ס'איז דורכגעלאָפן איין גוטער סעזאָן נאָכן אַנדערן, האָט מען ביסלעכווייז געבערענגט אָנצופירן אין הויז אַריין די גרויסע, מאָדערנע קאַנאַן־מאַשינען מיט די טראַסקענדיקע מאָ־טאָרן, וואָס האָבן זיך אַלעמאָל אָפּגעריסן מיט אַ בילעריי. מענטשן, ס'רוב פּריש־אַריבערגעקומענע, אָן „פּאַפּירן", אָן אַרבעטס־רעכט, זענען געזעסן

און געאַרבעט. מ׳האָט אין די קאָכעדיקע סעזאָנען געהאָרעוועט „גאָטס שעהן״.

איטשל איז אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי אין אַ וואָלקן, דאָס אויסגעצויגענע פּנים — פאַרשטעקט אין די הויכע אַקסלען. די שיטערע האָר אויפן שאַרבן האָבן זיך אויפגעשטעלט, געווינטלט. ער איז אויך קיין מינוט נישט אָפּגע־טראָטן פון צושנייד־טיש, וואָס האָט פאַרנומען אפשר אַ העלפט שטוב, מיטן מעטער און מיטן קריידל אין דער האַנט; אַפילו ווען די מענטשן זע־נען זיך שוין פון לאַנג געהאַט צעגאַנגען יעדער צו זיך אַהיים, איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען איינער אַליין אין דער גרויסער שטוב, אונטער די אַראָפּגעלאָזענע לעמפּ, איבער די באַלן שטאָפן, נאָכגערעכנט, צוגעשניטן. ער איז טיילמאָל טאַקע אַזוי אַוועקגעפאַלן אין אָנטון, האָט געשנאָרכט מיט אַן אָפן מויל; ביז שיינדל איז אַראָפּ און האָט אים שטיל געוועקט:

— איטשל... — האָט זי אים שטיל געטרייסלט ביי אַן אַקסל — טו זיך אויס און לייג זיך אין בעט אַריין... ס׳איז שוין נאָך צוועלעווע...

ער האָט דאָרט נאָך עפּעס אַ מורמל געטון און מיט קרומע שפּרייזן אין דער פינצטער בלינד אָנגעטאַפּט דאָס בעט.

אָט די לאַנגע, פאַרדרייטע הייף זענען, צוריק מיט אַ יאָר הונדערט־פופציק אַוודאי, געבויט געוואָרן פון געטעסעטע שטיינער, מאַסיוו, פיר־עקעכדיק, ווי פעסטונגען. דאָס דורכפאָר־געסל צו די גרויסע בולוואַרן האָט זיך קרום געדרייט צווישן די פאַרויכערטע פאַסאַדן מיט די אייזערנע שווינדל־טרעפּ פון די הינטערשטע איינגענג צו די אַלטע טעאַטער־געביי־דעס „אַמביגי״, „פּאָרט סט.־מאַרטען״, „רענעסאַנס״, צום „איינגאַנג פון די אַרטיסטן״, צו די קליינע, רווישיקע ביסטראָס און שמאָלע, גרעל־באַלויכ־טענע באַרן פאַר אַ באַזונדער מין קליענטעל; צו די פאַרפעטסטע, אָפּגע־ריבענע קוליסן־טירן פון טעכנישן פּערסאָנאַל.

אַ סך צעטומלטע, אָנגעלאָפענע יידן זענען אין יענע נאָך־מלחמה־יאָרן געקומען דאָ אַהער איינגעסטיקן זיך מיט זייערע שניידער־ און שטריקער־מאַשינדלעך; דער עיקר אפשר דערפאַר, ווייל דאָ איז מען באַלד געווען אין סאַמע קאָכעדיקסטן האַנדלס־צענטער, אַרום רעפּובליק, אַרום די גרויסע בולוואַרן. אַפילו אַן אייגן יידיש שפּייז־געוועלבל איז דאָ פאַרשטעקט געווען ערגעץ אין אַ פינצטערער אָפּיצינע אין איינעם פון די הייף. ס׳האָט יידן געצויגן אַהער, ס׳איז דאָ היימלעכער געווען; ס׳האָט דאָ שיעור נישט דער־מאָנט אין די וואַרשעווער זשומענדיקע דורכגאַנגס־הייף פון די נאַלעווקעס צו דער דזשיקע.

אויפן ערשטן שטאָק פון פאָרנט, אין די הויכע פענצטער מיטן לאַנגן, אַלטמאָדישן באַלקאָן, קעגנאיבערן אַנעמישן גערטל, צופוסנס דער קירכע,

האָט זיך געפונען דער באַרימטער פּאָטאָ־קונסט־אַנשטאַלט „רעמבראַנדט“, פון מאָדנעם סאָרט ייד, פון איסר ראָזענבערגן.

אין לעצטן ערב־מלחמה־יאָר איז סיזאַן — הויך־אויפגעשאָסן ווי די מאַמע, מיט אַ קאָפּ קאַשטאַן־לאָקן צעוואָרפן אויף דער פּלייצע — אָפּט „אַרויסגעגאַנגען“ מיטן בלייכן, איידעלן בחורל פון די ראָזענבערגס, מיט זשאַקן. די קינדער זענען דאָ, אין זעלבן הויף־קאַסטן, צוזאַמען אונטערגעוואַקסן; קעגנאיבער, אין גערטל, איז שיינדל אין די זוניקע טעג, ווען אויבן, אין דער אַטעליע, איז געשטאַנען אַ וויסטע גראַטשקע, אָפּגעזעסן מיטן וועגעלע, אויף אַ באַנק, צוזאַמען מיט די אַנדערע מאַמעס פון די אַרומיקע הייף. דאָ באַלד, אין ראָג, האָט סיזאַן אָנגעהויבן צו גיין אין דער מיידל־שול און האָט יעדן אינדערפרי געזען אַריבערפירן זשאַקן, מיטן שפּיזיקן, שלעכט־אויפגעקעמטן שויבערל, אין דער ייִנגל־שול, צו די אַלטע, זשאַווערנדיקע רעגירונגס־געביידעס אין געסל. זונטיק און דאָנערשטיק, ווען מ'איז פריי פון שול, האָבן זיך די קינדער אַרומגעיאָגט אין הויף, אָדער אין גערטל; כאָטש ער איז געווען אַ שטילערער, ס'ייִנגל. איסר, מיטן שוואַרץ־אויסגעבונדענעם קינסטלער־שלייף, אַ ברייט־לעכער, אַ צעכראַסטעטער, האָט אינדערפרי אָפּט אַליין געפלעגט אַראָפּצופירן זשאַקן אין שול אַריין, ווייל אין דורכפאָר־געסל איז אייביק געשטאַנען אַ געדיכטער פאַרקער פון וואָגנס.

איידער מ'האָט זיך נאָך רעכט אַרומגעקוקט, איז זשאַק פאַר די פאָר יאָר אונטערגעוואַקסן אַן ערנסט, בלייך בחורל, אַ באַברילטער; און ווען די מלחמה איז אין יענעם שיינעם סעפּטעמבער אויסגעבראָכן, איז ער שוין געווען אויפן אַנדערן יאָר מעדיצין. ס'האָט אַפילו אויסגעזען, אַז ער איז גלייכגילטיק געוואָרן צו די מיידלעך פון הויף; אָבער אַ סך מאָל, פאַרנאַכט, פלעגט ער, אַזויווי אומגעריכט, אָפּוואַרטן סיזאַנען ביים ברייטן איינפאָר־טויער, צווישן דעם גערודער פון געשעפטן, אַטעליעס, סחורה־געשטעלן און גאַראַזשן. זיי זענען ביידע אַריבער די גאַס, אַוועקגעבלאָנדזשעט ביז צו די בריקן פון דער סען, צו דער אַלייע פון די ווייַנענדיקע ווערבעס, אַרום די מאָלערישע ברעגן. זיי זענען ביידע געווען כמעט פון דער זעלבער הויך, מיט גלייכע אַקסלען, מיט ספּאָרטיווע פיס. זשאַק האָט אַוודאי באַדאַרפט צו זיין מיט אַ צוויי יאָר עלטער ווי סיזאַן. ער האָט איר געלייענט פון אויסנווייניק פּערזן, דערציילט וועגן עפּעס ביכלעך און סיזאַן, מיט די ראָזע באַקן אינעם ווילדן שויבער קאַשטאַן־לאָקן, האָט הילכיק געלאַכט, אַפילו ווען ס'האָט זיך זשאַקן אויסגעוויזן, אַז מען באַדאַרף גאָרנישט צו לאַכן.

ס'איז אָבער געווען נאָר איין שיינער זומער אין זייערביידנס יונג לעבן; ווייל געענדיקט האָט זיך עס באַלד דערנאָך, קורץ און טרויעריק. ס'איז געווען אין יענעם הייסן זומער פון 1940, ווען האַלב פּאַריז האָט זיך מיטאַמאָל געפונען אויף די פּאַרפּראָפּטע שאָסייען, וואָס האָבן געפירט צום דרום; מ'איז אין גרויס פּאַניק אַנטלאָפן פון דער שטאָט, ווייל די דייטשע מאָטאָריזירטע אַרמייען האָבן אומגעריכט געהאַט דורכגעריסן אַלע פראָנטן; ווי פון אַ פּאַרפּלייצונג, ווי פון אַ ווולקאַן־אויסברוך איז מען געלאָפן. אין יענעם בהלהדיקן אינדערפרי האָט זיך איטשל ברוינער איינגעגעבן צו דערכאַפּן ערגעצווו אַ צעטרייסלטן וואָגן און, צוזאַמען מיט די ראָזענבערגס, האָבן זיי זיך געלאָזן אַנטלויפן דורך פּאָרט ד'אָרלעאַן. מ'האָט געזאָגט, אַז די דייטשן וועלן גאַנץ פּאַריז לאָזן אין דער לופטן; אַז זיי דערנענטערן זיך שוין צו די צפון־פאָרשטעט.

ביז נאָכן האַלבן טאָג האָבן זיי זיך ווי־ניט־איז דורכגעשפּאַרט די געדיכט־פּאַרפּראָפּטע שאָסייען, אָבער פּאַרנאַכט איז שוין אוממעגלעך געווען דורכצוקריגן זיך ווייטער מיט דער צעטרייסלטער מאַשין. אַ ים אויטאָס און פוס־גייער האָבן פּאַרפּלייצט אַלע דורכגענג. אין דעם איז אויך די מאַשין קאַליע געוואָרן. איסר, וואָס האָט זיך אַביסל אויסגעקענט, איז אַראָפּ פּאָרען זיך אין די אַלטע געדערים פון דער מאַשין. ווי ווייט ס'אויג האָט נאָר געקענט דערגרייכן, איז געווען אַ פּאַרפּלייץ פון מענטשן, אויטאָס, וועלאָס, פערד; פּאַרוואַקסענע סאָלדאַטן, אַרומגעשליסענע, די ביקסן אַוועקגעוואָרפן, זענען מיטגעגאַנגען ביי די זייטן וועג, צעשאָטן זיך ווי אין טיראַליער איבער די פלאַכע פעלדער, אין הויכן ווייץ, וועלכן מ'האָט נישט באַוויזן אַראָפּצונעמען, ווי נאָר ס'זענען נידעריק איבער די קעפּ געקומען די פיינטלעכע, מערדערישע אָנפליען. איין איסר איז געווען מאָדנע אויפגעלייגט, ווי אַ יינגל; דאָס בערדל האָט זיך אים געשויבערט, דער שוואַרצער לאָק איז אים געפאַלן איבערן שיינעם שטערן.

— ס'וואָלט פונדעסטוועגן גאָרנישט געשאַדט אָפּצוטראָגן זיך... — איז ער שטיינגעבליבן מיט צענומענע הענט, איינגאַנצן אַ פאַרשמירטער — ווער ווייס צי די חיה־רעה וועט אונדז כאָטש לאָזן לעבן...

אַזאַ שלעכטן פּאָרגעפיל האָט ער אָבער שוין באַלד דעמאָלט געהאַט; און די ווייבער האָבן באַצייטנס פאַרבראָכן די הענט, געוויינט. ביז אָוונט האָבן זיי זיך אַלע קוים דערקריגן ביז צו אַ פאַרלאָזענער פערמע, באַרגאַראָפּ, אויף אַ זייטיקער, אָפּגעלעגענער סטעזשקע. ס'איז צוגעפאַלן אַ מילדע יוני־נאַכט. מ'האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, אָבער קיינער האָט נישט געקענט איינשלאָפן אויפן אָנגעוואַלגערטן שטרוי, אונטערן אָנגעגליטן דאַך פון דער שאָפּע, צווישן אַ פרעמדן, זשומענדיקן אָנגעלויף. ס'איז

געשטאַנען אַ האַלב־איינגעזונקענע באַנק פון פּאָרנט, אונטער ריזיק־צעוואַקסענע אַקאַציעס. אַ ווייטער, פלאַקערדיקער האָריזאָנט. צווישן איין ווייטער באָמבאַרדירונג און דער אַנדערער, האָבן נאַכט־גרילן געזעגט די מילדע, אָוונטיקע לופט, ס'זענען פאַרגאַנגען נאָגנדיקע ריחות פון היי און פון מיענטע. סיזאַן האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געפילט דאָס הויכע קלאַפּן פון איר אייגן האַרץ.

— זאָג — האָבן אירע פולע ליפּן זיך אָפּגעריסן פון זיינע דינע, הייסע, יינגלשע ליפּן — זאָג פאַרוואָס מיר איז אַזוי טרויעריק, זשאַק?

דער קורצער אָטעם, האָט זי געפילט, איז ביי אים פאַרהאַקט, ער האָט קוים געפונען די רייד:

— ווען דו ווייסט עס כאָטש אַלץ, סיזאַן... — האָט ער, ווי קיינמאָל נישט גערעדט מיט האַרץ, דאָס יינגל — ווי אַזוי מיר זענען דערצו דערגאַנגען...

זי האָט נישט דערקענט מער זיין געביטענע שטים, ווו ס'האָט געקלונגען, האָט זי אַרויסגעפילט, צום ערשטן מאָל אַ מין נייער, מענערישער מעטאַל. זי האָט עס גאָרנישט געוואָלט וויסן אויך; און ער האָט, אויפן פּאָן פון פלאַקערדיקן האָריזאָנט, אונטער אירע ווילד־אָנגעפאַלענע קאַשטאַנלאָקן, וויברירט פון ווינטל, דערזען דעם הייסן, פאַרטראָגענעם בליק פונעם מיידל; ס'איז אים אַ רחמנות געווען אויף איר; זי האָט פון גאָרנישט מער געוואָלט וויסן, אויסער פון זייער שיינער און טרויעריקער ליבע, וואָס האָט זיך אין יענער יוני־נאַכט אַנטפּלעקט פאַר זיי אַזוי גרויס און אַזוי הייליק.

דאָס מיידל האָט נישט פאַרשטאַנען און נישט געוואָלט פאַרשטיין. אין זיין האַרץ און אין זיין מוח, האָט זי פלוצים דערפילט, לעבט נאָך אַן אַנדערע וועלט, עפּעס אַ פרעמדע, אומהיימלעכע וועלט, און ס'האָט איר מיטאַמאָל שאַרף פאַרדראָסן; ווייל זי האָט אים געוואָלט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַר זיך אַליין.

צומאָרגנס האָבן זיי זיך אַלע אין מיטן די פאַרפראָפּטע וועגן ערגעצווו פאַרלוירן. ס'איז שוין געווען אַ ווילד געלויף. די אַוויאָנען, וואָס האָבן געזשומעט נידעריק איבער קעפּ, האָבן באַשאָסן די מחנות אַנטרינענדיקע. עס זענען געשטאַנען געוויינען און געוואַלדן.

אויסגעקומען צוריק צו טרעפן זיך איז מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, אין דעם אַלטן הויף־קאַסטן, הינטער די טעאַטערן. ס'איז ביי אַלעמען געווען אַ פאַרטייעטקייט — דער דייטשער שטיוול איז האַרט געטרעטן איבער די ברוקן פון פּאַריז. אָבער זשאַק האָט איר אַזויווי אויסגעמיטן; ער האָט אויך אויסגעזען צו זיין שטאַרק באַשעפטיקט, מער ווי אַלעמאָל, פאַרשלאָסן אין זיך, פאַרטראָגן. די דייטשן זענען געווען אין פּאַריז, אָבער די מלחמה

איז ווייטער ערגעץ ווו אָנגעגאַנגען. אַ סך יידן זענען געבליבן שטעקן „אויף יענער זייט" דעמאַרקאַציע־ליניע; אַ סך האָבן זיך שטילערהייט באַצייטנס געקליבן צו אַנטלויפן. מ׳האָט אייליק ליקווידירט געשעפטן, איבערגעלאָזן דירות אויף הפקר, פאַרשווונדן פלוצים, איבער נאַכט; כאָטש אַלץ האָט דאָ אויסגעזען צוריק צו נאָרמאַליזירן זיך.

אָבער די טונקעלע אַטעליע־שטוב, אויבן, האָט ווידער געקלאַפּט. איטשל ברוינער האָט אויסגעזען גאָרנישט איבערצונעמען זיך פון דעם אַלעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטון אויף דער וועלט. טיפער פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין די אַקסלען, איז ער געשטאַנען איבערגעבויגן איבערן גרויסן צו־שנייד־טיש; און סיזאַן האָט נאָך אַלץ אין יענעם סוף זומער אַרומגעזוכט אַ פּאָסטן אַלס סטענאָ־דאַקטילאָ. זי האָט נישט געוואָלט מער זיין אין דער היים, ס׳האָט איר אַרויסגעטריבן. זי האָט אַ סך מאָל זשאַקן פאַרנאַכט אָפּ־געוואַרטביים טויער; זי האָט אים אַלץ געוואָלט דערציילן, וואָס איר דריקט, אָבער ער איז נישט אַראָפּגעקומען. זי האָט אָבער באַלד געפילט, אַז ער איז פאַרטון מיט גאָר אַנדערע זאַכן, מיט געהיימע זאַכן אפשר, — ווער ווייס? — און ס׳האַרץ האָט אין איר געפלאַטערט — פון כעס, פון בענק־שאַפט און פון פאַרדרוס אין דער זעלבער צייט.

און דווקא דערפאַר, ווייל ס׳איז אויך געווען אַ באַהאַלטענער נייגער אין דער מאַמעס זייטיקן, פאַרפלאַמטן נאָכפרעגן זיך. זי האָט דען נישט געזען, שיינדל, ווי ס׳מיידל גייט אַרום ווי נישט אויף דער וועלט? נאָך אַלע־מען איז זי, די מאַמע אַליין, געווען מיט אַ יאָר זיבן־אַכט יינגער פון מאַן אירן און אינגאַנצן מיט אַ יאָר ניינצן עלטער פון איר אייגענער טאָכטער. ס׳האָט אויך איטשלען פונדעסטוועגן געשמייכלט, געוויר ווערנדיק אַנומלטן פון שיינדלען, אַז סיזאַן „גייט אַרויס" מיטן יינגל פון די ראָזענבערגס. ער איז, ווי אַלעמאָל, געווען פאַרטייעט, פּראַקטיש און ווייט־זעעווידיק. די מלחמה וועט זיך סוף כל סוף ענדיקן; — דאָס יאָ — ער האָט שוין אַפילו אַ ווייטן טראַכט געטון באַצייטנס, אַז אויב ס׳זאָל טאַקע „ווערן" פונעם שידוך מיט זיין מיידל, איז ער גרייט געווען צו לאָזן זיך ברייט קאָסטן, אַפילו העלפן אויסהאַלטן זשאַקן, ווען ס׳וועט האַלטן דערביי, ביז ער וועט ענדיקן אויף דאָקטער, איינאָרדענען אים דערנאָך מיט אַ שיינעם קאַבינעט, דווקא אין יידישן קוואַרטאַל, אַז ער זאָל קענען גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ צווישן די אַלע ארויפגעאַרבעטע לאַנדסלייט פון קליין־אַלעקסאַנדער. אויך זענען אים די ראָזענבערגס שטאַרק געפעלן געוואָרן — שטילע, ערלעכע לייט.

— אַ בעסער מענטשל... — האָט ער גערעדט צו שיינדלען וועגן איסר ראָזענבערגן און געוויזן דערביי זיינע פאַרגעלטע ציין — עפּעס זאָגט

מען, אַז ער איז אַ „כּוֹדאָזשניק״... האָסט כאָטש געזען דאָס פיין־פאַרשניצטע בערדעלע זיינס ?...

איסר ראָזענבערג וואָלט מסתמא אויך צופרידענער געווען, ווען זשאַק בעמט זיך אַ יידישע טאָכטער; ווייל אין פאַריז, דאָס יינגוואַרג... וואָס, מען זעט דען נישט ווי אַזוי ס׳גייט דאָ צו ? און ער איז געווען אַ שטאַרק־יידישער מענטש, כאָטש ס׳איז נאָך אַלץ ביי אים אַליין נישט זייער קלאָר געווען.

אָבער די וועגן פון די קינדער זענען זיך אין יענעם הייסן זומער אומ־געריכט פונאַנדערגעגאַנגען. ביי ביידן, איבערהויפּט ביי סיזאַנען, איז אויף לאַנג פאַרבליבן אַן אומרואיקער פלאַטער און אַ טיפער ריס אין האַרץ. אינעם מיידל האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעוועקט אַ נאַרישער שטאָלץ און זי איז שוין מער צום טויער אינגאַנצן נישט אַראָפּגעקומען. זי איז פאַר דער צייט אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פריילעכער באַנדע, זי האָט זיך אַליין געוואָלט איינרעדן, אַז זי האָט שוין אין אַלעם פאַרגעסן. דערנאָך האָבן זיי זיך שוין מער אינגאַנצן נישט געזען.

ווייל אין זעלבן סוף זומער נאָך האָט איסר ראָזענבערג איינמאָל צוגע־קלאַפּט די טיר פון זיין פראַנטאָווער וווינונג און, פּונקט ווי אַנדערע יידן, איבער נאַכט פאַרשווונדן מיטן ווייב און מיטן יינגל. מ׳האָט געזאָגט, אַז זיי זענען ערגעץ „אויף יענער זייט״, אין די בערג אַרום גרענאָבל, ווו ער האָט פאַר עטלעכע יאָרן געהאַט איינגעהאַנדלט אַ קליין הייזל, אַ מין סוכה, ווו די משפּחה האָט געפּלעגט צו פאַרברענגען אין די זומערן.

אַז דער טאַטע, אָדער די מאַמע האָבן זי אַמאָל זייטיק אַ פרעג געטון, סיזאַנען, האָט זי זיך געוואָרפן, נישט געוואָלט מער ענטפערן, געשריגן, אַז זשאַק אינטערעסירט איר נישט מער. זי האָט אָבער שטילערהייט געמיינט, אַז ער וועט זיך פאָרט נאָך אַמאָל באַווייזן פאַרן טויער, אַז ער וועט, אַביסל שעמעוודיק, קומען אָנקלאַפּן ביי זיי אין דער טיר. דערנאָך, ווען ס׳זענען געווען די סטודענטן־אומרוען אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, די מאַניפעסטאַ־ציעס קעגן די דייטשן, האָט זי געהערט, אַז זשאַק זאָל זיך דאָ ערגעץ אַרומ־דרייען אין פאַריז. מער האָט זי פון אים נישט געהערט.

איטשלען איז אין יענע טעג שוין מער נישט געלעגן דער קאָפּ ביי אַזעלכע נאַרישקייטן. ער איז אַרומגעגאַנגען נאָכמער פאַרטייעט. ס׳האָט אים שוין געטראָגן דער אומרו פון יידישע צרות, וואָס האָבן זיך, ווי אַ כמאַרע, אָנגערוקט.

אַזוי איז עס שוין געווען מיט די יידן דאָ : מ׳האָט שווער און ביטער אָפּגעהאָרעוועט סעזאָנען, יאָרן, אַריינגעלייגט אַלץ אין די ווענט אַריין, אין די מעבלען אַריין, אין די מאַשינען אַריין. איז געקומען דערנאָך אַ טייוול, אַ שוואַרץ־יאָר, אַ דייטש, אַלצדינג אויסגערוימט, צעבראָכן, אַ תל געמאַכט,

אַוועקגעפירט און די מענטשן געשיקט אין די לאַגערן אַריין. די רעשט האָט מען צעשלעפּט. אַ שטיקל גאָלד אָדער אַ ווערט־פּאַפּירל, איז מען געקומען צום שכל, קען מען פאָרט ערגעץ ווו פאַרשטעקן, באַגראָבן, נעמען מיט זיך אין אַ קעשענע אַריין און ווייטער לויפן מיטן וואַליזקעלע; און אַז מען פאַר־מאָגט עפּעס איינגענייט אין אַ הינטער־קעשענע, קען מען נאָך פאָרט אַלע־מאָל אויסקויפן זיך, פון טייוול אַליין קען זיך אַרויסדרייען, אונטערשמירן, אַבי צו דערציען אַ רואיקע מינוט ווידער אויפצושלאָגן די געצעלטן, ווידער אַוועקזעצן זיך צום שניידער־מאַשינדל.

אין דעם אַלעמען האָט ער גוט געדענקט, איטשל. ער איז אַרומגעגאַנ־גען דעם קאָפּ נאָך טיפער פאַרזונקען אין די שפּיציקע אַקסלען, שוואַרץ ווי די ערד; ווייל ס׳איז שוין געווען אַ געמורמל און אַן אומרו צווישן יידן אין די קאַפּעס אין יענעם זומער. מ׳האָט נאָך נישט געוווסט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. מ׳האָט דאָרט נאָר געהערט, אין די אָנגערויכערטע קאָפּעס, די פאַרשטיקטע שעפּטשעריי: „ווי טייער?“... „ווי שטייט עס היינט? פעסטער?... „דריי מיט אַ פערטעלע... נישט מינער“...

אָבער אַפילו פאַר שיינדלען, ווער רעדט נאָך — פאַר סיזאַנען — האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן מיטן גאָלד, וואָס ער האָט שטילערהייט צוביסלעך איינגעהאַנדלט און דאָרט ערגעץ געהאַט פאַרשטעקט אין די ווענט ביי זיך. דער קאָפּ האָט ביי אים כסדר געגראָבן און געאַרבעט. נאָך האַלבער נאַכט, לאַנג נאָך דער פּאָליציי־שעה, האָט ער זיך, ביי טיף־אַרונטערגעלאָזענע שטאָרן, פאַרטייעט געפּאָרעט אין די גרויסע, טונקעלע שטיבן, שטיל גע־קלעפּלט, אויפגעריסן ווענט, פאַרמויערט, פאַרשמירט מיט סאַדזע, אַז ס׳זאָל קיינעם אַפילו נישט איינפאַלן... ווי דורכן חלום, האָבן זיי אָבער עפּעס פאַר־נומען, ס׳ווייב מיטן אונטערגעוואַקסענעם מיידל, אַזוי ווי אַ טויב הויערן אין די אַלטע, דיקע ווענט...

ווען שיינדל האָט אין יענעם בהלהדיקן יולי 1942 אַרויסבאַקומען דאָס לעצטע שטיקל ברויט זיינס פון דראַנסי, איז איר שוין אָבער מער דער קאָפּ נישט געלעגן דערביי אַפילו אַ קוק צו טון אַהין. באַלד דערנאָך האָט זי אַליין אויך געמוזט כאַפּן און אַנטלויפן פון שטוב אַרויס. זי האָט איבער־געלאָזן די גאַנצע שטוב אויף הפקר און איז, צוזאַמען מיט סיזאַנען, געלאָפן אויסבאַהאַלטן זיך, ווו נאָר די אויגן האָבן זיי געטראָגן.

# 9

פון דער ברייט־פאַרצווייגטער משפּחה, פון די ראָזענבערגס, אויף דער טוואַרדע גאַס אין וואַרשע, האָט עס נאָר איין איסרן, אין יענע יאָרן נאָך, געטראָגן אין דער וועלט אַריין. ווען די מוטער דבורהלע איז פּלוצים אָפּ־געשטאָרבן, איז איסר נאָך געווען אַ יינגל אין אַ פּאָר אויסגעוואַקסענע האַלבע הויזלעך. אַלע אויסגעגעבענע שוועסטערן האָבן געציטערט איבער אים, ווי איבער אַ פּיצל קינד. פּאַר זיי איז ער נאָך אַלץ געווען דאָס יתומל פון הויז; כאָטש ס'האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט איבער די שטיבן געגנוג משרתים און דינסטן, איז אַלע פּאָר טעג אַן אַנדערע געקומען צולויפן אין הויז אַריין אַרויסגעבן באַפעלן, נישטערן אין די קאָמאָדעס, נאָכקוקן און נאָכציילן יעדעס קריש. הויכע, איבערגעוואַקסענע, מיט גוידערס, מיט די הענט ווי די קישעלעך, געגנוי ווי ביי דער מוטער דבורהלע, זיי צו לענגערע יאָר, מיט מאַסיווע שטיקער משפּחה־צירונג אויפן האַלדז, אין די אויערן און אויף די פינגער, זענען זיי געווען אויסגעגעבן פאַר דאָקטוירים, אַדוואָ־קאַטן, פּראָקורענטן, פאַריסענע סוחרים פון דער טוואַרדע און פון דער גענשע גאַס.

אַ שאַרפער גמרא־קאָפּ יינגלוויז, באַצייטנס אויסגעקאָכט אין מסחר ביים טאַטן אין אייזן־געוועלב, האָט אָבער איסר צו די נײַנצן־צוואַנציק יאָר אומגעריכט געגומען גיין אויף קרומע וועגן, מיט איין מאָל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די יידישע הלבשה, גענומען אויסלאַכן זיך פון די שטיבלעך, פון וורקער אַליין, איז, מיט איין וואָרט, אַרויס לתרבות־רעה. דערצו נאָך האָט ער זיך אינגיכן פאַרקאָכט מיט די מורדי־מלכות, מיט עפּעס אַ צע־דרייטער יידישער קינסטלער־באַנדע און מיט אַלע שוואַרץ־יאָרן. אָבער דער גרעסטער קלאָפּ פאַר דער משפּחה און פאַרן אַלטן, פאַר ר' סרולטשען, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט זיך „פאַרכלאָבעט" און איז, אָן חופּה וקדושין, געגאַנגען וווינען מיט דער „פּראָסטער מויד פון דער פאָלקס־שולע", מיט פּעליציען; האָט זיך נאָכמער פאַרפּלאָנטערט מיט די טריפהנע זאַכן קעגן מלכות, האָט זיך אַ לאַנגע צייט ערגעצוו אויסבאַהאַלטן אויף בוידעם־שטיבלעך, ביז ער איז אין אַ שיינעם, העלן פרימאָרגן נעלם געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. אָבער דער אמת איז געווען, אַז אויסער פון דער פּאָ־ליציי, וואָס האָט אים אַרומגעזוכט, איז ער דעמאָלט דער עיקר אַנטלאָפן פון דער אומעטיקער, פּוסט־געוואָרענער, צעטראָגענער היים, ווו ער האָט פאַרלוירן זיין גאָט און זיין אמונה. דער זקן, ר' סרולטשע, שוין דעמאָלט אַ קאַרגער זיבעציקער, מיט אַ גרין־געוואָרענער באָרד פון שמעקן טאַבעקע,

אַלע יאָרן אַ שאַרפער וווּרקער חסיד, דער שעף פון דער אַלט־איינגעצוי־גענער אייזנוואַרג־פירמע אויף דער טוואַרדע, האָט זיך עס לאַנג נישט גע־קענט מוחל זיין. ער האָט זיך דערפון שטאַרק גענומען צום האַרצן, איז אָפּ־געזעסן שבעה נאָכן זון און מ׳האָט מער דעם נאָמען זיינעם אין הויז פאַרן מויל נישט געטאָרט ברענגען.

אין פּאַריז ווידער איז אין יענע יאָרן איסרן אויך נישט אַזוי גוט גע־גאַנגען. באַלד דערנאָך איז דאָס יינגל דאָ געבוירן געוואָרן; און זאַלבעדריט האָבן זיי זיך אַ שטיקל צייט היפּש געמאַרדעוועט אינעם ענגן דירהלע אויפן בעלוויל. איסר האָט צוביסלעך געקלעפּט, געמאָלן, געשריבן פּערזן, געפּטרט גאַנצע טעג און האַלבע נעכט אין די קינסטלער־קאַפייען אויפן מאָנפּאַרנאַס, צווישן דער אינטערנאַציאָנאַלער באָהעמיע, צווישן די פאַרבלאָנדזשעטע יידישע קינסטלער, אַראָפּגעצויגענע אַהער דאָ פון אַלע יידישע תחום־המושבס, צו דער שטאָט פון ליכט, ווײַן און קונסט; און פּעליציע, אינעם ענגן דירהלע, מיטן פּיצל קינד אויף דער האַנט, האָט געניייט העמדלעך און הויזן; ווייל מ׳האָט אַלץ דאָ געלעבט אויף דערוויל. ניין, וואַרשע, די היים, דאָס געדיכטע יידישע פּאָלק צווישן די ענגע גאַסן, האָט זיך אַזוי לייכט נישט געלאָזן פאַרגעסן. מ׳האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז אָט־אָט ברעכט עס אויס... אַז אָט־אָט קערט מען זיך אום. ער האָט זיך אָבער באַצייטנס גע־כאַפּט, איסר, אַז ס׳איז אַזוי ווייטער אויך קיין תכלית נישט; אויף דערוויל — דאַרף מען אויך לעבן. דאָס קורצע בערדל, פאַרשניצט ווי אַ בלייפעדער, האָט ער נישט אַראָפּגענומען, אויפגעהיטן עס, פּונקט ווי דעם שוואַרצן, אויסגעבונדענעם קינסטלער־שלייף, אָבער פון אַלעם איבעריקן דאָרט האָט ער זיך צוביסלעך אויסגעהיילט. ער האָט זיך גענומען צו פאָטאָגראַפיע, אַן אַלטע שוואַכקייט זיינע, און איז אינגיכן זייער באַקאַנט געוואָרן צווישן דעם קרייז פּריינט מיט זיין פּרעציזער, אָריגינעלער קונסט־אַרבעט. זיי האָבן שוין דעמאָלט געוווינט אין אַ באַקוועמער דירה פון עטלעכע שטיבן, מיט אַ באַלקאָן, צופוסנס דער קירכע מיטן אַנעמישן גערטל. זיין הויז איז צו־ביסלעך געוואָרן אַ מקום־מקלט פאַר די האַלב־אויסגעהונגערטע קאָלעגן, מאָלער, שרייבער, וואָס האָבן געלעבט פאַרבלאָנדזשעט אויפן פּאַריזער ברוק.

דאָס מאָלן האָט ער נישט אינגאַנצן אויפגעגעבן, אָבער ער האָט זיך אַלץ אויסבאַהאַלטן דערמיט, עפּעס איז געווען אַ שעמעוודיקייט אין אים. זונטיק האָט ער פאַרנומען זיין קליינע משפחה און איז מיטן געשטעל און מיטן קאַסטן פאַרבן אַרויסגעפאָרן הינטער פּאַריז, אין די שיינע, מאָלערישע ווינקלען ביי דער סען, ביי דער מאַרנע, הינטער די אַלטע, הונדערט־יאָ־ריקע טאָפּאָלן, צווישן שליוזן, וויאַדוקטן, פאַבריק־קוימענס און באַן־בריקן.

די לאַנדשאַפט, די גרעלע הינטערשטאָטישע פאַרבן, די ליכט־און־שאָטן־שפּיל, האָט אים פאַרכאַפּט ס'אויג. ער האָט אַלץ עקספּערימענטירט, איז אָבער אייביק פאַרבליבן אומצופרידן מיט זיך און קיינמאָל גאָרנישט גע־וואָלט אויסשטעלן, נישט פאַרקויפן; כאָטש די קאָלעגן האָבן אים אַפילו, מיט אַ האַלב מויל, געריזמט. ס'האָט אים פאָרט געטראָגן אַן אינעווייניק־סטער ברויז, דעם פריילעכן, גוטמוטיקן איסרן, אַן אייביקער אומרו, וואָס האָט אים נאָכגעיאָגט פאַרפאָלגט. ס'איז אָן שום ספק געפלאָסן אין אים דער אומרו פון אַ פוילישן יידן, טויזנט־יאָריק איינגעוואָרצלט ביי די ברעגן פון דער ווייסל. עפּעס האָט ער געהאַט אויסצושרייען, אויסצושטורעמען פון זיך. ער איז שטאַרק פאַרליבט געווען אין די אַלטע יידישע מייסטער פון פוילן, די מאָלער פון אַלטן שניט ווי טרעמבאַטש, מאוריצי גאָטליב, היר־שענבערג, מינקאָווסקי; זיי האָבן פאַראייביקט אויף זייערע לייוונטן די קנייטשן פון יידישן פּנים, די גרויסע, ברענענדיקע אויגן פון יידישע חדר־יינגלעך, די גלות־יידן און די בלייכע, איבערגעשראָקענע יידישע טעכטער, מיטן קלומיקל און מיטן טשייניקל אין דער האַנט, אויפן וועג צו דער ווייַ־טער, אומבאַקאַנטער פרעמד; פּונקט ווי עס זיינען אים כסדר נאָכגעגאַנגען די אַלטע, זיסע ניגונים פון די חסידים־שטיבלעך, פון די „הויפן“, ווו ער האָט יינגלווייז געפלעגט צו וואַלגערן זיך, צוזאַמען מיטן טאַטן; פּונקט ווי ס'איז אים נאָכגעגאַנגען די זיסע ראָמאַנטיק פון די אַרבעטער־לידער, וועלכע מ'האָט געפלעגט צו זינגען אין די ענגע יידישע וואַרשטאַטלעך פון די פּאַפּיראָסן־מאַכערינס און געריוועטע שוסטערס. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אויך זיי, דאָס אַלץ, אייגנטלעך, איז געווען אַ טייל פון דער פאָלקס־שאַ־פונג. די פרעמד האָט געשטיקט. ער האָט זיך אַליין אויך דערזען פאַר־בלאָנדזשעט אויפן פאַריזער ברוק.

— פעליציע — האָט ער זיך אין יענע יאָרן נישט איין מאָל געבעטן, ווי אַ קינד, ביים ווייב — פיר מיך צוריק צו מיינע יידן... כ'וועל דאָ אויס־גיין...

פעליציע, אַ שטילע, ווי אַ טויב, שטענדיק אַ פאַרטוענע אין זיך, האָט דאָ אַלץ פאַר־ליב גענומען; זי האָט אים שוין אָבער געקענט מיט זיינע פלוצימדיקע אויסברוכן. זי האָט אים ליב געהאַט אַזוי ווי ער איז, מיט אַלע זיינע עקסטראַוואַגאַנטע אויסברוכן, מיט זיינע משוגעתן אַפילו, מיטן אַריינ־פאַלן פון איין געמיט־עקסטרעם אין אַנדערן. זי האָט באַקלערט, אַז מען דאַרף אים אפשר צעשטרייען אַביסל, אָפּרייסן אים פון זיינע אייביקייט־שטימונגען, ווי זי האָט עס באַצייכנט. זי האָט סוף כל סוף איינגעזען, אַביסל מער פּראַקטיש און ניכטער ווי ער, אַז מען וועט שוין פון דאַנען דער־וויַיל אַזוי גיך נישט אַוועק... אילוזיעס... זי האָט נאָר געוואָלט אויפמאַכן אַ

פּאַנסיאָן ערגעץ אין אַ דאָרף נאָנט פון פּאַריז און צוריק פּאַרנעמען זיך מיט קינדער. און צו יענער צייט טאַקע האָבן זיי איינגעקויפט דאָס הייזל אינעם פּאַרוואָרפענעם שטעטל צווישן די בערג.

פּאַרוואָרפן צום שטעטל אין די בערג האָט עס דער קליינער משפחה אויך נישט אינגאַנצן אומגעריכט; אַלץ, דוכט זיך, האָט שוין פון אָנהייב אָן געפירט דערצו. זיי האָבן אין יענעם זומער, אויפן וועג קיין גרענאָבל, אָפּגעשטעלט זיך דאָרט אויף אַ טאָג־צוויי און ס'האָבן איסרן מיטאַמאָל ווייט און ברייט פאַרכאַפּט די בערג, די וועלדער אויפן קאַרק פון די פעלזן, די ווילד־שיינע אַראָפּהאַנגען, דער פּילפּאַכיקער עכאָ, וואָס קומט פון די טאָלן.

אַביסל געלט האָבן זיי דעמאָלט פאַרמאָגט און אַביסל — האָט אים די פּאַנטאַזיע ווייט פאַרטראָגן. איסר האָט דאָרט אַליין געהאָלפן אויפשטעלן די פיר ווענט, געמייסטרעוועט, געשלעפּט, געטראָגן, געקלאַפּט, צעגראָבן דאָס גערטל. ער האָט צווישן די ווילדע שיינקייטן פון די בערג אויך גע־רעכנט צו פאַרלייגן אַ שטיקל „בינשטאָק" פאַר די אָפּגעשליסענע יידישע קינסטלער, וואָס דרייען זיך זומער־צייט אַרום אויף די אָנגעגליטע ברוקן פון פּאַריז, הונגערן אונטער, האָבן נישט צו באַצאָלן אַ מאָדעלקע די אָרעמע פּאָר פראַנק. ער האָט ממש געפלאַמט. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, אויסגעבויט אַ „שאַלע", אַ מין סוכה, ווו מען קען איבערנעכ־טיקן אין די קילע בערג־נעכט און ווען ס'רעגנט. ער האָט ווידער אויף אַ שטיקל צייט צוריקגעכאַפּט זיך צום קלעפּן, צו מאָלן און איז — ווי אַלעמאָל — שטעקן־געבליבן ערגעץ אין דער מיט.

ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין די בערג, פאַרפאַלן געוואָרן, אַז מ'האָט געמוזט אַלאַרמירן אים אויפצוזוכן. דער מער, דער אַפּטייקער און אַפילו דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע האָבן אים שוין אָבער גוט געקענט, האָבן אים ברייט אַנטקעגנגעטראָגן דעם „באָנזשור". אָבער פּלוצים האָט עס אים אַ הייב געטון, אַלץ איז אים דאָ נמאס געוואָרן, האָט אַלץ געוואָרפן און איז אין די סאַמע הייסטע פּאָר וואָכן צוריקגעלאָפן קיין פּאַריז.

דורכן גאַנצן זומער האָט פעליציע דאָרט געפירט אַ קליינעם פּאַנסיאָן, צוגעזען אויך דאָס אייגענע, דאָר־אויפגעשאָסענע יינגל, זשאַקן, וואָס איז געוווען בלייך, ווי אַלע פּאַריזער קינדער, און אַביסל עמפּינדלעך אויף די לונגען; די דאָקטוירים האָבן שטאַרק געראַטן ער זאָל דאָ פאַרבלייבן, אַז די לופט אין די בערג איז דאָ זייער גוט פאַרן קינד.

אַזוי, צופעליק, קען מען זאָגן, האָט זיך עס אַלץ אָנגעהויבן.

אין הייסן מיט־זומער, ווען ס'וויב מיטן יינגל זענען פאַרבליבן אין די בערג, האָט זיך איסר איינער אַליין אַרומגעדרייט אין שטאָט, איז אין די

שטיקנדיקע אָוונטן אַרומגעקראָכן איבער די אַלטע געסלעך פון פּאַריז, אין די שפּורן פון דער פּוילישער עמיגראַציע פון גייסט; אין די שפּורן פון מיצקעוויטשן, וועלכער איז דאָ מיט איבער הונדערט יאָר צוריק איינמאָל געקומען אָנצופּאָרן אין אַן אַלטמאָדישן פּאַיעטאָן אין לאַטיינישן קוואַרטאַל; אין די שפּורן פון טאָוויאַנסקין, פון נאָרווידן, די טרעגער פון פּוילישן מעסיאַניזם, וועלכע האָבן זיך דאָ געוואַלגערט אין די אָנגערויכערטע ביר־קעלער־האַלעס אויפן לינקן ברעג סען; אין די שפּורן פון די אַלטע יידישע עמיגראַנטן פון די 80־ער יאָרן, וואָס זענען געלאָפן פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, אויפן וועג קיין אַמעריקע, און זענען דאָ שטעקן־געבליבן, אויפּגעלעבט דאָס קאַסקעטער־פּאַך, דאָס שניידער־פּאַך. ער איז נאָכגעגאַנגען די שפּורן פון זיין אייגענעם גלות. אַזוי מסתמא — האָט ער וויט נאָכגעטראַכט — איז אויך באַלזאַק נאָכגעגאַנגען זיינע העלדן איבער די בולוואַרן און הינטערגעסלעך, אויפכאַפּנדיק דעם פּלאַטער פון רוישנדיקן זייד ביי די שטרענג־געפּודערטע דאַמען אין די קרינאָלינעס, וועלכע זענען נאָכן ספּעקטאַקל איינגעשטיגן אין די עקיפּאַזשן, צעשטעלט לענגאויס די בולוואַרן. ער האָט געהערט די רייד פון פּראָסטן, פאַרהאָרעוועטן פאָלק, פון די קליינע געוועלב־לייט אין די ביסטראָס. ער איז דאָ אַלץ מקנא געווען, איסר — די דורותדיקע באַשטענדיקייט פון אַ פאָלק.

אַזויפיל לעבן, האָט ער זיך געכאַפּט, פּלאַטערט איבער דער פאַרנאַכטיקער, זומערדיקער גאַס; אַזויפיל שיינע לידער פאַרקלינגען אין די אָפּגעשלאָסענע הייף, פון פענצטער צו פענצטער, פון שטאָק צו שטאָק — אַ ליד פון אַן אומגליקלעכער ליבע און אַן אומפאַרגעסלעכן פרילינג; דאָס ליד פון די דריי קאַפּיטאַנען ביים אַריבערגיין דעם טייך לאָרען; דאָס ליד וועגן דער בלאָנדער, לעבן וועלכער ס'איז גוט צו שלאָפן.

ביז דאָס אומגליק האָט זיך אין יענעם זומער אַראָפּגעלאָזן.

מיט זשאַקן ווידער איז צוערשט, אַז מען וויל, פאַרלאָפן זיך אַ גאַנץ איינפאַכע געשיכטע, וואָס אַזעלכע פאַרלויפן זיך אָפט אויפן סען־מישעל, דעם געדיכטן, אינטערנאַציאָנאַלן סטודענטן־קוואַרטאַל אין פּאַריז.

ווייל אין זייער הויז אַריין, פון וואַנען מ'האָט אַלע יידן אַוועקגענומען, האָט ער זיך מער דערוויל נישט באַדאַרפט צו וויזן. ס'איז געווען אַן איינזאַם האָטעל־צימערל, ערגעץ צווישן די בריקן אַרום סיטע־אינזל; אַ מיידל, וואָס קומט אַרויף צווישן טאָג און נאַכט און קלאַפּט שטיל אָן אין דער טיר. פאַרבינדונגען, פּאַראָלן, געהיימע טרעפונגען. אין דעם שטילן מיידל, וואָס גערופן האָט זי זיך בלאַנש, איז געווען אַזויפיל בלינדער, ליבער צוטרוי. זי האָט אין עלנטן, בחורישן האָטעל־צימערל אומגעריכט צוריק אָנגעבראַכט דעם אָטעם פון פעלד און וואַלד, פון לעבן. זי איז געקומען

שטיל, איז נישט דרייסט שטיינגעבליבן אויף דער שוועל, יעדעס מאָל אויפסניי איבערגעפרעגט, צי זי שטערט נישט, און ס'איז געווען פאַרשול־דיקטקייט אין איר פּראָסטן, דאָרפישן שמייכל.

טייל מאָל, ווען דאָס ייִנגל האָט זיך בגנבה אַריינגעשלייכט פון דער אויפגערודערטער גאַס אין יענע טעג, האָט ער אומגעריכט געפונען דאָס שטענדיק־אַנגעוואָרפענע צימערל צוגערוימט, אַ רויט בלימל אין אַ גלאָז וואַסער אויפן טישל, דאָס באַשיידענע אָוונט־ברויט צוגעגרייט אויף אַ קלאָר סערוועטל. ס'האָט אָפּגערוט און נישט־ווילנדיק אַריינגעוואָרפן אין אַ פרייד־לעכער וועלט; ווי דער נאַצישער שטיוול וואָלט נישט געטרעטן אויף די ברוקן פון פּאַריז.

ס'איז נישט געווען אינגאַנצן קיין צופעליקע באַגעגעניש. דאָס מיידל האָט דאָ ערגעץ געאַרבעט אין אַ פאַבריק, ווו זי איז מלחמה־צייט געווען מאָביליזירט. ער האָט זי דאָרט אין די זומערן, ווען זיי האָבן געפלעגט צו פאַרברענגען אין לאַ ראָשע, אין פאַרוואָרפענעם שטעטעלע צווישן די בערג, ביי גרענאָבל, געהאַט אַ סך מאָל באַגעגנט, האָט געטאַנצט מיט איר אין די פריילעכע קאַרנאַוואַל־אָוונטן פון 13־טן און 14־טן יולי, ביז שפּעט, ביזן לעשן זיך פון די שטערן. ער האָט זי דאָרט אַפילו איין מאָל אַ קוש געגעבן אויך, געפליסטערט יוגנטלעכע, נאַרישע און זיסע רייד; כאָטש אין פּאַריז, האָט ער געדענקט, איז פאַראַן אַ סיזאָן, די נאַרישע, ווילדע קאָזע סיזאָן, מיט די קאַשטאַן־לאָקן צעוואָרפן אויף דער פּלייצע, וואָס לאַכט ווען מען דאַרף און ווען מען דאַרף נישט...

נאָכן זומער איז זשאַק געוויינלעך צוריק אָוועק קיין פּאַריז און פאַר־געסן. און אָט האָבן זיי זיך דאָ אין אַזעלכע פינצטערע צייטן צוריק צוזאַ־מענגעטראָפן. ס'איז געווען מסתמא עפּעס געמיינזאַמס אינעם מיידל, האָט ער זיך געכאַפּט, מיטן אינסטינקט פון דער מוטער אירער, אַן איינפאַכע דאָרפישע פרוי, אין דער אונטערטעניקייט און געטריישאַפט צום מאַן אירן, דעם אַלטן מויערער ווינצענטי, וואָס איז געווען פון איטאַליענישער אָפּ־שטאַמונג.

אין יענעם האַרבסט פון 1941, נאָך די סטודענטן־מאַניפעסטאַציעס אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, האָט זשאַק גליקלעך אויסגעמיטן די שיסעריי, די אַרעסטן. ער האָט געלעבט אומלעגאַל, ווי אַ שאָטן און געגראָבן אין דער טיף. בלאַנש האָט פון אונטער דר'ערד אויסגעזוכט פאַר אים אַלערליי באַ־העלטענישן, האָט געציטערט איבער זיין לעבן. ערשט דעמאָלט איז אים אויסגעקומען אַ סך צו טראַכטן וועגן סיזאַנען, וועגן אייגענעם טאַטן זיינעם, וועגן יענער יידישער וועלט, וואָס איז שוין אַזוי ווייט געווען. אין פּאָטער האָבן אָן ספק געלעבט אַנדערע, ווייטע וועלטן און אידייען. ס'האָבן אים

געעקבערט פאַרשידענע ספקות; דווקא אין יענע טעג, ווען דער נאָמען ייד איז מיט אַזויפיל האַס און פאַרשעמונג געטראָגן געוואָרן אויף די אומ־ריינע ליפּן פון די אַלע מענטשן־פרעסער.

די עלטערן האָבן אים אין די קורצע, פאַרשטעלטע בריוועלעך נאָכאַנאַנד געבעטן אַריבערצוקומען אַהין, קיין ליאָן, אָדער צום שטעטל אין די בערג. ער האָט אָבער אַלץ נישט געקענט אָפּרייסן זיך. דער האַס פון נקמה האָט אים געשטיקט. ער האָט דעמאָלט אויך פאַרשטאַנען, אַז אין די אָדערן פון זיין טאַטן רינט נישט בלויז דאָס בלוט פון אַ נישט־דערגאַנגענעם קינסטלער, נאָר ס׳איז אפשר אויך דער אומרו פון אַ דערשטיקט, אויסגע־קוילעט פאָלק. ווער ווייס וואָס פאַראַ שיינע, אונטערגעגאַנגענע וועלטן זיי טראָגן מיט זיך?

און ס׳שטילע מיידל בלאַנש האָט נאָכאַנאַנד געציטערט איבער אים. ס׳איז געווען דעמאָלט, ווען די אַלטע קאָנסיערזש פון פאַרשטעקטן האָטעל, צווישן די בריקן פון סיטע־אינזל, האָט אויך פלוצים גענומען נאָכקוקן אים פון הינטערן שייבל מיט חשודיקע בליקן. מ׳איז אָן שום ספק געווען אויף זיינע שפּורן; מ׳איז אפשר געקומען נאָכפרעגן זיך.

דעמאָלט האָט ער געוואָרפן פאַריז, דערפילט זיך מאָדנע פריי; ס׳האָט אים מיטאַמאָל אַ צי געטון אַהין, צום פאַרוואָרפענעם שטעטל אין די בערג, וווּ די עלטערן זיינע געפינען זיך, ווו ער האָט בלאַנשן ס׳ערשטע מאָל גע־זען, אין די לעבלעכע יולי־נעכט, ווען די שטערן זענען אַזוי הויך און אַזוי גרויס.

ס׳איז אָבער נישט אַזוי לייכט געווען צו דערקריגן זיך אַהין.

אין טיפן, בלאָטיקן האַרבסט 1943, ווען זשאַק האָט זיך ענדלעך אַהין דערקריגן, איז נאָך לאַ ראָשע, ס׳פאַרוואָרפענע שטעטל אין די בערג, אין איינע צוויי וואָכן שיינע עטלעכע מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט — פון די דייטשן, פון דער פאַשיסטישער מיליץ, צו די פאַרביסענע באַרג־מאַקיזאַרן. צו די לאָקאַלע צוזאַמענשטויסן איז דער עיקר געקומען צוליב דעם, ווייל דאָ באַלד, צופוסנס די בערג, אין דער נאָנט פון גרענאָבל, איז געלעגן דער וויכטיקער באַן־קנופּ און ווייל די דייטשע מיליטערישע צוגן זענען דאָ אַלע פּאָר טעג געפלויגן אין דער לופטן, די מאַגאַזינען אַרום די באַן־ליניעס זענען אומגעריכט באַפאַלן און און צערויבט געוואָרן, אָדער זיי זענען, אין דער לעצטער מינוט, אַוועקגעלאָזן געוואָרן מיטן פייער. מ׳האָט דאָרט אויך אָפּט אַראָפּגערוימט וויכטיקע קעפּ פון קאָלאַבאָראַטאָרן. די גרויסע „פאָליציייאישע רייניקונג״, אָדער לויט דער דייטשער טערמינאָ־לאָגיע — דאָס „דורכקעמען״ די געפערלעכע בערג־זאָנע — איז צום לעצטן מאָל פאָרגעקומען אין טיפן נאָוועמבער, אַרום אויפגעריסענעם וויאַדוקט

און אַרום די באַרג־טונעלן. אָבער צום שטעטל אין די הויכע בערג זענען די דייטשן שוין מער נישט דערגאַנגען.

אַ טאָג דריי נאָכאַנאַנד איז מען דאָ געלעגן פאַרשאַנצט און איבערגעשאָסן זיך. די וועגן זענען געווען פאַרשטעלט, אָפּגעשניטן. ס'האָבן געגאָסן רעגנס. ס'איז געווען באַלד דערנאָך, ווי די איטאַליענער, וועלכע האָבן דאָ פריער אָקופּירט די געגנט, האָבן קאַפּיטולירט און די דייטשן פון דער צפון־זאָגע האָבן זיך דאָ אַהער אַריינגעריסן און זיי אַנטוואָפנט. נישט ווייניק דייטשן האָט מען דאָ אָוועקגעלייגט. פון ביידע זייטן זענען קיין געפאַנגענע נישט גענומען געוואָרן. זיי האָבן שוין אָבער געציטערט צו באַווייזן זיך אין דער נאָנט. אויף דער מערי פון לאַ ראָשע האָט פראַנק און פריי גע־פלאַטערט אין ווינט די טריקאָלאָר־פאָן; און אַפילו דער גאָליסטישער מער, צוזאַמען מיטן דירעקטאָר פון דער צעמענט־פאַבריק, זענען אויף אַ שטיקל צייט ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן.

די פּאָר צעשראָקענע יידן, וואָס האָבן זיך דאָ אויפגעהאַלטן, זענען אַהערגעקומען, אויפן וועג צו דער שווייץ. אַזוי האָט זיך אויך זשאַקן אין יענעם טיפן האַרבסט איינגעגעבן דורכצוקריגן זיך ביז לאַ ראָשע. דעם טאַטן מיט דער מאַמען האָט ער שוין אָבער דאָרט נישט געטראָפן. מ'האָט זיי אין דער זעלבער וואָך צוגענומען אין דער גרויסער אָבלאַווע אויף די פּאָר־שטעט פון ליאָן, ווּהין זיי זענען אין דער בהלה געלאָפן אויסבאַהאַלטן זיך.

ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין די פינצטערע פּאָר יאָר איז איסר אין גרענאָבל און אין ליאָן געווען אַ גרויסער מייסטער אויף פעלשן און נאָכמאַכן דאָקומענטן, שטעמפּלען, קען־צייכנס, ביים אָפּציען און דרוקן די בלעטלעך. אַפילו זיך אַליין האָט ער אויך פאַרמאַסקירט. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר לאַנגע, פאַרדרייטע וואָנסן, אַ פּאָר שטיוול און איז ענלעך געווען צו אַ פּוילישן פּריץ, אָדער צו אַ פאַרבלאָנדזשעטן קאָזאַק. מ'האָט אים אָבער סוף כל סוף פאַרהאַלטן ביי די גרויסע אָבלאַוועס און דעפּאָרטירט צוזאַמען מיט פּעליציען.

דעם יינגל האָט עס שטאַרק וויי געטון. ווי ער אַליין וואָלט זיך גע־פילט מיטשולדיק קעגן טאַטע־מאַמע. צי האָט ער דען נאָך געקענט טראַכטן אין אַזאַ צייט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל באַגעגענען סיזאַנען, אָדער אַפילו בלאַנשן?

## 10

ביים יידישן ווינקל־אַדוואָקאַט, ביי וואָלפֿערן, אין אָפּגעלאָזענעם וואַרטע־צימער, איז געשטאַנען אַ געדיכטע, שווערע און אָנגערויכערטע לופֿט. דורך די נאַקעטע פֿענצטער, אָן שטאָרן, האָט זיך אַריינגעזופּט אַ ברודיקער, האַרבסטיקער טאָג פֿון טיפֿן אָקטאָבער. אַ ווינט האָט געפּליקט די לעצטע פֿאַרגעלטע בלעטער פֿון די עטלעכע אַנעמישע ביימלעך אין דורכפֿאָר־געסל צום רעפּובליק, אַוועקגעשליידערט זיי אויפֿן מיטן ברוק, אונטער די רעדער פֿון מאַשינען און לאַסט־וועגן. די שויבן האָבן אַלע ווײַלע אויפֿגעציטערט. עס זענען דאָ אויף די עטלעכע לאַנגע בענק געווען צעזעצט יידן און פּלייסיק געמישט אין די צעוואָרפֿענע יידישע און פֿראַנצויזישע בלעטער אויפֿן טיש. אין ווינקל, ביי דער טיר, צווישן דעם געזעמל, האָט מען גערויכערט, געשפּיגן און געדיכט אַרומגעשמועסט די לאַגע.

שיינדל איז אומרואיק געזעסן אויף אַ שפּיץ באַנק און האָט אַלע ווײַלע אומגעדולדיק אַ בליק געטון צום נידעריקן טירל, וווּ דער אַדוואָקאַט רופֿט אַריין איינס נאָכן אַנדערן די פּאַציענטן. די אויסגעטוענע ווייסע הענטשקע האָט זי געקנייטשט און נערוועז געוואָרפֿן פֿון איין האַנט אין דער אַנדערער. סיזאַן, מיטן שויבער קאַשטאַן־ברוינע לאָקן, צעוואָרפֿן אויף די אַקסלען, האָט זיך נאָכאַנאַנד געדרייט הינטער אַלעמענס פּלייצעס און איינגעקוקט זיך, שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, אין די שאַרפֿע קאַריקאַטור־צייכענונגען פֿון גערירכט — אויסגעפּליקטע בלעטלעך פֿון עפּעס אַ זשורנאַל, צעהאָנגען אַרום די ווענט; דאָס זענען געווען מערסטנס אַלטע געריכט־רעפּראָדוקציעס פֿון דאָמיע, צעהאָנגען צופֿעליק, אָן רעמלעך. זי האָט פֿלוצים איינגעפֿונען אויף איינער פֿון זיי אַ פֿאַרכאַפּנדיקע ענלעכקייט צום אַדוואָקאַט וואָלפֿער גופֿא און האָט אַפֿילו דין אונטערגעשמייכלט — אַ לאַנגער, רונדיקער שאַרבן, ווי אַ באַרנע, באַזוימט מיט געלע, שטייענדיקע, שיטערלעכע הערעלעך; די פֿאַרקוועטשטע אויגן לאַכן כיטרע...

לאַנג און אומרואיק האָבן זיי דאָ געוואַרט אויף זייער ריי, די מאַמע מיט דער טאָכטער, אַ שטיק פֿון נאָכמיטאָג אין וואַרטע־צימער ביים אַדוואָקאַט וואָלפֿער, צווישן די יידן און יידענעס, וואָס זענען כמעט אַלע געקומען צולויפֿן צום היימישן אַדוואָקאַט מיט אַלערליי קאָפּ־פֿאַרדרייעניש פֿון גטן, חתונות, טויט־שיינען נאָך אומגעקומענע, אָבער דער עיקר — וועגן אָפּנעמען זייערע פֿאַרכאַפּטע דירות. דער אַדוואָקאַט אַליין, מיט שטרענגע, געדיכטע ברעמען, מיטן באַזוימטן פּליכל, האָט אַלע פּאָר מינוט אַ מאַך

אויף געטון דאָס נידעריקע טירל פון זיין שטויביקן קאַבינעט און מיטן געלן בלייפעדער, פאַרקוועטשט אין דער פויסט, איין האַנט אונטערגעשפּאַרט די באָקעס, שטאַרק פאַרטון, אַ רוף געטון, ווי אַ דאָקטער:

— נעקסט!...

נאָך איידער שיינדל מיט דער טאָכטער האָבן איבערגעטרעטן די שוועל, נאָך איידער ס׳טירל האָט זיך מיט אַ ווייכן קרעכץ צוגעלענט, איז שוין דער אַדוואָקאַט צוריק געזעסן טיף אין זיין אָפּגעריבענעם לעדערנעם פאָטעל, אונטערן גרינעם טיש־לאָמפּ, עפּעס געמישט פאַרטון אין דעם שטויס דאָסיעס פאַר־זיך און אויפהייבנדיק האַלב דעם קאָפּ, צוערשט גאַנץ גלייכגילטיק אַ פרעג געטון:

— אין וואָס, מאַדאַם, גייט עס אייך?

שיינדל האָט אים דאָרט, צום ווייפלטן מאָל, אָנגעהויבן לאַנג אויסצודערציילן, כסדר פאַרפלאָנטערט זיך אין די רייד, געכאַפּט זיך צום טיכעלע אין איר בייטל, ביז דער אַדוואָקאַט האָט איר קורץ און נישט זייער העפלעך איבערגעריסן:

— בקיצור... — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שאַרף איינגעקוקט זיך אין דער מאַמען מיט דער טאָכטער — אין אָפּנעמען אייער דירה גייט עס אייך?...

שיינדל האָט אים נאָך געוואָלט דערציילן, אַז זי מיטן מיידל וואַלגערן זיך אין אַ ביליקן האָטעל... אַז ס׳איז נישט קיין תכלית אַזוי... וועגן זייער דירה דאָ נישט ווייט, ווו ס׳האָבן זיך אַריינגעכאַפּט פרעמדע לייט...

— אַהאַ... — האָט ער כיטרע פאַרקוועטשט די ווייסע וויעס — כ׳ווייס... אין די אַלטע הייזער דאָרט, הינטער די טעאַטערן... — און ער האָט באַלד צונויפגעצויגן די געדיכטע ברעמען און אָוועקגעמאַכט — וואָס, כ׳בעט אייך, גייט עס אייך אַזוי שטאַרק אין לעבן צוריק אָפּצונעמען די דירה?... פאַר אַ פּאָר פראַנק, מיין ליבע פרוי, קריגט מען היינט בעסערע דירות...

ער האָט געוואָלט אַ לאַך טון, נאָר ס׳האָט זיך עפּעס גאָרנישט באַקומען. דאָס ווייבל האָט זיך אַלץ נערוועז געווישט מיטן טיכעלע דעם שטערן, די פאַרטריקנטע ליפּן:

— דאָרט, מעסיע, זענען אָבער צימערן, ווי די פעלדער... ס׳איז דאָ ווו אַריינצושטעלן אַ מאַשין... כ׳ווייס וואָס...

— גייט שוין, גייט... — האָט ער אַלץ אָוועקגעמאַכט — דאָרט וווינען, ווי איר זאָגט, אָרעמע מענטשן, מיט פּיצלעך קינדער... און איר אַליין וווינט נאָך אויך חלילה נישט אויף דער גאַס. אויסער דעם — ס׳איז דאָרט אַ חורבה. מען דאַרף, האָב איך געהערט, אַריינלייגן אַ פאַרמעגן בלויז אין די ווענט אַריין, צו מאַכן אַ שטיקל רעמאָנט. חוץ דעם, שמועסט מען, אַז די

שטאָט־פּאַרוואַלטונג זאָל די הייזער אינגיכן אינגאַנצן אַראָפּרוימען... דער פונדאַמענט זעצט זיך, די ווענט זענען געשפּאָלטן און אונטערגעשפּאַרט דורך סלופּעס...

„גיי דערצייל אים“... — האָט שיינדל נאָך באַוויזן אַ טראַכט צו טון און אומבאַהאָלפן אַ בליק געגעבן צו סיזאַנען; דער אַדוואָקאַט האָט זיך שוין געהאַט אויפגעשטעלט. ער האָט שוין געהאַט גענוג פּראַקטיק צו וויסן, אַז אין די מערסטע פאַלן איז עס אַ פאַרשלעפּטע קרענק. נישט אַזוי לייכט קריגט מען צוריק אַ דירה... נישט אַזוי לייכט לאָזן זיי זיך קאָסטן, די יידישע קליענטן... פונדעסטוועגן האָט ער נאָך צולעצט געגעבן גוטע האָפענונגען; פאַרשריבן, פאַרצייכנט און צוגעזאָגט צו טון וואָס ער וועט נאָר קענען. ער־האָט זיי באַגלייט ביז צום נידעריקן טירל:

— מיט גוטנס — וואָלט גאָרנישט אויסגעמאַכט. גענוג שרייען זיי שוין ווידער, די אַנטיסעמיטן... איי, יידן, יידן, איר האָט נאָך גאָרנישט געלערנט... מיין עצה איז: קומט אַדורך מיט גוטנס, גיט זיי דאָרט אַ פּאָר פראַנק און פּטור...

אָט דאָס איז איר יאָ באַלד אַריין אין קאָפּ אַריין, שיינדלען, ווען זיי האָבן זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן די פינצטערלעכע שטיגן. ס'האָט זיך איר נאָך אָבער אַלץ געדוכט, אַז דער כיטרער אַדוואָקאַט זאָל זיך נישט האָבן אַמאָל עפּעס אָנגעשטויסן פון איר צערודערטקייט, פאַרוואָס עס גייט איר דווקא אין גאַנצן לעבן צוריקצובעקומען די אַלטע דירה. ער האָט דען ווייניק צו טון מיט אָפּנעמען דירות, מיט פאַרשידענע קאָמפּליקאַציעס און קאָפּ־פאַר־דרייענישן? זי האָט אָבער גלייך געוווסט, אַז די אַלע דריידלעך און קאָמבי־נאַציעס זענען נישט פאַר איר, אַז זי וועט דאָ פאַרלוירן גיין, אויב עמיצער, אַ נאָנטער, וועט זיך פאַר איר נישט איינשטעלן. און זי איז ווידער געווען אומגליקלעך — ווו לויפט מען? צו וועמען ווענדט מען זיך?

צי מען דאַרף, צי מען דאַרף נישט — האָט זי זיך געכאַפּט — הייסט ער איר כסדר קומען, דער אַדוואָקאַט. דאָס פאָדער־צימער ביי אים מעג פול זיין מיט יידן, זיצט ער מיט איר לאַנג און פרעגט זיך אַלץ אויס. ווי ער וואָלט געזוכט צו לייענען אין אירע געדאַנקען, ווי ער וואָלט גענוי וויסן וואָס אין די ווענט דאָרט איז פאַרשטעקט... ווי ער וואָלט פילן איבער וואָס זי ציטערט עס אַזוי. זי האָט אים נישט געטרויט, דעם אַדוואָקאַט. דערנאָך האָט זי זיך ווידער געכאַפּט — ער האָט איר אויסגעזען קאָמיש און זי האָט געשמייכלט אין זיך אַריין — וואָס אַזאַ נאַרישן מענטש קען אפשר אַמאָל איינפאַלן... ווער ווייס אים...

אָט די ווייבלעך אין די פריע דרייסיקער האָבן זיך נאָך געהאַלטן זייער יונג, כמעט ווי מיידעלעך; זענען געווען פאַרשלאָסן, האָבן געלאַכט, געלאַכט

און מ'האָט גאָרנישט געקענט דערגיין ביי זיי. אַ וועלט אַ גאַנצע איז אונ־טערגעגאַנגען; און דאָ דרייען זיי זיך אַרום אין אַ צעטרייסלטן דור, ווו יעדער איינער וויל פאַרגעסן. ס'גייט צוריק אָן דער נאַטירלעכער גאַנג צוריקצושטעלן אַ היים. זיי זענען אָבער מער נישט אַזוי נאַיוו און יונג־מיידלעריש. זיי קליידן זיך אין גרעלע קאָלירן, פאַרבן די האָר, זענען דורכ־געטריבן, כיטרע, אויפגעשפּיצט צו אַ ליאַדע פּינטל מיטן אויג. זיי זענען אין זייער פולער רייפקייט. זיי קענען געניי זייערע קוואַליטעטן, שאַצן געניי אָפּ זייער ווערט אין די אויגן פון אַ מאַנסביל. זיי ווילן פון איצט אָן אַ לייכ־טער לעבן — קאָמפאָרט, אָן זאָרגן, נישט אַרבעטן. זיי ווילן זיך אָפּנעמען פאַר די מלחמה־יאָרן. זיי זענען בייסיק, שטעכיק, ווי די האַרבסט־פליגע־לעך, טאַקע ווי דער פריער האַרבסט אין לעבן זייערן פון אַ פרוי.

וואָרום דער אַדוואָקאַט וואָלפער האָט זיך נאָך דעמאָלט אַליין אויך געפונען, קען מען זאָגן, אין געוויסע פאַרלעגנהייטן. די מלחמה, די אומ־גליקן, האָבן צוריק געמאַכט פון אים אָן אויסגעוואָרצלטן, אָן אַלטן בחור, ווי דעם ערשטן טאָג, ווען ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהער, אויפן פאַריזער ברוק, פון זיין ווייט גאַליציש היים־שטעטל. נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד, נישט קיין היים אַפילו. ער אַליין האָט — איינער פון די ערשטע — צוריקבאַקומען זיין דירה, באַנט פון קאָכעדיקן און ראָיעבדיקן פלאַץ רע־פובליק, פול מיט יידן און מיט אַלערליי יידישע צרות. ער איז צוריק געווען אין זיין עלעמענט. בפרט, אַז צווישן יידן, צווישן יידישע כלל־טוער, איז היפּש שיטערער געוואָרן. מ'האָט איצט באַדאַרפט זיין הילף אין די ציוניס־טישע קרייזן, אין די הילפס־געזעלשאַפטן, וואָס זענען געוואַקסן אָן אַ שיעור אין נאָך־מלחמהדיקן פאַריז.

דאָס ווייבל איז אים אויפן ערשטן בליק נישקשה געפעלן געוואָרן. „אַזאַ ווייבל"... — האָט ער אַ וויטן טראַכט געטון, דער אַדוואָקאַט, און האָט אַלעמאָל, איבער עפּעס, דעם וויזיט פאַרצויגן לענגער, ווי מ'האָט באַדאַרפט. פון זיין געשמאַק... נישט קיין נאַר... שוין גאָרנישט קיין נאַר... — דאָס האָט ער גלייך אַרויסגעדרונגען פון אירע צעפּלאָנטערטע רייד. ס'האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די סתירות צווישן איין וויזיט און אַנ־דערן; דאָ האָט זי אים דערציילט איינס, דאָ האָט זי אים דערציילט עפּעס אַנדערש. ס'איז נישט געווען אַרויסצוקריכן; און ער האָט באַלד כיטרע דערשמעקט, אַז דער ענין איז אפשר גאָרנישט אַזוי גלאַטיק. ס'איז זיכער נישט סתם אַזוי עפּעס אַ דירה אָפּצונעמען...

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך... — האָט ער וואָס ווייטער אַלץ מער גע־וואָלט וויסן — צי טאַקע בלויז די וועגט אינטערעסירן אייך אַזוי? כ'מיין... פאַר מיר דאַרפט איר נישט אַלץ אויסבאַהאַלטן...

זי האָט בלייך געשטאַמלט:

— ס'הייסט... ווי דען, מעסיע?... וואָס פאַלט אייך גאָר איין...

און ס'מיידל אין ווינקל — אַ גאַנץ היפּשע פריילן — האָט פאַרטייעט געשוויגן, געקוקט און געשוויגן. ס'איז אַפילו געוואָרן אַביסל נישט אָנגענעם.

ר'איז, נאָך אַלעמען, געווען אַ מאָדנער, דער אַדוואָקאַט; איז אַלץ געווען גליטשיק־צודרינגלעך, האָט אַלץ געוואָלט וויסן אַביסעלע מער; ער האָט זיך לאַנג איינגעקוקט מיט כיטרע, לאַכנדיקע, פאַרזשמורעטע אויגן אין שיינדלען, אין דער צערויטלטקייט, וואָס איז אויפגעשטיגן פון איר פּולן, ווייסן האַלדז, געקוקט אויף דער געזונט־אויפגעשאָסענער טאָכטער מיט די קאַשטאַן־לאָקן, האָט משמעות געזוכט עפּעס אַ וויטן צוזאַמענהאַנג. וואָס האָט ער דען געקענט מיינען? ס'איז טיילמאָל מער נישט געווען די שאַרפע זאַכלעכקייט אין זיינע רייד.

— די דירה... די דירה... — האָט ער דאָרט געצויגן — ווי כ'פאַרשטיי, גייט עס אייך נישט בלויז אין דער דירה...

גענוג אָנגעזאַלצן אויף דער נשמה איז איר אויך געווען, שיינדלען, האָט זי גערעדט; זי האָט שוין אַליין נישט געוווּסט וואָס זי רעדט. אַזוי האָט אַ מאַנספאַרשוין שוין לאַנג נישט געקוקט אויף איר און נישט גערעדט צו איר — אַזוי אומשולדיק האָט דער אַדוואָקאַט אויסגעזען צו פאַראינטערעסירן זיך אין איר לאַגע. סיזאַן האָט דאָרט לסוף אויך אַ בליק געטון — וואָס איז דאָס פאַראַ סאָרט מענטש? ס'האָט איר שוין אָנגעהויבן שאַרף צו פאַרדריסן דער מאַמעס רייד. נאָכוואָס אַזויפיל רייד? און דאָ — ס'איז גאָרנישט אַרויסצוקריכן פון אים.

ווייל זינט ווען די מלחמה איז געווען אויס, יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקומען אויף דער ליכטיקער שיין, געקומען אָנצולויפן פון אַלע פאַרשטעקטע נאָרעס, די זעלטן־לעבן־געבליבענע האָבן זיך אומגעקערט פון די טויט־לאַגערן, האָט שיינדל מער נישט איינגערוט. אַ גרויס פייער האָט זיך אין איר אָנגעצונדן. זי האָט נאָך נישט געוווּסט וואָס מען הייבט פריער אָן צו טון.

פונקט אַזוי ווי זי האָט, ווען איטשל האָט נאָך געלעבט, אַלע יאָרן ווייניק געמישט זיך, קיינמאָל גאָרנישט געוואָלט צופיל אַריינקלערן דאָרט, געלאָזן זיך בלינד פירן, אַזוי האָט זי איצט דערפילט, אַז זי מיטן מיידל וועלן דאָ אונטערגיין, אין אַזאַ צייט, אויב זי וועט נישט באַצייטנס לויפן, איינרייסן. טאַקע, ווער וועט זיך דען איינשטעלן פאַר איר? אַביסל געלט האָט זי נאָך פונדעסטוועגן פאַרמאָגט. אָבער צי איז עס דען אַזוי אַ תכלית? אין דער דירה איז איר קודם־כל געגאַנגען, צו האָבן כאָטש ווי דעם קאָפּ אַוועקצו־

לייגן, אַ מענטש זאָל אַמאָל האָבן ווו אַריינצוקומען... צי קען מען זיך דען אַזוי וואַלגערן מיט אַ דערוואַקסן מיידל אין עפּעס אַ ביליקן האָטעל?

אויסער אַלעמען — טיילמאָל האָט זי נאָך יאָ געגלויבט און צייטנווייז שוין אינגאַנצן אויפגעהערט צו גלויבן אין דער גאַנצער מעשה מיטן פאַרמויערטן גאָלד. ווייל זי האָט שוין דערנאָך אַליין אויך געגומען צווייפלען. די ווייטע אַנצוהערענישן, וואָס זענען דאָרט געווען אין בריוול פון איטשלען, ווען מ'האָט אים צום לעצטן מאָל אַוועקגענומען... וואָלט זי כאָטש נאָך געהאַט ביי זיך דאָס שטיקל בריוול; האָט זי עס אָבער לאַנג שוין געהאַט ערגעץ פאַרלוירן, אָדער צעריסן, זי געדענקט שוין גאָרנישט ווען און ווי אַזוי. אַזאַ זאַך פונדעסטוועגן... וואָלט איטשל פאַר איר נישט געווען פאַרבאָרגן און אויסבאַהאַלטן. ס'איז דען אַ קלייניקייט? די דירה... מילא, איז נישט די דירה...

טאַקע, וואָס פאַראַ גליקן האָט זי דען פריער דאָרט געהאַט, אין דער גרויסער, פינצטערער דירה? לויטן פּשוטן שכל, האָט עס איר גאָרנישט אַזוי שטאַרק באַדאַרפט צוריקציען אַהין, צווישן יענע ווענט. דאָרט האָט זי דאָך אין די ערשטע יאָרן איבערגעלעבט אַזויפיל בענקשאַפט נאָך דער ווייטער היים, אַזויפיל קרענקונג, איטשלס גלייכגילט צו אירעליידן, צו איר אינגאַנצן און — זיין שווער שנאָרכן אין די נעכט. דער קאָפּ האָט אים נאָכאַנאַנד געבוירערט. ער איז אייביק אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ וואָלקן, דאָס אויסגעצויגענע פּנים פאַרשטעקט אין די הויכע אַקסלען. די שיטערע הערעלעך אויף זיין שאַרבן האָבן זיך אויפגעשטעלט, געווינטלט. די צרות פונעם קינד, וואָס איז באַלד דערנאָך געבוירן געוואָרן, האָט זיך שווער געהאָדעוועט, איז אָפט קראַנק געווען; פון דער אייביקער גראַטשקע איבער די שטיבן, ווו די אַטעליע האָט טאָג און נאַכט געקלאַפּט. זי איז מיד געווען פון דעם אַלעמען. די נערוון האָבן ביי אַ ליאַדע וואָס נישט אויסגעהאַלטן; און אַז ס'איז געקומען די מלחמה, האָט זי דעם אמת געזאָגט, אַביסל אָפּגעאָטעמט. זי האָט איצט גאָר געחלומט פון אַ שטילער, רואיקער לעבן; אַצינד, נאָך אַזויפיל אומגליקן, נאָך אַזאַ צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן.

וואָס הייבט מען אָן צו טון? זי האָט נישט גערוט. אַלע פּאָר טעג איז זי געקומען צולויפן אין הויף אַריין געוויר ווערן וועגן דער דירה. ס'האָט דאָרט געוווינט אַן אָרעמע פראַנצויזישע פאַמיליע פון דער פּראָווינץ, מיט אַ סך קינדער. אויך סיזאַן איז שטיל מיטגעקומען מיט דער מוטער. זשאַקן האָט זי מער נישט געזען.

סיזאַן האָט זיך אַפילו איינמאָל אָנגענומען מיט אַ סך מוט און איז אַרויפגעגאַנגען. אָבער די טיר איז דאָרט אין יענעם זומער צוריק געשטאַ־

נען פאַרהאַקט. מ׳האָט דערציילט, אַז איסר איז באַלד דערנאָך אַרויסגע־
פאָרן ערגעץ אין די בערג אַריין, מער גאָרנישט.

ס׳איז אויך געווען אַ גאַנץ געטועכץ צווישן די שכנים אין הויף. מ׳איז
געלאָפן צו אַדוואָקאַטן, אין די אַמטן אַריין, אין די געריכטן אַריין, אָבער
נישט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען צוריקצונעמען אַ דירה. און שיינדל האָט
זיך אַרומגעטראָגן מיטן טיפן סוד און נישט געהאַט צומאָל פאַר וועמען
אויסצודערציילן, פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ, אַפילו נישט
פאַרן אייגענעם מיידל אירן, וואָס איז איר אַזויווי פרעמד געוואָרן. וואָרום
זי האָט גוט צוגעזען ווי דאָס מיידל ליידט, ווי זי איז פאַרטראָגן. איז זי
געלאָפן צו די פאַרבליבענע לאַנדסלייט פון דער סאָסיעטע. יענע דאָרט
האָבן געמיינט, אַז זי נויטיקט זיך אין הילף. אָבער צי דען אין דער קליינער
הילף פון אַ פּאָר פראַנק איז איר געגאַנגען?

אויך האָט סיזאַן דער מוטער נישט אינגאַנצן פאַרשטאַנען. זי איז גע־
וואָרן לייכט־אויפרעגנדיק, שיינדל, צעקאָכט; און אינעם מיידל, פאַרקערט,
איז גראָד דעמאָלט אויפגעשטיגן אַזאַ באַזאַכטע, קילע רואיקייט. זי האָט
באַדויערט, זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט שענקען. דאָס הויז... זשאַק...
יענער לעצטער אָוונט, אויף די וועגן, אויפן פאָן פון פלאַקערדיקן האָרי־
זאָנט...

אָבער נאָכוואָס, פרעגט זיך, ציט עס דער מוטער אַזוי שטאַרק צו אָט
דעם הויז? זי האָט אומעטום באַגלייט דער מאַמען, איבערהויפּט, ווען זי
איז אַלע פּאָר טעג געלאָפן אַהין געוויר ווערן עפּעס ביי די יידישע שכנים,
ווו ס׳האָבן ווידער אָנגעהויבן צו קלאַפּן די שניידער־ און שטריקער־וואַר־
שטאַטלעך. שיינדל איז זיי מקנא געווען, זי איז אַלעמען מקנא געווען.
מענטשן, האָט זי געזען, האָבן זיך ביסלעכווייז צוריק איינגעאָרדנט, חתונה
געהאַט, ווידער צונויפגעקלעפּט אַ משפּחה־לעבן, געזעסן און געאַרבעט,
געוואָלט דער עיקר פאַרגעסן. יעדער איז פאַרטון געווען נאָר מיט זיך אַליין.

אין די פינצטערע פּאָר יאָר האָבן זיי זיך אויסגעוואַלגערט ווו נאָר אַ
באַהעלטעניש, פאַרמאַסקירט זיך, אַבי אַרויסצוראַטעווען זיך פון אַזאַ צאָרן,
אַבי איבערצוקומען. ס׳האָט איר שוין נישט געאַרט, דער מאַמען, וואָס ווילד־
פרעמדע מענער האָבן זיך צו איר אַליין געטשעפּעט, וואָס צום מיידל, וועלכע
האָט אין די פּאָר יאָר שיין אויפגעבליט, האָבן זיך גענומען צוקלעפּן
פרעמדע יונגעלייט, זענען איר נאָכגעגאַנגען, נאָכגעקראָכן. זי איז שיין
אויסגעוואַקסן, סיזאַן. זי האָט געהאַט דער מאַמעס לאַכנדיקע גריבעלעך
אין די באַקן, קאַשטאַן־ברוינע האָר, וואָס האָבן פאַרפלייצט און זענען
געפאַלן פון אירע גלייכע אַקסלען. פון די ביטערע פּאָר יאָר איז פאַר־
בליבן ביי דער מאַמען און דער טאָכטער אַ געצווונגען אויפלאַכן, ווו מ׳האָט

לייכט געקענט דערכאַפּן אַ ניואַנס פון היסטעריע, פון פאַרשטעלן זיך, פאַר־מאַסקירן זיך, פון שפּילן צוגעטראַכטע ראָלן, מען זאָל זיך נישט אָנשטויסן זייער יידישקייט.

דער טראָט שיינדלס איז נאָך, צו אַלע צרות, אַזויווי יונגער געוואָרן. דאָס שוואַרצע, אין וועלכן זי האָט זיך געקליידט, האָט איר זייער שיין גע־פּאַסט. זיי האָבן איצט כמעט שיעור נישט אויסגעזען ווי צוויי שוועסטערן, די מאַמע מיט דער טאָכטער. מ'האָט זיי נאָכגעקוקט אין גאַס. ס'איז געווען אַ מין פאַרפירערישער כישוף אין סיזאַנס מאַטער הויט, אין אירע שלאַנ־גישע הענט מיט די אָנגעהאָנגענע זילבער־רינגען, אין אירע הויכע, גע־טאָקטע פּיס, אינעם וואַלד קאַשטאַן־האָר, צעוואָרפן איבער דער פּלייצע; איבערהויפּט זומער־צייט, ווען זי האָט זיך געסטראָיעט אין די איינגעצוי־גענע קליידלעך און בלוזקעלעך. זי איז יאָ געווען ענלעך צו דער מוטער און איז נישט געווען ענלעך. אין דער סאָסיעטע, ווען זי איז געקומען מיט סיזאַנען, האָבן זיי דאָרט אַלע געפרעגט מיט חידוש:

— אַזוי, כ'מיין... ס'איז טאַקע איטשל ברוינערס טאָכטער? קליינע־האָרע... אַ טענצערין, „מאַ פּאַראָל"...

— וואָלט זי כאָטש געווען אַ לייט... — האָט די מאַמע אָוועקגעמאַכט אין טרויעריקן שמייכל און ס'האָרץ איז איר פונדעסטוועגן געוואַקסן פון נחת און ס'האָט איר אין דער זעלבער צייט עפּעס אַ ברי געטון... אַז אַלע קוקן זיי נאָר אויף סיזאַנען, פּונקט ווי זי אַליין, די מאַמע, וואָלט שוין גאָר־נישט עקזיסטירט...

פון דער בליענדיקער סאָסיעטע „די קינדער פון קליין־אַלעקסאַנדער", וואָס האָט אַמאָל, אויף די ניי־יאָר־בעלער, אויף די שטורמישע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, ווו מ'האָט זיך געריסן איבערן בענקל פון פּרעזידענט, אָדער, להבדיל, אויף אַ לויה פון אַ לאַנדסמאַן, אויפגעזאַמלט איבער הונדערט מיט פופציק מאַן, האָבן זיך אין יענעם יאָר, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, קוים צוזאַמענגעשטעלט קאַרגע צוויי מנינים, צווישן זיי גענוג אלמנות און יתומים.

די פּאַריזער יידן פון קליין־אַלעקסאַנדער זענען פריער געווען ס'רוב אַרויפגעאַרבעטע, די מערסטע קאָנפעקציאָנערן, דאַמען־ און מענער־שניי־דערס. ווען ס'האָבן זיך בעתן פאַלקס־פראָנט גענומען אַראָפּיאַווען די יונגע־לייט און די מיידלעך פון קליין־אַלעקסאַנדער, אַנטלאָפענע פון די פּאָגראָ־מען און פון תפיסות אין פוילן, האָבן זיי די מערסטע לאַנדסלייט ברייט געהאָלפן ווי־נישט־איז איינצואָרדענען זיך, אַרויסקריגן אַ שטיקל פּאַפּירל, שאַפן אַרבעט. די קאַסע איז אַלעמאָל פול געווען און ס'האָט זיך ביז דע־מאָלט כמעט נישט געפונען קיין אָרעמער לאַנדסמאַן, ווענען אַרויסצו־

העלפן אַמאָל מיט אַ פּאָר פראַנק. ווער ס׳געדענקט נישט דאָס יאָר 1936! קליין־אַלעקסאַנדער האָט געשיקט נישט איין קעמפער אין דער באַטאַליאָן־קאָמפּאַניע אויף די שלאַכטפעלדער בעתן שפּאַנישן בירגער־קריג.

פון די ייִנגערע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער, וואָס איז באַלד נאָך דער מלחמה צוגעשטאַנען צו דער סאָסיעטע, האָט זיך תיכף, ווי זיין טבע, אַריינגעוואָרפן מיט לייב־און־לעבן אין דער אַרבעט, האָט זיך אָפּגעראַטעוועט דער איינציקער אַנרי. ער איז צוריקגעקומען פון לאַגער דער זעלבער פרייַלעכער מאַשינער, ווי אַמאָל, גאָר אַמאָל, ווען ער איז נאָך געזעסן ביים טאָטן, אין די ענגע, פינצטערע שטיבלעך, אויפן הויכן בעלוויל, און די גאַנצע משפחה האָט צוגעהאָלפן ביים ביסל „פּאַסאָן". אַז מ׳האָט זיך אָבער איינגעקוקט אין זיי, אין די מענטשן מיט די אויסגעברענטע נומערן, האָט מען געזען, אַז עפּעס איז נאָך פּאָרט פאַרבליבן אַ שאָטן אין דער נעץ קנייטשעלעך אַרום די אויגן, אינעם זייטיקן בליק, וואָס האָט קיין מענטש נישט געקענט קוקן גלייך אין פּנים אַריין; פּונקט ווי דער אויסגעברענטער לאַגער־נומער וואָלט טיף אַריין אין זייער לייב אַריין, אין געמיט אַריין. ווי די מענטשן וואָלטן מער נישט געהאַט קיין פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן געלעבט מיטן היינט.

אויך ביי אַנרין איז פאַרבליבן דאָס שטילע געלעכטערל, אַז ס׳איז אַדורך אַ פּרעסטל אין די איינגעווייד. קיין סך האָט ער נישט דערציילט. ס׳איז געווען גענוג ער זאָל דאָרט אַזוי אַמאָל אַ זאָג געבן:

— די מאַמע?... די שוועסטערן?... פיו... דורכן קוימען...

און ער האָט ערגעץ אַ פאַרהייב געטון דעם בליק אין דער הויך אַרויף.

אַ סך האָבן אין דער ערשטער צייט קיין מוט נישט געהאַט צוריקצונעמען זיך צו דער נאָדל, אָוועקזעצן זיך צו דער מאַשין, איינשאַפּן זיך אַ שטיקל היים, נעמען זיך צוריק לעבן ווי אַ מענטש. אָבער נישט — אַנרי. זיינע הענט האָבן נישט געקענט רוען.

אַ שטיק דערפאַר אפשר האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון די טויט־לאַגערן. דער קאָפּ האָט נאָכאַנאַנד געאַרבעט. ער איז אויפגעשטאַנען פלינק, איינגעוואַשן זיך מיט קאַלט וואַסער אין די גרעסטע פרעסט. אָבער געראַטעוועט האָבן אים די חברים, וואָס האָבן אומעטום, האָט זיך אַרויסגעוויזן, שטילערהייט געגראָבן, געהאַט אומעטום אַ האַנט: אין דער קיך, אין דער שרייב־שטובע, אין קראַנקן־רעוויר, אין די שניידער־ און שוסטער־וואַרשטאַטן, אין די סאָרטיר־אָפּטיילונגען.

צי אים איז שיינדל געקומען צולויפן, ווייל מיט אים, האָט זי געוווּסט, גייט מען נישט פאַרלוירן.

— אַנרי־קרוין!... — איז זי געקומען צולויפן צו אים — נאָר דו קענסט מיך ראַטעווען!...

אַנרי האָט איר געמאַכט ממזרישע קאָמפּלימענטן, אַז דאָס שוואַרצע, אין וועלכן זי האָט זיך אָנגעטאָן, קליידט איר זייער שיין. ס׳איז געווען אַלץ פּאַראַמאָל — צווייִדייטיקייט, באַדויערן און ביטערער געלעכטער אין זײַנע רייד...

זי האָט צוביסלעך געוווּסט ווער ער איז. איטשל, אַזוי פּאַרטראַגן ווי ר׳איז אַלעמאָל געווען, פלעגט נישט איין מאָל דאָרט מיט היץ רעדן וועגן זײַן „הויז", וועגן זײַן אַרויפאַרבעטן זיך; פון פינצטערן פּאַרטעטר־שטיבל אויפן הויכן בעלוויל, פון אַ פולע שטוב מיט קינדער, פון אַ שניידער־מאַ־שינדל, ביז צו די רחבותדיקע שטיבן אַרום די גרויסע בולוואַרן; וועגן זײַנע פלינקע, ממזרישע מאָדעלער.

אַמאָל, אין אַ מיטן העלן מיטוואָך, האָט ער זיך געטון אַ שטעל אַריין צו איטשל ברוינער אין דער אַטעליע; געקומען אַ קוק טון ווי די אַרבעט גייט. איטשל האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף פון דער מאַשין, נישט געוווּסט וואָס פריער צו טון.

— ביסט, גלויב מיר, געקומען אַראָפּכאַפּן אַ מאָדעל... — האָט איטשל געלאַכט מיט אַלע גלעלע ציין זײַנע — ביסט יענער ממזר, אַנרי...

מ׳האָט גערעדט וועגן אים מיט גרויס דרך־ארץ און — מיט ביטול צו דער זעלבער צייט. מ׳האָט אין די קאַפעס אויפן רעפּובליק געשמועסט, אַז ער וועט אַלץ סוף כל סוף פירן אין דר׳ערד אַריין... און צוליב וועמען?

— צוליב עפּעס אַ געלער מויד, אַ מאָדעלקע, וואָס ער איז איר נאָכגעלאָפן. ס׳האָט ביי די יידן נאָר אַרויסגערופן גרויס געלעכטער, אָבער די ווייבלעך האָבן זיך פונדעסטוועגן פּאַרטראַכט — ס׳האָט פּאָרט גערייצט און פּאַר־אינטריגירט. זיי האָבן אים געוואָלט אָנקוקן, אָט דעם אַנרין, וואָס לויפט נאָך, ווי מ׳האָט דערציילט, עפּעס אַ געלע מויד, אַ מאָדעלקע. מ׳האָט אים אָבער קיינמאָל אין ערגעץ נישט געזען, נישט אין דער סאָסיעטע, נישט אויף די בעלער, נישט קאָכן זיך אַרום די טישלעך אין די קאַפעס אויפן האַלב־נאַכטיקן רעפּובליק־פּלאַץ. ער איז זיך געגאַנגען אין אַ זייט, פּאַרטון געווען מיט מאָדנע משוגעתן, מיט עפּעס אַ „קאָלכאָז", נישט ווייט פון פּאַריז, אין אַ ווילע, וואָס מ׳האָט זי גערופן „די אָדלער־נעסט".

מ׳האָט צווישן אַרויפגעאַרבעטן עולם ברייט געלאַכט פון אים אין די פויסטן; און אומגעריכט — אַ נייער, ממזרישער מאָדעל, וואָס פּאַרכאַפּט די שפּאַציר־גאַסן, וואָס מ׳האָט זיך איינער דעם אַנדערן אָנגעוויזן אויף די בולוואַרן, וואָס די קליינע העכטלעך זענען געלאָפן אויף אים שנעל אָפּצו־קאָפּירן, ביז וואָס־ווען, איידער מ׳עט זיך נאָך כאַפּן...

„אַזאַ מענטש"... — איז איר דורכגעפלויגן, שיינדלען, איצט, נאָך די ביטערע פּאָר יאָר, האָט זיך איר געדוכט, אַז זי איז קלוגער געוואָרן, האָט זיך אָנגענומען מיט „לערע" פון לעבן. וויפל מאָל זענען די מענער צוגע־שטאַנען... אָבער אַזאַ מענטש וואָלט זי אַריינגענומען אין איר סוד אַריין. זי האָט אים געפילט נאָנט לעבן זיך, זי האָט דערפילט, אַז זי דאַרף אים שוין נישט אָפּלאָזן, זיך קלאַמערן אין אים. ער איז געווען פריילעך, ווי קיינמאָל ניט, האָט געלאַכט, ס'האָט זיך געטראָגן פון אים מיט אַ מאָדנע געלעכטער, אַז ס'איז טיילמאָל געוואָרן אומהיימלעך.

ס'איז געווען אַ מין אויסגעליטענע יינגקייט אין אָט די ווייבלעך, ווי זיי וואָלטן זיך קאָנסערווירט נאָך איין מאָל — צום לעצטן מאָל — אַ בלענד צו געבן מיט זייער ווייבלעכקייט. נאָך דעם אַלעמען, וואָס ער האָט איבער־געלעבט, איז אַנרי נאָך אַלץ פאַרבליבן נאַאיוו — אַפילו קעגנאיבער שיינד־לען. צו אים איז זי געקומען צולויפן:

— אַנרי־קרוין... — האָט זי געגאָסן מיט טרערן — ווען דו ווייסט סאַראַ אומגליק... סאַראַ צאָרן ס'האָט זיך אויסגעגאָסן...

פון זיינע ממזרישע קאָמפּלימענטן האָט זי, שמייכלענדיק שיין, געמאַכט צוערשט אַ באַליידיקטע מינע, און ס'האָט איר פונדעסטוועגן הנאה געטון, וואָס מען קוקט זיך כאָטש אויף איר אויך אום, נישט נאָר אויף איר מיידל, אויף סיזאַנען; כאָטש זי האָט שטאַרק געוואָלט, אַז דאָס מיידל זאָל קומען אין איינעם אַ טאָג און פאָרשטעלן, ווי ס'פירט זיך, עפּעס אַ היימישן, ליי־טישן יונגנמאַן:

— מאַמע, זיי באַקאַנט מיט מיין... באַקאַנטן...

וואָלט זי וועגן איר אייגן, אָפּגעהאַקט לעבן אויך אפשר געקענט אַ טראַכט טון. ווייל מיטן זון פון די ראָזענבערגס, האָט זי שוין פון לאַנג גע־ווּסט, וועט גאָרנישט אַרויסקומען. עפּעס האָט זי שוין געהערט. און זי האָט שטאַרק געוואָלט ס'זאָל וואָס גיכער געשען מיט סיזאַנען, וואָלט איר אייגן לעבן אויך אפשר געפונען אַ ליכטיקערע שפּאַרע; מ'איז פונדעסטוועגן אַליין אויך נאָך נישט אַזוי אַלט...

אַצינד האָט זי שוין צוריק אָנגעהויבן מאָדנע צו גלויבן און האָט עס אויך דער טאַכטער געוואָלט איינרעדן; כאָטש אין לעצטן מאָמענט האָט זי זיך געהיטן פאַר סיזאַנען, ווי פאַר אַ פרעמדער, ווי פאַר פייער האָט זי זיך געהיטן מיט אַן איבעריק וואָרט. זי האָט נאָר געלאָזן פאַלן, כדי איר אַביסל אויפצומונטערן:

— סיזאַן... שרהלע... ביסט גאָרנישט אַזאַ אָרעם מיידל, ווי דו מיינסט... דער טאַטע האָט אונדז נישקשה פאַרזאָרגט...

— ווי אַזוי ?... — האָט ס׳מיידל אָנגעקוקט דער מוטער און נישט פאַר־שטאַנען — וואָלט כאָטש געווען די שטוב... די מאַשינען...

זי האָט נאָך דער טאָכטער אַלץ געהאַלטן פאַר אַ קינד. אַזוי איז עס שוין פאַרבליבן איר גרויסער, אינטימער סוד און זי האָט זיך געוואָרגן מיט אים איינע אַליין אין די שלאָפלאָזע נעכט. זי האָט געפילט, אַז זי וועט עס נישט אויסהאַלטן, אַז זי וועט נאָך אפשר אָפּטון אַ גרויסע נאַרישקייט.

און סיזאַנען האָט עס גאָרנישט אויסגעזען אַזוי שטאַרק צו אינטערע־סירן אויך. ס׳מיידל איז נאָכאַנאַנד אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַגענע אין זיך, נישט גערעדט, נישט געזאָגט, נישט דערציילט. ווי אַ שווערער שטיין וואָלט איר נאָך געדריקט אויפן האַרצן. זשאַק, האָט זי געהערט, האָט זיך פאַר דער צייט העלדיש געשלאָגן קעגן די נאַציס און אַז ער ענדיקט מעדיצין, שוין־זשע זאָל ער האָבן אַלץ פאַרגעסן, זשאַק ? ער, האָט זי זיך געכאַפּט, איז אַוועק אַ סך ווייטער פון איר און זי, ווי זי וואָלט פאַרבליבן ווייט הינטערשטעליק, מער נישט צו דערגרייכן אים. פאַר אַ סך זאַכן מיטאַמאָל האָט באַנג געטון — פאַרוואָס זי איז אים דעמאָלט בלינדערהייט נישט נאָכ־געגאַנגען, פאַרוואָס זי האָט אים דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען; זיינע מאָדנע רייד דעמאָלט, אין יענער וואַרעמער יוני־נאַכט, אויף דער איינגעזונקענער באַנק, הינטער די אַלטע טאָפּאָלן...

ס׳מיידל איז פאַרשוווּנדן אויף גאַנצע אָוונטן. מ׳האָט געוווּסט, אַז זי שלעפּט זיך אַרום מיט עפּעס אַ באַנדע, אין די קליינע, שטיקנדיקע אָנגע־רויכערטע באַל־מיזעט־קאַפייען, אַרום סען־זשערמען, צווישן די צעדרייטע עקזיסטענציאַליסטן, וואָס זענען זייער אַריין אין דער מאָדע באַלד נאָך דער מלחמה. ס׳האַרץ שיינדלס האָט זיך געשראָקן פאַר סיזאַנען; זי האָט מורא געהאַט, אַז די מויד זאָל נישט נעמען און אָפּטון עפּעס אַ נאַרישקייט. איז זי געלאָפן צו אַנרין און זיך געבעטן ביי אים :

— אַנרי־קרוין... זע ראַטעווע מיר אָפּ ס׳מיידל... כ׳האָב מורא פאַר אַן אומגליק...

פון די טאַנץ־פאַרוויילונגען האָט זיך סיזאַן אומגעקערט פאַרטאָג, אַ שטומע, אַן אומעטיקע, אַזויווי אַ דורכגעליטענע; זי האָט זיך דערנאָך ווי אַ קינד געלאָזן פירן, איז נאָכגעגאַנגען דער מוטער, ווען שיינדל איז געלאָפן אין הויז אַריין עפּעס געוויר ווערן וועגן דער דירה.

איז פרי־צוגעפאַלענעם אָוונט האָט אין אַ נישט־פאַרהאַנגענעם פענצ־טער אויפן ערשטן שטאָק אויפגעשיינט אַ ביסל ליכט, ווי ס׳וואָלט געקו־מען פון אַ ווייטן צימער, אַרויפצו. ס׳איז פונדעסטוועגן געווען מאָדנע אין אַזאַ צייט אויפסניי צו דערזען אַביסל ליכט אינעם פענצטער פון אַ יידיש הויז; די זשומענדיקע גאַס אונטן, די אַלטע מויערן און הייף, זענען נאָך

אַלץ געלעגן איינגעהילט אין אַ טיפן חושך. די גאַס־לאַמטערן, צעשטעלט אין די נישעס און ווינקלען, צום „אַריינגאַנג פון די אַרטיסטן״, הינטער די טעאַטערן, זענען קאַרג און זעלטן געווען אָנגעצונדן, כמעט ווי מלחמה־צייט, ווען מ׳האָט דאָ יעדע מינדסטע שפּאַרע געמוזט פאַרשטעלן און פאַרהענגען, באַלד נאָכדעם ווי ס׳איז צוגעפאַלן די פּאָליציי־שעה.

אין די קליינע, קנאַפּ־באַלויכטענע באַרן און קוליסן־ביסטראָס פון געסל האָט זיך, ווי אַלעמאָל, געראַיעט. מ׳האָט דאָרט, אויף די הויכע באַר־זעסלען, געטרונקען וואַסערדיקן ביר, ערזאַץ־קאַפע, פּאַרזיסט מיט סאַכאַרין. ס׳איז דאָרט פול געווען מיט אוניפאָרמען, מיט הענדלער פון שוואַרצן מאַרק, מיט אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, מיידלעך און רויך; מ׳האָט זיך געסודעט אין אַלע ווינקעלעך, אַרומגעקוקט זיך מיט חשד, געצויגן עפּעס פון די הינטער־קעשענעס. ס׳האָבן נאָך אַלץ געקלאַפּט — אַ טריט פון דאַנען — איבער די גרויסע בולוואַרן, פאַרפלייצט פון קיינמאָל־נישט־געזעענע המונים, די ביליקע האַלץ־שיכלעך אויף די שלאַנקע פיס פון די שמאָלע, איינגעצויגענע פאַריזערינס.

איסר איז טעג־לאַנג געווען אָפּגעשלאָסן ביי זיך, אַריינגעטון אין פרעמדע, ווייטע טראַכטענישן. ער איז נאָך אַלץ ווייט געווען פון דער רעאַלער וועלט. ער האָט זיך אַליין אויפגעקאָכט אַ גלאָז טיי, געגעסן טרוקנס, אַרומגעדרייט זיך ביז שפּעט נאָך האַלבן טאָג, אַ נישט־געגאָלטער, אין אָפּגעבליאַקעוועטן מאָרגן־ראָק, אין די שטעק־לאַטשן, דאָס גרוילעכע בערדעלע צעשויבערט, נישט אַזוי צוגעשווירן און געפלעגט ווי אַמאָל. עס זענען נאָך אַלץ דאָרט געשטאַנען אין דער מיט שטוב נישט־אויפגעפּאַקטע וואַליזעס. אַ ווינט האָט געבלאָזן. אין פרי־צוגעפאַלענעם אָוונט האָט ער געברענט אַ קליין נאַכט־לעמפּל צוקאָפּנס פון אויפגעראַיעטן בעט, געבלענדט זיך די אויגן ביז שפּעט איבער ביכלעך און ספרימלעך. ס׳האָט זעלטן־ווען עמיץ אַ קלונג געטון אין דער טיר ביי אים.

און ווייל שיינדל איז כמעט יעדן אָוונט געלאָפן אַהער מיט אירע קאָפּ־פאַרדרייעניש, אָפּצונעמען די דירה, האָט זי דאָ איינמאָל אַ בליק אַרויף געטון און באַמערקט שוואַך לייכטן זיך אין די פענצטער פון די ראָזענבערגס. סיזאַן האָט עס נאָך פריער געהאַט באַמערקט, אָבער זי האָט געשוויגן.

— שאַ, כ׳וועל זיך נאָר אַרויפכאַפּן אויף אַ מינוט — האָט זיך שיינדל אָפּגערופן צום מיידל — וואַרט דאָ צו אַ ווילע.

אין אַזאַ אָוונט איז שיינדל איינמאָל אומגעריכט געקומען אָנקלאַפּן אין דער טיר ביי איסר ראָזענבערגן. ס׳איז געווען די צעטראָגנקייט פון אַ מיידעלע אין איר. „כ׳ווייס, אַ שכן, פונדעסטוועגן״... — האָט זי סתם אַזוי אַ

טראַכט געטון; און פאַראײנוועגס וועט זי שוין, אַזוי אומגערן, עפּעס אַ פרעג טון וועגן זשאַקן אויך. אין אַזאַ אומבאַשטימטער שעה האָט זי אַ קלונג געטון אין דער טיר. דער מינדסטער שאָרך האָט דאָרט הויל אָפּגעהילכט איבער אַלע ליידיקע שטובן.

— ווי איז מיר... מעסיע ראָזענבערג... — איז זי שטײנגעבליבן מיט חידוש אין דער טיר און זיך באַלד אַרויסגעכאַפּט — וווּ איז עפּעס ענקער יינגל ?...

איסר האָט געקוקט אויפן ווײבל, אַן אויסגעלאָשענער, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען ווער זי איז. ס'איז מער נישט געווען זיין שײן־פאַרשפּיצט בערדל, דער אויסגעבונדענער קינסטלער־שלייף. ווי אַ שטויב וואָלט זיך פאַר דער צייט געהאַט איינגעגעסן אין אים. די רויטלעכע, אָנגעשטרענגטע אויגן האָבן געטרערט פון צופיל בלענדיקייט.

— מייך זשאַק, מיינט איר ? — האָט ער איבערגעפרעגט און נישט באַלד געוווּסט וואָס צו ענטפערן. — קומט ווייטער, שטייט נישט אויף דער שוועל.

ער האָט עפּעס מער געפילט, ווי פאַרשטאַנען; און ס'איז אַביסל נישט אָנגענעם געווען אויך... טאַקע איבערן מיידל אירן; עפּעס האָט ער געהערט, כ'ווייס... נאָך אַזאַ לאַנגער צייט...

— מיין זון איז ערגעץ אין די בערג — האָט ער שטיל, ווי פאַרשעמט, געענטפערט — דאָס יינגל האָט זיי גוט דערלאַנגט, די נאַציס...

סיזאַן איז לאַנג געבליבן וואַרטן אונטן, פאַרן טויער. זי איז דער מו־טער שטום נאָכגעגאַנגען. זי האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר איז מיטגעגאַנגען. פאַרנאַכט האָט זי זיך אָנגעטון און שיינדל האָט שוין געוווּסט וווהין זי קלייבט זיך; און נאָר צוליבן מיידל אַליין, האָט זיך איר געדוכט, לעבט זי נאָך אַלץ מיט די אינטערעסן אַרום דעם אַלטן הויז. אַזוי האָט זיך איר צוערשט אויסגעדוכט. אַרויפגיין האָט זי אָבער נישט געוואָלט, סיזאַן, בשום אופן נישט. זי איז לאַנג געשטאַנען ביים טויער אונטן און געוואַרט. אין יעדן סילועט, וואָס איז אַרויסגעשווומען פון נעפּל, אָדער אין די טריט, וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין ליידיקן טויער, האָט זי אויפגעציטערט — ס'האָט זיך איר אַלץ געדוכט, אַז דאָס איז זשאַק, זשאַקס קענטלעכע טריט. זי האָט נישט געפילט קיין מידקייט, זי האָט נישט געדענקט ווי לאַנג זי איז דאָרט אַזוי געשטאַנען. אָבער פאַרוואָס זוימט זי זיך דאָרט אַזוי לאַנג, די מאַמע ? פאַרוואָס קומט זי נישט אַראָפּ ? וואָס טוט זי דאָ, אייגנטלעך ? נאָכוואָס וואַרט זי ? אויף וועמען וואַרט זי ? ווער דאַרף זי דען צו האָבן ? אַז אַפילו די מאַמע... און אַ גרויסער עלנט האָט איר אויסגעפילט, דעם בלייכן מיידל.

די מוטער האָט זי שפּעטלעך געפונען צוגעטוליעט צו אַ וואַנט. דאָס פּנים פונעם מיידל האָט זיך געבלייכט אין דער טונקל.

— דו הערסט, סיזאַן... — האָט זי עפּעס געגומען דערציילן, שיינדל, און ס'איז קענטיק געווען אַ גרויסע צערודערונג אין איר שטים.

— זאָלסט מיר, כ'בעט דיר, מער אַהער נישט פירן... — האָט זיך דאָס מיידל אָפּגעריסן.

— וואָס רעדסטו, נאַרעלע... דו ווייסט דען ?... — און זי האָט מער זיך נישט אַרויסגעכאַפּט. זי האָט דאָס מיידל געטוליעט צו זיך, אַזויווי פאַר־שולדיקט, געפירט זי ווי אַ קינד ביי דער האַנט און גאָרנישט געוווסט מיט וואָס איינצוגעמען איר. — דער מעסיע ראָזענבערג האָט מיך, הערסטו, גע־געבן גוטע האָפענונגען... וועגן דער דירה... ער האָט אויך געזאָגט, אַז זשאַק באַדאַרף איבגיכן צוריקומען... עפּעס אין אַ דאָרף געפינט ער זיך... ער פּראַקטיצירט... איז נעבעך אַן עלנטער מענטש געבליבן... אויף וועמען איז דען היינט נישט קיין רחמנות ?...

אַזוי האָבן איר שוין די פיס אַלעמאָל אַליין פאַרפירט צו זיין עלנטער טיר. ער איז, קענטיק, אויך געווען נישט אומצופרידן, איסר, צו דערהערן דעם קלונג, וואָס האָט פריילעך, ווי אַמאָל, אַ הילך געטון איבער די לייי־דיקע שטובן. ער איז דעם גאַנצן אָוונט אַרומגעגאַנגען אויפגעשפּיצט און ס'האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז ער האָט אים מאָדנע פאַראינטריגירט אָפּגעוואַרט, אָט דעם היימישן קלונג ביי דער טיר.

ערשט איצט האָט זי זיך אַליין געכאַפּט, שיינדל, פאַרשעמט זיך פאַר דעם, וואָס איר האָט געקענט קומען אין זינען אַריין. ווען איטשל זאָל, אַ שטייגער, געווען צוריקומען ווי אַנדערע... וואָלט אפשר אויך געווען... מאָדנע... אָבער סיזאַן וואָלט פאָרט געהאַט אַ היים און אַזוי קען איך איר קיין היים נישט געבן. צי קען מען דען אַזוי — נאָר פאַר זיך, נאָר וועגן זיך... און זי האָט זיך געפילט זייער שטאַרק זינדיק אויף דער שוועל פון איר ניי גליק. ס'איז געווען אַן ענלעך געפיל, ווי דעמאָלט, מיט יאָרן צוריק, ווען זי האָט דאָרט איינמאָל פּלוצים איבערגעלאָזן דאָס יינגל, מיט וועלכן זי איז „אַרויסגעגאַנגען" אין קליין־אַלעקסאַנדער און ס'האָבן איר בלינד פאַרפירט די גליקן, וואָס איטשל האָט איר צוגעזאָגט אין פּאַריז. ס'איז דעמאָלט אויך נישט אַזוי שיין געווען פון איר זייט; און כאָטש דאָס אַלץ איז שוין אַזוי ווייט געווען, האָט עס איר נאָך אַלץ מאָדנע געפּייניקט.

נאָר איין אַנרי, נאָר ער, האָט זי זיך געכאַפּט, קען איר איצט העלפן, אין דער מאָדנער פאַרלעגנהייט, אין וועלכער זי האָט זיך אומגעריכט דער־זען פאַרשפּינט און פאַרפּלאָנטערט, נישט אַרויסצוקריכן.

אַנריין איז באַלד עפּעס איינגעפאַלן; ער האָט אין איין אויגנבליק פאַר־שטאַנען דאָס צעפּלאָמטע ווייבל, אירע פאַרלעגנהייטן. זי האָט עס אים אַלץ, אין איין אָטעם אויסדערציילט — וועגן איסר ראָזענבערגן... וועגן מיידל... וועגן דער דירה אָפּצונעמען... אָבער נאָכנישט אַלץ האָט זי אים דערציילט. אין דער לעצטער מינוט האָט זיך די צונג ביי איר פאַרהאַקט. אָהאָ, זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אויפן קאַרק.

ס'איז געווען נאָכן פייערלעכן יזכור־אָוונט נאָך די דעפּאָרטירטע און אומגעקומענע פון זייער היים־שטעטל. זיי זענען צוזאַמען אַרונטער די שטיגן פון אַרומגעשליסענעם זאַל אויפן רעפּובליק.

— מען קען זיך דען מיטלייגן אין קבר אַריין ?... — האָט זי שיעור נישט געוויינט און האָט דערפילט זיין פעסטן, זיכערן אָרעם לעבן זיך — כ'האָב אַ מיידל צו פירן אונטער דער חופה און... מ'איז נאָך אַליין אויך נישט אַזוי אַלט... און דאָ מאַכט זיך אַזאַ געלעגנהייט... וואָס האָב איך גע־זאָלט טון ?...

נאָך די אַלע גרוילן, וואָס זיינע אויגן האָבן צוגעזען, האָבן, זעט אויס, אַזעלכע ווערטער אויף אים קיין איבעריקן איינדרוק נישט געמאַכט.

— פאַר מיר, שיינדעלע — האָט ער נאָר געזאָגט — דאַרפסטו זיך נישט פאַרענטפערן... און כ'מיין, אַז מיר האָבן פאַר קיינעם זיך נישט צו פאַרענטפערן... גיכער באַדאַרף מען אונדז אָפּגעבן חשבון... נאָר גאָרנישט...

ער האָט דאָס ווייבל מיט ענערגיע געפירט איבער די אָוונטיק־איבער־געפּאַקטע טראָטואַרן, צווישן די אויפגעשטעלטע עסטראַדעס אין דער מיט גאַס. ס'איז געווען עפּעס אַ יום־טוב. ס'איז געווען ליכט, מוזיק, מ'האָט געטאַנצט.

דאָס האַרץ האָט איר געגנוג ווי געטון. מער האָט זי נישט געקענט. אַפילו וועגן פאַרשטעקטן גאָלד אין די פאַרדרייטע לופטעס פון קאַמין, ווי איטשל האָט איר אין יענעם לעצטן בריוול געגעבן אָנצוהערן, האָט זי אים אין יענעם אָוונט דערציילט און האָט זיך באַלד אַליין דערשראָקן פאַר דעם, וואָס זי האָט אָפּגעטון. ער האָט אָבער גאָרנישט אויסגעזען צו זיין איבעראַשט. ער האָט נאָר באַמערקט אויפלייכטן דאָס ברוינע פייערל אין אירע אויגן, וואָס זענען נאָך אַלץ שיין געווען. זי האָט אים אפשר געוואָלט צונייגן, איבעראַשן, אָט דעם גוטמוטיקן, איינפאַכן אַנריין, צו אירע שווערע פאַרלעגנהייטן. ס'איז אפשר אויך געווען אַביסל נאַאיווע ווייבערישע כיטרע־קייט.

— ווייסטו גאָר וואָס ? — האָט ער געלאַכט — לאָמיך צורו מיט דיין גאָלד־אוצר. מיר האָבן שוין געזען וואָס פאַראַ ווערט דאָס גאָלד האָט... מילא, ס'איז אָוודאי צו באַדויערן דיין איטשלען... ס'איז אים נאָך פריער

אפשר געווען צו באַדויערן... זעסט — האָט ער געוויזן זיינע פעסטע דלאָניעס — די צען פינגער זענען דאָס טייערסטע גאָלד...

און פון זיינע פראָסטע, אָפענע רייד איז איר מיטאַמאָל ליכטיקער און וואַרעמער געוואָרן אויפן האַרצן.

אַנרי איז קודם־כל געלאָפן און איינגעשאַפן פאַר שיינדלען מיטן מיידל אַ שטיקל דירהלע, אויף דערווייל, זיי זאָלן זיך מער נישט וואַלגערן אין ביליקן האָטעל. ער האָט נישט גערוט. ביי דעם מענטש אין די פריערדרייסיקער האָט זיך צוריק אויפגעוועקט די ענערגיע פון אַ ייִנגל. אַפילו סיזאַן האָט אים באַלד ליב באַקומען; פאַר אַלץ — פאַר זיין העל, געזונט לאַכן, פאַר זיין מאָדנער רירעוודיקייט, פאַר זיינע פלינקע הענט, פאַר זיין ווילדער ענערגיע אַלע ווענט און שוועריקייטן דורכצוברעכן; ער האָט אומגעריכט אַלעמאָל אָנגעברענגט מיט זיך פריילעכקייט.

אים אַליין האָט די גאַנצע זאַך אויך גענומען אונטערהייבן; כאָטש ס'איז אים צוערשט גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז צווישן אים און סיזאַנען זאָל עס אַזוי ווייט אַוועקגיין; ווייל אָנגעהויבן האָט זיך עס גאָר איבער אַ געלעכטער מיטן צוגעלאָזענעם ווייבל, מיט שיינדלען. אַזוי איז, אַז מען געוווינט זיך נישט־ווילנדיק צו צו אַ מענטש. ער האָט עס איינמאָל דערפילט, פּלוצים, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, ווען ס'מיידל האָט זיך אין אַן אָוונט אויפגעהויבן און איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, אַנטלאָפן צו איר באַנדע יונגוואַרג, אין די רוישיקע, אָנגערויכערטע, ענגע קאַפייען אַרום סען־זשערמען דע פּרע. „וואָס איז מיט דיר, אַנרי ?... — האָט ער זיך געכאַפּט — ביסט אַ ייִנגעלע... האָסט פאַרגעסן, אַז ס'איז אַ מאָל געווען אַ לאָטע... אַ פייגעלע... אַז אַלץ איז הבל הבלים"...

ווייל אין זיינע אויגן איז סיזאַן נאָך אַלץ געווען אַ קליין מיידל. ערשט ווי לאַנג, אַז זי איז אַהיימגעקומען אַ פאַרפלאַמטע פון דער שולע, מיט דער טעקע ביכער אונטערן אָרעם ? ער האָט זיך נישט איין מאָל, אין דער אַטעליע דאָרט ביי איטשל ברוינער, ווען ער האָט זיך אומגעריכט אַרויפגעכאַפּט אויף אַ מינוט, געמאַכט אַ געלעכטער מיטן מיידל און די קליינע איז שוין פון אים נישט אָפּגעטרעטן, געקלעפּט צו אים, אַז אַלע אין דער אַטעליע האָבן זיך געוויצלט אויף זייער חשבון. און ער האָט שוין פאַר דער צייט געהאַט אַ לאָטע... אַ פייגעלע... ווי אַ ווינט, ווי אַ רויך...

צי איז עס טאַקע מעגלעך — האָט ער זיך אַליין געפרעגט — כ'זאָל געפעלן ווערן סיזאַנען ?... ווייס איך, אַ יונגע קאָזע דאָרט...

ניין, ער איז מערנישט גלייכגילטיק געווען צו אָט דעם גאַנצן משפּחה־פּלאָנטער — כאָטש ס'איז אים שווערלעך געוויזן פאַר זיך אַליין עס מודה צו זיין. דאָס ווייבל, וואָס האָט זיך אַזוי געשמאַק געקליידט אין שוואַרצן,

האָט מיט עפּעס געלאָקט, און — די מעשה מיטן גאָלד... דער לאַגער איז מער נישט געווען פאַר זיינע אויגן. דאָ איז נישט קיין לאַגער. דאָ האָט גאָלד פונדעסטוועגן אַ ווערט. דאָרט האָט מען שוין טאַקע באַדאַרפט צו זיין גיריק, מענטשן־פרעסעריש, צו גלוסטן נאָך גאָלד. אָבער דאָ?

ער איז לאַנג געלעגן ביינאַכט און אַריינגעקלערט. די גאַנצע געשיכטע מיטן מיידל, מיט דער דירה, מיטן גאָלד, האָט אים אַליין אויך אונטער־געהויבן. אפשר איז עס טאַקע פּאָרט אמת? פון דעמאָלט אָן האָט עס אים שוין מער נישט צורו געלאָזן. ער איז שלעכט געשלאָפן ביינאַכט, נישט געהאַט קיין אַפּעטיט צום עסן. ער האָט זיך אינדערפרי אויפגעהויבן מיט קאָפּ־ווייטיק. אַלץ איז אים געפאַלן פון די הענט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן דערינען און טעג־לאַנג געבומען דרייען זיך אַרום דעם הויז. ער האָט שוין איצט אין קאָפּ געהאַט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן פּלאַן. ער האָט איבערגערעדט דערוועגן מיט שיינדלען און זיי זענען שטילערהייט נאָך אַמאָל אַרויפגעגאַנגען צום ווינקל־אַדוואָקאַט, צו וואָלפערן.

— קום נאָר מיט מיר אַרויף צו דיין אַדוואָקאַטל... — איז ער געקומען צולויפן צו שיינדלען — איך וועל מיט אים אַ רעד טון...

אָבער דער אַדוואָקאַט וואָלפער האָט זיי שוין איצט אַלץ מער געלייגט שטיינער אויפן האַרצן, פאַרזיכערט, אַז ס'איז אומזיסטע, אַרויסגעוואָרפענע מי; מיט גוטן, האָט ער געזאָגט, איז עפּעס אַנדערש. ער האָט דער עיקר אָנגעהויבן קילער ווערן, זינט ווען ער האָט דערזען פאַר זיך דעם יינגן, צעקאָכטן, ענערגישן אַנרין, וואָס איז מיטגעקומען מיט שיינדלען. ווען זיי זענען אַראָפּ פון אַדוואָקאַט, האָט זיך שיינדל אָנגעהאָנגען אין אים, אים מערנישט אָפּגעלאָזן. ער האָט זיך אָבער אויסגעלאַכט פון אַדוואָקאַטל:

— זאָרג נישט, שיינדל — האָט ער געלאַכט מיט זיין וואַרעם מויל — ס'איז ביי מיר אַזוי ווי דאָ אויף דער האַנט...

ער האָט אַפילו אין אַ פאַרנאַכט אַליין אַרויפגעקלעטערט די פיר שטאָק ברייטע, פינצטערע שטיגן אין דעם אַלטן הויז און איז שטיינגעבליבן פאַר דער טיר; אַ נידעריקע טיר, מיט אַן אַלטמאָדישן צי־גלאָק, אונטערן אויס־געלאָשענעם גאַז־לאָמפּ, וואָס פונקציאָנירט שוין נישט זייער לאַנג אַוודאי. ער האָט נאָך גוט געדענקט דעם הייזעריקלעכן קלונג, וואָס האָט אַמאָל אָפּגעהילכט איבער די פאַרוואָלגערטע שטיבן ביי איטשל ברוינער. די האַנט איז אַ רגע געלעגן אויף דער קליאַמקע; און ווען ער האָט מיטאַמאָל דערהערט טריט אויף יענער זייט טיר, האָט ער זיך צוריקגעצויגן, איז מיט אַ פלינקן טראָט אַראָפּ פון די שטיגן. טאַקע, וואָס וועט ער דען זאָגן? ס'איז אומגעזונט, זיי זאָלן זיך אַפילו אָנשטויסן.

אויפן צווייטן שטאָק האָט שוין צוריק פאַרנומען זיין דירה אַ באַקאַנ־טער, אַ שטריקער, וועלכער האָט זיך דאָ צוזאַמען מיט אים געשלאָגן אין דער ווידערשטאַנד; יענער האָט ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק געריכט־לעך צוריקבאַקומען זיין דירה, אָבער ער האָט אויך געמוזט אַדורכקומען מיטן לאָקאַטאָר און אַרויסצאָלן אים אַ היפּש ביסל געלט.

— וואָס מאַכסטו דאָ עפּעס, אַנרי? — איז יענער געווען פאַרוווּנ־דערט — גלויב מיר, ביסט געקומען אויסמאַשינען אַ פּאָר שטיקלעך ביי איטשל ברוינער...

— וואָס פרעגסטו!... — האָט אַנרי קוים געשמייכלט און געפילט ווי ס'ווערט אים מאָדנע טרוקן אין מויל — ס'איז גוט צו וויצלען זיך, ווען יענעמס אַש וואַלגערט זיך ערגעץ אין אוישוויץ... נאָר גאָרנישט... אַמאָל, זעסטו, פאַרפירן דיר די פיס אַליין...

און ער איז שנעל אַראָפּ פון דאָרט. ער האָט געפילט, אַז ער האָט זיך שלעכט פאַרענטפערט, אַז יענער קאָן אַמאָל אפשר נאָכקלערן, נאָכפרעגן זיך; ער האָט אַ לאַנגע, נאַרישע צונג און קען עס נאָך צעפּויקן אויך. אַפילו די קאָנסיערזש איז ער אַדורך ווי אין אַ בראַנד, זי זאָל אים גאָרנישט באַ־מערקן אויך; די דאָזיקע זענען דאָך אוודאי כיטרע לייט, זיי פאַרשטייען זיך אויפן ווונק, מער פעלט נישט. ער האָט נאָך אָבער באַוויזן אַ בליק צו טון דורכן שייבל. זי איז נישט געווען. אויפן טיש זענען געשטאַנען צוויי מייזעלעך און האָבן געגריזשעט אין ברויט־קוישל. ער האָט גאָר שיינדלען דערפון אינגאַנצן נישט דערציילט.

אָבער שיינדל האָט געהאַט גענוג אירע אייגענע קאָפּ־פאַרדרייעניש. זי האָט לאַנג נאָכגעקלערט; מאַלע וואָס זי האָט דאָ געקענט מיינען, דאָס מיידל אירס, סיזאַן, מיט אָט דעם אַנרין. אַנרי איז אַרויפגעקומען, אָפּגע־זעסן אָוונטן, געוויצלט זיך, איז אַרומגעלאָפן, האָט געזאָרגט וועגן טויזנט קלייניקייטן פאַר זיי. ס'איז נאַריש... צי איז ער דען פאַר איר, אַנרי? כאָטש צוריקגערעדט... זי האָט זיך אָבער באַמיט אָפּט איבערצולאָזן זי״י אַליין, אין דעם ענגן דירהלע, און זי איז כסדר אָוונט־צייט געלאָפן אַהין, אין דעם אַלטן הויז אַריין. עפּעס אַ בלינד געפיל האָט איר כסדר געפירט אַהין. אפשר וועט זיך פאָרט דער גאַנצער פּלאָנטער אויפבינדן?

# 11

צוריקגעקומען פון לאַגער איז ער, איסר, נישט קיין קליין ביסל צע־רודערט, אָבער — אַ באַדאַכטער, ווי קיינמאָל נישט פריער. ער האָט זיך שטאַרק געפרייט, וואָס דאָס ייִנגל איז כאָטש דאָ; ווייל די אָרעמע פעליציע... איר האָט ער גלייך ביי דער ערשטער סעלעקציע פאַרלוירן. זי איז אין די לעצטע פּאָר יאָר געוואָרן שווערלעכער אויף די פיס און לייכט אויף טרערן. ס'איז געווען די פריע עלטער, וואָס האָט זיך אומגעריכט געלייגט אויף דער אַמאָל לייכטזיניקער, פלינקער פעליציע. ער האָט זיך עס לאַנג נישט געקענט שענקען. דער שאָטן אירער איז אים נאָכגעגאַנגען אומעטום. ער האָט פאַרקלאַפּט דאָס הויז און איז אַהינגעלאָפן צום שטעטל אין די בערג; צום פּיטאָרעסקן שטעטל אין די בערג האָט עס אים אָבער אַלעמאָל צוריקגעצויגן. דאָרט איז ער פאַרבליבן ביז די ערשטע רעגנס. דערנאָך האָט עס אים ווידער אַ טראָג געגעבן קיין פּאַריז, כאָטש ער האָט מער נישט געהאַט צו וואָס, צו וועמען. ער האָט זיך אין ערגעץ קיין אָרט נישט גע־פונען; געדרייט זיך טעג לאַנג אויף־און־אָפּ איבער די גרויסע, ליידיקע צימערן. פאַר די אויגן איז אים אַלץ געשטאַנען:

אַ פאַרוויסטער פאַרנאַכט פון פּוילישן ווינטער, אַ ליידיק פעלד אונ־טער אַ נידעריקן הימל, אָן רחמים. אַ לאַנגער צוג מענטשלעכע סקעלעטן אין די צעפּאַסעוועטע מלבושים; זיי ציען, אַרומגערינגלט מיט ס.ס. און הינט... ווען מען טוט זיי דעמאָלט אַלעמען, אַ שטייגער, אַזוי אַ זאָג, אַט די אויסגייענדיקע יידישע מענטשן:

— איר זענט פריי!... גייט אייך אַוועק אין עק וועלט אַריין, אין דער ווילדעניש, האַקט אויס אַ וואַלד, לייגט דורך אַ וועג, בויט זיך אויף אַ הויז, לעבט זיך מיט אייער אייגן לעבן... איר זעט דאָך אַליין — איר רופט נאָר אַרויס שנאה צו זיך... איר זענט אַן אייביק פּראָבלעם פאַר זיך און פאַר אַנדערע... נאָכוואָס פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס אין די גרויסע, פרעמדע שטעט מיט דער נאָדל אין לאַץ?...

צי וואָלטן זיי עס דעמאָלט פאַרשטאַנען? ווער ווייס, אפשר וואָלטן זיי עס דעמאָלט יאָ פאַרשטאַנען.

אַזוי שטאַרק האָט ער עס, ווי קיינמאָל נישט, געפילט און דורכגע־לעבט. אָט די קראַנקע ווזיעס האָבן אים מער נישט אָפּגעלאָזן, געמאַטערט אין די שלאָפלאָזע נעכט. דאָס דערגראָבן זיך צו אַזאַ איינפאַכן געדאַנק, האָט צו עפּעס מתחייב געווען. און וואָס ווייטער? מיטן אונטערגאַנג פון

פוילישן יידן, האָט ער ערשט רעכט דערפילט דעם אייגענעם גלות אויף די אַקסלען. ער האָט זיך עס בשום אופן נישט פאָרגעשטעלט ווי אַזוי מען וועט ווייטער קענען לעבן. פעליציע איז נישטאָ. דאָס יינגל גייט זיך זיין אייגענעם וועג, איז פאַרטון, לערנט זיך, קומט אים אַפילו זעלטן זען. ס'איז, אַז מען וויל, נאָרמאַל.

איינער אַליין האָט ער געלעבט אין דער גרויסער דירה, נאָך אַלץ ווי אויף דערוויילל, פונקט ווי מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, ווען ער איז, צוזאַמען מיט פעליציען, ביידע יונגע, מוטיקע, פול מיט גרויסע האָפענונגען און אידעאַלן, אַריינגעפאַלן אַהער. ער האָט מער נישט געהאַט פאַר וועמען צו זאָרגן, ס'האָבן זיך אים צו גאָרנישט געלייגט די הענט. פעליציע... ווען זי זאָל דאָ איצט זיין... ווי אַ ווינט, ווי אַ רויך... ווי ס'וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געווען. אַ האַלבער יאָרהונדערט און — ס'קומט אַלץ אויס אָנצוהייבן אויפסניי; ער איז נאָך אַלץ דער טרוימער אויף די פאַריזער ברוקן. ס'איז אויפגעגאַנגען פאַר זיין בליק אַ דור אַ גאַנצער. וווּ זענען זיי, די אַלע, וואָס האָבן אַמאָל געקרייצט זיין וועג? נישטאָ. פאַרשוווּנדן. ער האָט זיי געזען, געהערט זייערע רייד, די שווערע, געזעצטע, הייליקע רייד וועגן אַ נייער וועלט, וואָס מוז און וועט אויסגעקעמפט ווערן... ער האָט געפילט זייערע פילונגען... די ליטעראַרישע אַליי אין זאַקסישן גאָרטן... יענע יאָרן... דער פלאַטער פון די פלאַמיקע יונגעלייט, אין די קליינע חסידישע היטעלעך, ווען זיי האָבן מיט פאָרכט און מיט דרך־ארץ נאָכגעפאָלגט אויף די שפּאַצירן פּרצן, אין זיין פעלערינע, אינעם יעגער־קאַפּעלושל, מיט די ווילד־צעפלאָשעטע, פריצישע וואָנסן... דער בלוטיקער מיטוואָך... דער 1־טער מאַי אויפן טעאַטער־פּלאַץ... די ענגע וואַרשטאַטלעך פון די שטעפער און געריוועטע שוסטערס אין די ראָיענדיקע געסלעך אַרום מוראַנאָוו... די שטרייקן... דער אָוועקגעלייגטער גובערנאַטאָר און די אָנגעפלויגענע קאָזאַקישע סאָטניעס...

... מ'האָט אונדז אויסגעקוילעט און די וועלט האָט זיך רואיק צוגעקוקט. מ'וואַרפט צו אַ קיל טרייסט־וואָרט, מען פאַרגיסט אַ קאַלטע טרער, מען וואַרפט צו אַ פאָר דאָלאַר, עטלעכע הויכע פראַזן... אָבער אין גרונט גענומען... אונדזערע טריט און אונדזערע מאָנומענטן ווערן סיי־ווי פאַרווישט, אויסגעראָטן פון פרעמדע, אומריינע, באַרבאַרישע הענט, ווערן אָפּגעמעקט און פאַרווייעט, ווי די טריט אין זאַמד... און ער האָט מיטאַמאָל מורא געקריגן פאַר דער פאַרגעסנקייט.

די חורבות און די טעמפלען פון האַלב־פאַרגעסענע פעלקער ווערן אַנטדעקט און אויסגעגראָבן. די שפּורן פון פוילישן ייד, אָדער פון יידישן פאָלק אין פוילן, ווערן לייכט פאַרווישט. אַפילו די לאַנדשאַפט פון יענע

שטעט און שטעטלעך, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך יידיש... אַ מאָדנע נייגעריקייט האָט אים געטריבן, ווען ער איז אַוועק אין די שפּורן פונעם אַלטן מייסטער.

אין אַ פאַרנאַכט האָט ער זיך אומגערעכט דערזען ביים פאַרהאַקטן טויער פון אַ שטילער גאַס, אין דער געגנט אַרום מאָנפּאַרנאַס. אָנגעקלאַפּט, איז געקראָכן איבערן לאַנגן, פאַרדרייטן הויף, צווישן נידעריקע, רויטע ציגל־געביידעס. די אַלטע הויז־וועכטערין, די זעלבע ווי מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, האָט אים דאָרט דערלאַנגט אַ בינט פאַרזשאַווערטע שליסלען. ער האָט זיך פאַרהאַלטן לעבן אַ ווייס־פאַרקאַלכטער שויבן־וואַנט, געטרעטן איבער אַ סקריפּענדיק ברעטל. ער האָט זיך נאָך אַלץ געפּאָרכטן איבערצודרייען דעם שלאָס, אַ שטויס צו טון די אַלטע שויבן־טיר, ווו ר'האָט דערזען מיטאַמאָל זיין אייגן אָפּבילד און — זיך צוריק־געצויגן. די טיר האָט שווערלעך נאָכגעגעבן. וואָס איז ער דען געקומען זוכן אַהער? אַ בלינד געפיל האָט אים געפירט און פאַרפירט.

ערב דער מלחמה האָבן געלעבט אין פאַריז נישט ווייניק אַזעלכע פאַר־בלאָנדזשעטע יידישע קינסטלער, אין שאָטן פון אַ פאַרעלטערטן נעאָ־ראָמאַנטיזם; זיי האָבן אים אַוודאי אַמאָל געהאַט מיטגעברענגט מיט זיך פון זייערע אַלטע היימען, אין רוסלאַנד און אין פּוילן. „די פאַריזער שולע״ איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק אויף נייע וועגן, פאָרם־זוכעניש, איבערגע־שטורעמט די אַלע שרייענדיקע מאָדערניזמען. נאָר אייניקע פאַרבלאָנדזשעטע יידישע קינסטלער פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט צווישן די אַלע נייע ריכ־טונגען אין דער קונסט. זיי האָבן דאָ פריער יאָרנלאַנג געאַרבעט, געמאַ־טערט זיך, געטרוימט. דער פּרייז פאַר זייערס אַ לייוונט, נישט פריער ווי נאָך זייער טויט, איז הויך געשטיגן אויף די אויספאַרקויפן. זיי האָבן צו־זאַמען געהונגערט אין דעם באַרימטן קינסטלער־„בינשטאָק״ אויף פאָרט ד'אָרלעאַן.

דער אַלטער מייסטער האָט דאָ אין די לעצטע יאָרן געלעבט אין דער פּעריפעריע אַרום מאָנפּאַרנאַס, צוריקגעצויגן, פאַרשטעקט אין זיין אַטעליע. ער איז שוין לאַנג מער נישט געקומען צווישן פינף און האַלב־זיבן אין די בלענדיקע קאַפייען. דאָרט האָבן אַלץ אַרומגעזשומעט די יינגערע. זיי האָבן אים באַטראַכט ווי אַקאַדעמיש, פאַרעלטערט, ווי אַן עפּיגאָן פון ראָדען און אַנטאָקאָלסקי. ער איז, אין יענע יאָרן פון שטייגן, אַרויסגעהויבן געוואָרן דורך די זעלטענע פּראָטעזשירער, רייכע, אָנגעזעענע יידן און פּראָגרע־סיווע רוסישע אינטעלעקטועלע; זיי האָבן זיך געפילט ווי פאַרשולדיקט, ווי אַ חוב אָפּצוצאָלן די גרויסע טאַלאַנטן, וואָס האָבן געדרימלט אין דער געדיכטעניש פון יידישן תחום־המושב; די לעצטע יאָרן האָט ער געלעבט

צווישן זיין פאַרגרינטן בראָנז, מאַרמאָר, אַלטע, פאַרשטויבטע לייוונטן און פאַלינעזישע געטשקעס, אויסגעפּונענע ביי כלערליי אַנטיקוואַרן. צו דער גאַלעריע אַרום די ווענט, אונטערן גלאָז־דאַך, האָט געפירט אַ שמאָלע שווינדל־שטיג, אין דער זייט, פאַרשטעלט מיט אָפּגעבליאַקעוועטע קור־טינעס. אַלץ, אויף וואָס דאָס אויג איז געפאַלן, איז געווען שטרענג־אָפּגע־קליבן: די איינפּיסיקע עטאַזשערקעס, די הויכע, געשניצטע שטולן, אַפילו דאָס שטייגעלע מיטן געלן קאַנאַריקל, וואָס איז אַרומגעשפּרונגען און גע־פּישטשעט.

אַצינד איז איסר מאָדנע און פאַרכאַפּנדיק ענלעך געוואָרן צום אַלטן מייסטער — גרוי, צעשויבערט, דער בליק פאַרטראָגן; כאָטש אים איז אָן שום ספק אויסגעקומען איבערצולעבן מער נשמה־אויפטרייסלונגען. יענער האָט סוף כל סוף אָפּגעלעבט אַ גאַנץ, רואיק לעבן, איז געשטאָרבן, זאָט אין טעג, ווען דער אַלטער קאָנטינענט איז פאַרשווענקט געוואָרן פון היט־לערישן שמוץ. ר׳איז ווייט געווען פון דאַנען און האָט אַפילו נישט געוווסט, אַז די אַטעליע זיינע, די טייערסטע חפצים, איבער וועלכע ער האָט אַ לעבן־לאַנג געציטערט, געלאָזן זיי איבערגעדעקט, מיינענדיק, אַז אַ ליאַדע טאָג קערט ער זיך אום צוריק, זענען צעשלעפּט געוואָרן פון די דייטשן. זיי זענען אַהער פאַרפאָרן מיט קאַמיאָנען און די צעבראָכענע שטיקער גע־וואָרפן איינס אויף ס׳אַנדערע, מיט שפּאָט און כאַמישן געלעכטער. ס׳איבע־ריקע איז צוביסלעך צעשלעפּט געוואָרן דורך דער אַלטער, כיטרער הויז־וועכטערין. זי האָט זיי דערנאָך אויספאַרקויפט בשתיקה צו אַנטיקוואַרן און אַלטוואַרג־הענדלער. ווען מ׳איז באַלד נאָך דער באַפרייאונג געקומען נאָכפרעגן זיך, האָט זי פרום געטענהט: „דער באָש, מעסיע... קיין קריש אַפילו האָבן זיי נישט געלאָזן“...

ביי אַנדערע — האָט ער זיך געזאָגט, איסר — גייט מען נאָך אין די שפּורן פון זייערע מייסטער, מען ציטערט איבער אַ ליאַדע פאַרגעסן נאָ־טיץ־בלעטל. די ווערק פון אונדזערע מייסטער וואַלגערן זיך פאַרשטויבט אויף די בוידעמער, ווערן פאַרלוירן.

אַזוי איז, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, געשען אין איינעם אַ זומערדיקן פאַרנאַכט: ער האָט זיך דערזען שטיין אין דער אויסגעליידיקטער אַטעליע פון אַלטן מייסטער, אָנגעפּילט מיט אַ פאַרדומפּענעם שטויב, אונטערן גלאָז־דאַך, ביי דער שמאָלער שווינדל־שטיג, וואָס פירט צו די אויבערשטע גאַלעריעס. דאָרט האָט ער גערוט אונטערן דאַך, אין דער אויפלייג־שטול; דאָרט האָט ער געחלומט זיינע לעצטע חלומות. אַ געפּלאַצט, אַלטמאָדיש הילצערן בעט, מיט געשניצטע קאָפּ־שטיקער איז דאָרט נאָך געשטאַנען אויבן; אַ וואַנט־שפּיגל מיט פאַרגעלטע ראַנדן איבערן בעט. אין פאַר־

הויכטן שפּיגל, האָט זיך איסרן מיטאַמאָל געדאַכט, ציטערט דאָס זילבער־דיקע, גרויע געזיכט מיטן פאַרשפּיצטן בערדל פון מייסטער, זיינע וואַסער־דיק־פאַרבלויטע, קינדערישע אויגן אונטער די ווייסע ברעמען, ווי שטיק־לעך אייז אין פרילינגדיקע וואַסערלעך.

דאָ, אין דער אייביק־אָנגעוואָרפּענער אַטעליע, האָט ער נאָך אין די לעצטע יאָרן געפּרוווט אַרויסצובאַקומען פון רויען שטיין די געשטאַלט פון זיין טאַטן, דעם אָדערדיקן, פאַרוואַקסענעם ייד פון ווייסרוסלאַנד, ווי ער שטייט און דאַוונט, מיט של־ראש אויפן נידעריקן שטערן, מיט די אָנגע־וויקלטע רצועות אויף זיינע האָריקע הענט — אַ פּראָסטער בעל־מלאכה, אַ סטעלמאַך, אין דער טיף פאַר יענע פאַרלוירענע יידישע שטעטלעך.ביידע זענען זיי פאַרשוווּנדן פון דער אייראָפּעאישער לאַנדשאַפט, אי דער טאַטע, אי דער זון, דער בילדער־הויערער, וואָס האָט געשניטן געשטאַלטן אין רויען שטיין און אין איידעלן, ווייסן מאַרמאָר, ווי פּרויען־לייב. הייסט עס, אַז מען קען אָפּמעקן פעלקער און קולטורן פון פּנים פון דער ערד, אָן אַ שפור, אָן אַ זכר... דאָס האָט מער פון אַלץ וויי געטון.

פון צייט צו צייט האָט דאָס יינגל, זשאַק, אַ קלאַפּ געטון אין דער טירביים טאַטן. ער איז געקומען אומגעריכט אָנצולויפן פון לאַטייבישן קוואַר־טאַל, מיט ווינט, מיט נייע, מאָדנע אידייען און איינפאַלן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין טאַטן און האָט עפּעס דערכאַפּט אין זיין אומרואיקן בליק.

— לאָז עס גיין ווי ס׳גייט... — האָט דער זון אויסגעזען צו דערכאַפּן דעם אַלטנס ספקות.

— און איך, זעסטו, בנאַק, — האָט איסרס פינקלענדיקע בריל נאָכ־מער אויפגעלויכטן מיטן קראַנקן פייערל — בין עלטער געוואָרן אפשר מיט אַ גאַנצן יאָרהונדערט...

ס׳האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז דער אייגענער זון פאַרשטייט אים אפשר יאָ, נאָר ער וויל אים מער נישט פאַרשטיין, מאַכט אַלץ אַוועק; ס׳איז דער אומברחמנותדיקער, נאַטירלעכער גאַנג פון זאַכן. דער מאָראַלישער אָנהאַלט פונעם יינגל, פון גאַנצן אונטערגעוואַקסענעם דור, וואָס לעבט, ווי ס׳האָט זיך אים, צוערשט אויסגעוויזן, אָן אַ גאָט און אָן אַ טייוול, האָט אים אַלץ מער באַאומרואיקט. ער איז דאָ נישט געווען ווען זשאַק האָט געטון אַ וואַקס אונטער, ווייל ביז דער מלחמה איז ער דאָך נאָך געווען כמעט אַ קינד. ס׳יינגל איז פאַרבליבן אויף הפקר אין פאַריז, ווען ער מיט פּעליציען זענען אַוועק „אויף יענער זייט״, ווען אַלץ האָט זיך דערנאָך אַזוי קורץ און טרויע־ריק פאַרענדיקט.

דאָס בערדל פאַרשניצט, ווי אַ בלייפעדער, מער נישט געפלעגט ווי אַמאָל, איז געווען זילבערן און דורכזיכטיק. מ׳האָט נאָך אָבער אָנגעזען

זיין שיינעם קין פון אַן עקשן, אַן עקזאַלטירטן. די בריל האָט שאַרף אויפ־געפינקלט ביי אַ ליאַדע־וואָס. די קינדעריש־פּאַרבלויטע אויגן האָבן נאָך אַלץ געלויכטן מיט אַן אומבאַקאַנט, פרעמד פייער.

— ס׳איז נישט איינמאָל „דאָרט" אויסגעקומען צו טראַכטן וועגן דיר, מיין יינגל... כ׳האָב פונדעסטוועגן אַ ביסל מורא געהאַט. ביסט שוין גענוג דער־וואַקסן צו פאַרשטיין וואָס פאַר אַן אימפּעט ס׳האָט דעם טאַטן דיינעם אַ לעבן־לאַנג געטריבן. מיר, מיינס גלייכן, זענען שוין אפשר מענטשן פון אַן אַנדערן, פון אַ פאַרגעסענעם דור און די צוקונפט — דאָס ביסטו. אָבער אַזויווי ס׳קען נישט זיין קיין עתיד אָן אַן עבר, האָב איך אַביסל מורא געהאַט... מיר זענען אַ פּראָדוקט פון אַן אַנדער וועלט, מיר זענען פון איר דערצויגן געוואָרן, טאָ ווי זשע קענען מיר אין גרונט אַנדערש זיין מיט אונדזער גאַנצן דענקען, פילן און האַנדלען ? כ׳מיין, אַז דו פאַרשטייסט... מיר זענען אויך, אין אַ געוויסן זין, דער דור המדבר.

און זשאַק האָט אויסגעזען נישט אינגאַנצן צו פאַרשטיין פונעם פאָ־טערס אומגעריכטן שטראָם רייד. ער האָט זיך אין די עטלעכע יאָר אַליין אויך גענוג געמאַטערט אין די אָרעמע סטודענטן־צימערלעך פון לאַטיי־נישן קוואַרטאַל. ווען ער איז שוין געווען אויפן פאָרלעצטן קורס, האָט ער מיט איין מאָל אַלץ געוואָלט וואַרפן.

— ס׳איז נמאס... — איז ער איינמאָל שטיל און דערשלאָגן געקומען אָנקלאַפּן אין דער טיר ביים פאָטער — נאָך יאָרן צו פּטרן און — ווער ווייס...

און ער האָט אויסדערציילט, ווי אַ סך פון זיינע קאָלעגן האָבן אין דער מיט געוואָרפן דאָס לערנען, פאַרנעמען זיך מיט נאָך־מלחמהדיקע מסחרים, האַנדלען מיט די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, פאָרן אַרום אין אייגענע דזשיפּן, האָבן רייך חתונה. האָט ער אָנגעשריגן אויף אים, דער פאָטער, צוריקגע־טריבן אים צו זיין אָרעם צימערל, צו די ביכער. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך באַמיט דורכצוגיין אַלע שווערע עקזאַמענס, זיין דער ערשטער אומע־טום, ווייל זיין גורל, האָט ער געוווסט, אַז אַנדערש ווי דער ערשטער טאָר ער גאָר נישט זיין. ער האָט עס טאַקע געטראָגן אויף זיך ווי אַ לאַסט, ווי אַ גורל־זאַך. אַפילו די טעזע, וואָס ער האָט זיך אויסגעוויילט, האָט אויך געהאַט אַ גאָר נאָענטן שייכות דערצו — אַ טעזע וועגן היוכן בלוט־דרוק און האַרץ־קראַנקהייטן ביי יידן, ווי קראַנקהייטן, וואָס שטאַמען און שטעקן טיף אין די סאָציאַלע סיבות פון אַ שיכט. ס׳האָט אומגעריכט שטאַרק אויסגענומען ביי די פּראָפעסאָרן, ס׳האָט איבעראַשט צוליבן נייעם אָריינ־בליק, היפּש דאָקומענטירט און פעסט באַוויזן. ער האָט די באַווייזן וויט נישט באַדאַרפט צו לויפן זוכן. ער האָט זיי געפונען אַרום זיך, ביי זיין

אייגענעם פאָטער אין הויז, אין דער משפחה, ביי די אַלע צעטומלטע יידן, וועלכע ער האָט געקענט און וואָס זענען מאַסנווייז אויסגעראָטן געוואָרן. דער אַלטער פּראָפעסאָר האָט אים פונדעסטוועגן צולעצט זייער גוטמוטיק געראָטן:

— איך וואָלט אייך גע׳עצה׳ט, יונגערמאַן — האָט דער קלוגער פּראָפעסאָר אַרונטערגענומען די ברילן, אָנצוקוקן אים שאַרף — איר זאָלט צוריקפאָרן צו אייך... אין אייער לאַנד אַריין... צו פּראַקטיצירן...

— ווו איז דען מיין לאַנד? — איז דאָס יינגל אַ ווײַלע שטיינגעבליבן הילפלאָז; אָבער געענטפערט האָט ער באַלד דערנאָך דווקא מיטן גאַנצן קאַלטן בלוט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין אים: — מיין לאַנד, הער פּראָפעסאָר, איז פראַנקרייך... כ׳קען נישט קיין אַנדער לאַנד...

די ווייטע יידישקייט זשאַקס... ווי ער וואָלט זיך געשטיקט דערמיט; כאָטש ס׳האָבן באַלד נאָך דער באַפרייאונג געבלאָזן לינדע ווינטן — מ׳האָט אונדז געראַטעוועט, מ׳האָט רחמנות געהאַט אויף אונדז... ער האָט אָבער באַצייטנס איינגעזען, אַז אַזעלכע טראַכטענישן פירן אַוועק אויף פאַלשע וועגן. אין די רייד פון פאָטער האָט ער אויך דערפילט זיין אייגענעם אומרו. ער האָט מיט פלאַטער געטראַכט וועגן די מענטשן, וואָס האָבן אים געבוירן, דערצויגן, געזאָרגט פאַר אים, געציטערט איבער אים, אָפּגעהיטן אים פון אַלע קינדערישע שלאָפקייטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין, שוואַך, בלייך, בלוט־אָרעם יינגל. זיי האָבן אָבער געוואָלט, האָט ער זיך דערמאָנט, אָפּהיטן אים פאַר נאָך עפּעס, איינפלאַנצן אין אים עפּעס באַזונדערס, ווייט פון דער שול, פון דער גאַס, פון די חברים, פון גאַנצן פולסירנדיקן לעבן אין אָט דער וועלט, וואָס רינגלט אונדז אַרום; קיין אַנדערע וועלט האָט ער דאָך נישט געקענט.

דאָס מיידל בלאַנש איז געווען אַ ליבע, אַ העלע, אַ לאַכנדיקע. קיין סך דערפאַרונגען, אויסער מיט סיזאַנען, וואָס איז געווען אַ באַאיווע יוגנט־פאַרליבעניש, האָט ער דאָך נישט געהאַט.

— כ׳האָב אָבער געוווסט, אַז ביסט אין פּאַריז... — האָט זיך ס׳מיידל אָפן מודה געווען — אין אַזאַ פינצטערער צייט פאַר די... אייעריקע... דערפאַר בין איך געקומען.

ער איז נאָך אַלץ געווען אַביסל אומדרייסט מיט די מיידלעך פון זיין קרייז. אַפילו סיזאַן... דעם שניידערס מיידל אין דעם אַלטן הויז, האָט ער זיך באַנג דערמאָנט... בלאַנש האָט זיך אָבער אומגעריכט אַריינגעקריגן אין זיינע חלומות, אין זיין שווייגן, אין זיין פינצטערן שווייגן. זי האָט אַ כאַפּ געטון אַ ביכל פון טיש, געבלעטערט:

— צעשניטענע מענטשן... כ'האָב מורא, זשאַק... — און זי האָט צו־געשלאָסן די אויגן מיט די העלע, ציטערדיקע, זיידענע וויעס.

זי האָט זיך אַוועקגעוואָרפן אויפן נידעריקן שטול־אָנלען פון אַלטן שטיקל האָטעל־מעבל. די זומער־שפּרענקלעך אַרום נעזל, די האָר אירע פון אַן אַש־בלאָנד, איר העל לייב, האָבן געהאַט דעם ריח פון סאָסנע, צי פון דעמבן־בלעטער; אַזעלכעביימער וואַקסן דאָרט, אין זייערע קאַנטן, אין די בערג אַרום גרענאָבל. ס'איז אים שווער געווען אויפן געמיט מיטצולאַכן. ער איז צוגעפאַלן צום וואַרעמען האַלדז פון פּשוטן מיידל און ער האָט דער־פילט, ווי ס'קלאַפּט דאָרט, ס'פּולסירט אַ דין, דין אָדערל; ווי ס'ריזלט אַ לעבן; און ער האָט עס אומגעריכט ליב באַקומען, אָט דאָס פרעמדע לעבן.

און ווען ער איז איינמאָל געקומען צום פּאָטער, דערציילן אים וועגן דעם פרעמדן, נישט־יידישן מיידל, איז ער געוואָרן אינגאַנצן אַ פאַרענ־דערטער, דער פּאָטער:

— פאַרדרייסט זיך אפשר צו־פּרי דעם קאָפּ, יאַנקעלע... זי איז אַ ווילע, זאָגסטו...

— פּאָטער... — איז דאָס יינגל שטיינגעבליבן און מער קיין ווערטער נישט געפונען; און איסר האָט אין איין רגע שוין אַלץ פאַרשטאַנען; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'וועט גאָרנישט מער העלפן, ס'איז אַ געשעענע זאַך.

ס'מיידל איז דערנאָך אַליין געקומען אָנקלאַפּן אין דער טיר ביי איסרן. זי איז שטיינגעבליבן ביי דער שוועל. ס'איז געווען טרערן אין אירע שיינע אויגן.

— פּאָטער... — איז זי צוגעפאַלן קושן אים די הענט — כ'האָב ליב זשאַקן... כ'בעט דיך, פּאָטער...

האָט ער זי געקושט אין שטערן, דאָס פרעמדע מיידל, געגלעט די בלאָנדע האָר אירע און זיך דעמאָנט דערביי ווי אַזוי ס'איז ביי אים אַליין צוגעגאַנגען מיט פעליציען און מיט דער פאַריסענער משפּחה דעם טאַטנס אין וואַרשע.

זיין טאַטע, דער שטרענגער ווורקער חסיד, וואָלט זיכער אויסגעטון די זאָקן, אַוועקגעזעצט זיך שבעה און וואָלט מער פון זיין געדעכעניש נישט געוואָלט וויסן. ווייניק האָט זיך אָפּגעטון אין דער משפּחה, ווען ער איז געגאַנגען ווינען מיט פעליציען? באשר, זי איז נישט געווען פון זייער יחוס און שטאַנד... אמת טאַקע, קיין שמד איז עס נישט, אָבער פאָרט... ס'האַרץ האָט ווי געטון, כאָטש ער האָט קיין שום האַס און ביטול צו יענעם צד נישט געפילט, חלילה. פאַרקערט — ערלעכע, פּשוטע, שטילע אַרבעטס־

לייט. ער האָט עס אָבער נאָר פאַר זיך אַליין געוואָלט פאַרשטיין — וואָס האָט זיך דאָ געענדערט ביי אונדז?

דאָס מיידל איז געווען גליקלעך און איז באַלד צוריקגעלאָפן צום שטעטל אין די בערג. מען קען נישט זאָגן, דער פאָטער אירער, דער אַל־טער איטאַליענישער מויערער ווינצענטי, איז געווען נישט אומצופרידן; אַ סימן, ער האָט זיך באַלד געכאַפּט פאַרדרייען מיט די פאַרהילצערטע פינגער אַ סיגאַרעטל פון האַרטן, אַליין־אויסגעהאָדעוועטן טאַבאַק.

— טאָכטער! — האָט ער באַפוילן — ברענג צו אונדז זשאַקן. כ׳וועל שוין אַ רעד טון מיטן מער און מיט די איבעריקע דאָרט... מ׳עט עס שוין זען איינצואָרדענען... באָן־דיע...

ס׳איז געווען נאָך די רעקאָמענדאַציעס פון מער, פונעם גלח פון דער פּאַראַפיע, פונעם מאָנאַסטיר פון די הייליקע שוועסטערן, פון זשאַנדאַרן־קאָמיסאַר, ווי דער מוניציפּאַלער פויקער איז אַרויס אויפן מיטן פּלאַץ פאַר דער מערי און האָט עפנטלעך אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר אַרויס וועגן דעם נייעם דאָקטער. דער פויקער האָט זיך דערביי אויסגעגלעט די לאַנגע, ברוינע גאַליער־וואָנסן און מיט אַ וויכטיקן, שטייפן טראָט פאַרקירע־וועט צו די הויכע טרעפּלעך פון דער מערי. די אָפּגעשליסענע קינדער האָבן זיך באַלד פונאַנדערגעשאָטן אין די זייטיקע געסלעך, באַצייטנס אָנ־צוזאָגן עס די מוטערס; זיי זענען פאַרנומען געווען מיטן געוועש און ביים אונטערהאַלטן דאָס פייער אין די ענגע הויפלעך, פון וואַנען ס׳האָט זיך אויפגעהויבן ביז אין הימל אַריין דער שטיקנדיקער, אַראָמאַטישער רויך פון געטרוקנטע נאָדל־צווייגן.

איידער זשאַק האָט זיך אינסטאַלירט אין דעם שטעטל צווישן די בערג, האָט מען דערציילט, איז דאָ אויך געווען אַ יידישער דאָקטער, אַ רומעני־שער יונגערמאַן. לאַנג האָט ער דאָ אָבער נישט אָנגעהאַלטן. ער איז נישט געגאַנגען מיט זיי דאָרט אויף יאַגד נאָך די ווילדע פייגל אַרום דער קאַרפּן־סאַזשלקע, האָט זיך אַרומגעקריגט מיט דער הייליקער מאָנאַסטיר־שוועס־טער קלאָטילד, איז, קעגן דער אָנגענומענער שטייפקייט, געקומען אויפן יערלעכן באַל פון די אַרבעטער אין דער צעמענט־פאַבריק און אויף זייערע היציקע פאַרזאַמלונגען. נו, מער האָט מען נישט באַדאַרפט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אויף זיין טיר געפונען אויפשריפטן פון סמאָלע. דער יונגער דאָקטער האָט באַצייטנס געמוזט איינפּאַקן זיין וואַליזקעלע, איבער־לאָזן אַלץ און צוריק אומקערן זיך קיין פּאַריז מיט ליידיקע הענט. זשאַק האָט עס שוין אַלץ געוווסט פון פריער. אים, האָט ער געזאָגט, וועלן זיי אָבער נישט אָפּשרעקן.

באַלד אויפֿן אַנדערן טאָג איז געקומען צו אים אַן אַרבעטער פֿון דער צעמענט־פֿאַבריק מיט אַ בלוי־פֿאַרשוואָלענער האַנט.

— ס׳האָט דיר שוין עמיצער, זע איך, געשניטן מיטן פֿינצעט... — איז ער געוואָרן אויסער־זיך — ס׳האָט נישט געפֿעלט קיין סך ס׳זאָל זיך מאַכן אַ בלוט־פֿאַרגיפֿטונג...

דער נישט־געגאָלטער, מיטליאָריקער מאַן אין די גרויע אַרבעטס־קליידער, אין די האָלץ־טרעפּעס, האָט צוערשט פֿינצטער געשוויגן, גע־פֿינטלט מיט די געדיכטע, פֿאַרפּראָשעטע ברעמען און האָט לסוף מודה געווען, אַז דאָס האָט די הייליקע שוועסטער קלאָטילד אים געשניטן.

— מיין שוועסטער... — האָט ער זי נאָך אין זעלבן טאָג אָפּגעשטעלט אויפֿן פּלאַץ פֿאַר דער מערי, ביים שמאָלינקן קלויסטער־געסל, אַרט פֿאַרן מאָנומענט פֿאַר די געפֿאַלענע אין דער מלחמה פֿון 18־1914 — פֿון היינט אָן וויל איך נישט, אַז דו זאָלסט זיך באַנוצן מיט דיין פֿינצעט... זע וואָס האָסט אָפּגעטון... איך האָף, אַז מיר וועלן לעבן אין גוט־שכנהשאַפֿט... מיך וועסטו נישט אָפּשרעקן, ווי מיין קאָלעגע... אַ קאָמפּרעס — אין אַ נויט־פֿאַל און — נישט מער. מיט אַלעם איבעריקן דאַרפֿסטו זיך באַלד ווענדן צו מיר...

מיט איר גרויסן, זילבערנעם צלם אויף דער גרויער סוטאַנע, מיטן אַן־בלוטיקן, בוימלדיקן פּנימל, האָט זיך די הייליקע שוועסטער קלאָטילד אַרומגעדרייט אין אַלע אָרעמע הייזער פֿון שטעטל, געטיילט די קינדער פּילן, פּראָשקעס, וואָס האָבן גאָרנישט געטויגט פֿאַר זייערע קראַנקהייטן. זי האָט אַפֿילו נאָכן דאָקטערס פֿאָרוווּרף געמאַכט אַ זויערע מינע, אָבער פֿון דעמאָלט אָן איז איינגאַנצן שטיל געוואָרן.

דאָס יינגל זשאַן־פּיער, וואָס איז קורץ דערנאָך געבוירן געוואָרן, האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, אין קלויסטער אַריין צום טויפֿן נישט געפֿירט. זיי האָבן עס דאָרט אַפֿילו נישט געוואַגט צו ברענגען פֿאַרן מויל. ס׳איז אָבער פֿאָרט נישט געווען אַזוי איינפֿאַך. די הייליקע שוועסטער קלאָטילד, אין דער גרויער סוטאַנע, מיטן קראָכמאַליעטן הייבל, מיטן גרויסן זילבערנעם צלם אויף דער ברוסט, האָט זיך דאָרט נאָכאַנאַנד געדרייט אין הויז ביים יונגן דאָקטער. זי האָט אַלעמאָל געהאַט עפּעס שטיל אַדורכצורעדן מיט דער דינסט מאַרגעריט, אַן איינפֿאַך, דאָרפֿיש, פֿאַרזעסן מיידל, דאָ מיט בלאַנשן, און כמעט אַלעמאָל, ווען דער דאָקטער איז גראָד אין הויז נישט געווען. ווען זי האָט אַ קלונג געטון אין דער פֿאָרנטיקער טיר, איז איר דאָס יינגעלע, פֿון אַ יאָר צוויי־דריטהאַלבן, באַלד אַנטקעגנגעלאָפֿן:

— באָנזשור, מאַ סער! — האָט דאָס זיסע, העל־געלאָקטע יינגעלע שיין אויסגעזונגען.

ווייל זי האָט דאָרט אַלעמאָל געהאַט אין אירע טיפע פאַלדן און פאַר־הוילענע קעשענעס עפּעס אַ נאַשוואַרג פאַרן קליינוואַרג.

— און דאָס איז אַלץ?... — האָט די דאַרע, איבערגעוואַקסענע נאַנע אין דער קראָכמאַליעטער הויב אויסגעשטעלט אויפן קליינעם אַ פּאָר אויגן, אַז ס'קינד האָט זיך דערשראָקן.

דאָס דערשראָקענע ייִנגל האָט צוערשט נישט פאַרשטאַנען; ביז די דינסט מאַרגעריט האָט עס אים אונטערגעזאָגט, אַז ער זאָל צוגיין און קושן דעם גרויסן זילבערנעם צלם אויף דער ברוסט פון דער נאָנע. מ'האָט אָבער נישט באַדאַרפט, אַז זשאַק זאָל עס זען אַמאָל...

אין משך פון קילן פרילינג האָט דער אַלטער, געניטער מייסטער ווינ־צענטי, צוזאַמען מיט די פלינקע זין, איידער וואָס־ווען, אַרויפגעצויגן די פיר ווענט פונעם הויז; פעסטע ווענט פון רויען באַזאַלט־שטיין, דורכגע־מישט אינעם צעמענט, דערנאָך די שפּיציקע אויבער־שטיבלעך, דורכגע־קרייצט מיט בעלקעס, ווי מען בויט זיי דאָ, די פּיטאָרעסקע בערג־הייזער אין דעם קאַנט, מיט רויטע דאַכלקעס, מיט אַ הענגענדיקן גאַניק אויף סלופּעס, מיט אַ האָן אויפן דאַך.

אָנהייב יולי האָט זיך איסר, ווי געוויינלעך, אַ צעקאָכטער, אַ פאַר־שמייעטער, מיט טויזנט פּלענער און פּראָיעקטן, איבערלאָזנדיק פּאַריז, די פאָטאָגראַפישע אַטעליע, שיינדלען, אַראָפּגעכאַפּט אַהער און האָט זיך דאָ באַלד גענומען צום שטיקל אָפּגעצוימטן גאָרטן. ער האָט, ווי אַ ייִנגל, ווי אַמאָל, צוריק געפּלאַמט מיט פרייד און ענערגיע. אַלע האָבן געהאָלפן, די גאַנצע משפּחה, אויסער בלאַנש, וואָס איז, ווי אַלע פרומע קריסטלעכע ווייבלעך, שוין ווידער געווען אין די הויכע חדשים. די מוטער, די פויערטע, איז דער טאָכטער נאָכגעגאַנגען יעדן טריט, ווייל בלאַנש האָט זיך אַ ליאַדע טאָג געריכט אין קימפּעט אַריין.

פאַרנאַכט, נאָך אַ טאָג מי, האָט איסר מיטגעטרונקען מיטן אַלטן ווינ־צענטי אין דער קליינער, פּראָווינצער קאַפע „עדעלווייס"; ביידע געעל־טערטע לייט זענען לאַנג געזעסן צווישן די פעסער־טישלעך און דעם מאַ־סיוון טומבאַנק, געפּיפּקעט נאָכאַנאַנד און פאַרויכערט דעם נידעריקן, היל־צערנעם באַלקן.איסרן האָט זיך נאָר געוואָלט אַ זאָג טון „מחותן", אָבער גערופן האָט ער דעם אַלטן מיט דרך־ארץ, ווי דער שטייגער איז — מיי־סטער. ער האָט, אפשר ווי קיינער נישט, שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר זיינע געניטע הענט פון אַ מויערער. דער אַלטער, מיטן געלן מעטער אייביק פאַרשטעקט אין דער וועסטל־קעשענע, האָט ווירקלעך געטראָגן אין זיך די גאַנצע חשיבות פון אַ געניטן בעל־מלאכה, אַ צעך־מייסטער. דער יונגער

ווין פון די שיפּועים אַרום גרענאָבל האָט דאָסמאָל ענדלעך צעבונדן ביי זיי די צינגער.

— וואָס פאַראַ וועלט טיילט אונדז דען אָפּ? — האָט ער נאָר געוואָלט וויסן מיט פאַריבל, דער אַלטער מייסטער, און די בוימלדיקע אויגן אונטער די שטרענגע ווימפּערן, דאָס רויטלעכע פּנים, צעאַקערט פון בערג־ווינטן, האָבן געפינקלט ביי אים, אויפגעלויכטן פון יונגן ווין — אַ געמיינע וועלט, באָן־דיע... גאָר אַ געמיינע...

און ער האָט אויסגעשפּיגן. איסר האָט קלוג און פריילעך מסכּים געווען און האָט מיט אַלע כּוחות נאָכגעהאַלטן דעם אַלטן מייסטער ביים גלעזל.

— מיין מיידל — האָט זיך דער מחותן אָנגעבויגן נאָענט צו אים — איז אַן אַרבעטער־מיידל. כ׳האָב געהאַט, גלויב מיר, גאָר שווערע צייטן... כ׳בין אַנטלאָפן פון מוסאָליניִן, געהאָלפן בויען די מעטראָ אין פּאַריז, גע־בויט הייזער, געשטרייקט אין דער רענאָ־פאַבריק און ס׳האָט מיך לסוף צוריקגעפירט אַהער, צום שטעטל אין די בערג. איך אַליין שטאַם אויך פון אַזאַ שטעטל אין די בערג אין דער לאָמבאַרדיע. זיי לאָזן דען דאָרט לעבן ס׳אָרעמע פאָלק? זיי לאָזן דען באַאַרבעטן ס׳שטיקל פעלד, וואָס אַלצאיינס פּוסטעוועט עס ביי אונדזערע פּריצים, ס׳מערט זיך ווילדגראָז, אָנשטאָט פּרוכטן, צו שפּייזן מענטש און בהמה... לאָזן זיי אָבער נישט, באָן־דיע...

## 12

אַזוי אומגעריכט האָט זיך איסר אין איינעם אַ פרימאָרגן אויפגעכאַפּט מיטן מאָדנעם באַוווסטזיין, אַז ער איז שוין טאַקע אַ בן־חמישים; פּופּציק יאָר הייסט עס — ס׳איז דער פרי־האַרבסט, ס׳איז די קילע, זוניקע, פּילאַ־זאָפישע פּאַרטראַכטקייט; דער פּאַרלאַנגזאַמער טראָט שאַרט באַדאַכט צווישן שטילן שורש פון די אָנגעפאַלענע בלעטער...

ווי אַ פּאָר איינפאַכע ווערטער קענען אַמאָל אַזוי וואַרעם אויפרודערן ס׳איבערגעלאָדענע געמיט. דעם אומגעריכטן בריוו האָט די הויז־וועכטערין אין יענעם פרימאָרגן אַרונטערגעלייגט אונטער דער טיר ביי אים. ס׳זענען געווען די רירנדיקע פּאָר ווערטער פונעם יינגל אין לאַ־ראָשע. זיי האָבן אים אין יענעם פרימאָרגן פון שפּעטן, זוניקן סעפּטעמבער צוריק אַריינ־געוואָרפן אין זיין געוויינלעכן אומרו און טראַנס. דאָס יינגל, וואָס איז שוין אויך געווען אַ טאַטע, אינסטאַלירט מיט זיין דאָקטער־קאַבינעט אין פאַר־וואָרפענעם שטעטל צווישן בערג, האָט אָבער געוווסט, ביי וועלכן שוואַכן

פונקט אים אָנצורירן. דאָס האָט ער געדענקט אים אָנצושרייבן גענוי, דעם טאָג פון זיין געבורט. „טאַטע — האָט זיך געלייענט אינעם קורצן יידישן בריוול מיט דער רירנדיק־קינדערישער האַנטשריפט — היינט ווערט דיר פופציק יאָר. כ׳ווינטש דיר אַ סך נחת און גליק... אַז אַלע טרוימען פון דיין יוגנט זאָלן מקוים ווערן״...

ווען האָט ער דען אַמאָל צייט געהאַט צו געדענקען און צו ציילן די געבורטסטעג? אַז אַ ליאַדע ווער — האָט ער זיך געוויצלט — איז היינט אַ פופציקער. ס׳איז נישט געווען אין זיין טבע כסדר צו פרעסן זיך אַליין מיט נאָכטראַכטעבישן, יאַדען זיך, ווי אַנדערע, איבער אַ ליאַדע גאַרנישט. אָבער די לעצטע פאָר נעכט האָט ער, ווי לאַנג נישט, געהאַט זייער שלעכטע, שלאָפלאָזע. אפנים טאַקע — אַז די עלטער... ער איז לאַנג, מיט אָפענע אויגן, אָפּגעלעגן אין גרויסן, ליידיקן בעט און נאָכגעקלערט; געליטן האָט ער פון גאָרנישט — אַוודאי, מ׳איז געוויינלעך אַ ביסל מער אָפּגעהיטענער מיטן עסן; געזונטע ציינער, אַ שאַרפע ראיה, כאָטש די בריל נוצט אים גאַנץ גוט אָוונט־צייט אַריינצוקוקן אין אַ ביכל. נאָר פונדעסטוועגן — צי האָט ער דען נישט לאַנגע יאָרן געלעבט מיטן געפיל, אַז דאָס אַלץ דאָ איז נאָר — פאַרבייגייענדיק, אויף דערווייל? אַז מען וועט זיך נאָך אַמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, אַרויפכאַפּן און אומקערן זיך אַהין, צו זיך אַהיים, צו זיינע יידן דאָרט, צו אַ באַפרייטער וועלט... ער האָט זי געזען, די באַפרייטע וועלט, אין עקסטאַז פון יענע יאָרן — די שטרייקן, די גאַסן־קאַמפן אויפן טעאַטער־פּלאַץ...

נישט אומזיסט איז ער נאָך אַלץ געווען אַביסל האַמעטנע מיט מענטשן. מ׳דאַרף, האָט ער זיך געזאָגט, זיין אַ ביסל מער עלאַסטיש, וויסן — ווו, ווען, ווי אַזוי און מיט וועמען. וואָס זענען דען מענטשן שולדיק? און ער האָט נאָך אַלץ געלעבט מיט יינגלשע טרוימערייען. איינמאָל אַוועקגעשוווּמען פון היימישן ברעג, אין דער וועלט אַריין, איז פאַרפאַלן, מער קיינמאָל נישט אומצוקערן זיך.

צי דורכן האַלב־אָפענעם פענצטער, צי פון הינטער שווערע טירן און ווענט אין דעם אַלטן הויז, האָט מען פרימאָרגנס ערגעץ ביי אַ שכן דעם ראַדיאָ־הילכער געלאָזן גיין אַביסל שטאַרקער ווי געוויינלעך. ס׳איז געווען אַ פעסטע, מעטאַלענע שטים, פונקט אַזעלכע, האָט עס אים דערמאַנט, ווי אין יענעם טרויעריקן סעפטעמבער־פרימאָרגן... 1939. אויך דעמאָלט האָט דער ראַדיאָ אַזוי מעטאַלערן געהילכט, אין אַזאַ זוניקן, ראָזן, פרישן סעפּטעמבער־פרימאָרגן, וואָס האָט זיך שאַרף און קרום דורכגעשלאָגן די פאַר־האַנגען אין ווינקלען סופּיט מיט דער אָפּגעריבענער אָרנאַמענטיק. איצט איז איבער די צימערן געשטאַנען אַ מיטזומערדיקע, פאַרשטיקטע דעמפּי־

קייט; די לאַדנס — פֿאַרהעמערט, די ווענט און דער סופֿיט — פֿול מיט טויטע פֿליגן. די גאַס אונטן האָט ווי געוויינלעך וואָכעדיק געראַשט, די שויבן האָבן געציטערט פֿון די אָנפֿאָרנדיקע לאַסט־וועגן. ער האָט זיך מיט אימפּעט אַ ריס געטון און שוין באַלד אויפֿן אָרט געוואָלט וואַרפֿן זיך צום אָנגעצויגענעם לייוונט, צו דער פֿאַרטריקנטער פּאַליטרע, וואָס איז שוין זייער לאַנג געלעגן פֿאַרשטעקט ערגעץ אין קעמערל. ער איז שטיינגעבליבן אין דער מיט פֿון די האַלב־טונקעלע צימערן, האָט פֿון גרויס איילִיקייט און צעשטרייטקייט פֿאַרגעסן אַ בערשטל צו טון דאָס קורצע, שאַרפֿע, צעשויבערטע קלין־בערדל איבערן אויפֿגעריסענעם העמד, אין דעם מאָרגן־ראָק, אַ צעכראַסטעטער. ס'איז נאָך אַלץ געווען יינגלערישקייט פֿון אַ באַהעם אין זיין צעפּלאָנטערטן שפּאַנען פֿון איין אויפֿגעריסענער טיר אין דער אַנדערער.

אין אַזאַ פֿרימאָרגן פֿון פֿרי־האַרבסט, ווען נישט אַלע זענען נאָך אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין פֿון די וואַקאַנסן, קלינגט מען געוויינלעך ביי אים זעלטן אין דער טיר פֿון פֿאָטאָגראַפֿישן אַנשטאַלט. ווי אַלעמאָל, האָט עס אים אומגעריכט צוריק אַ טראַג געטון קיין פּאַריז. ער האָט זיך דאָ איינער אַליין אומגעבלאָנקעט איבער דער שטאָט, איבער די גרויסע צימערן, פֿאַרגאַסן מיט קרומער, שאַרפֿער, פֿרי־האַרבסטיקער זון, אָנגעוואַלגערטע, פֿאַרשטויבטע, נישט־צוגעקליבענע. די דעקאָראַציעס זענען געווען אַרויסגערוקט אין דער מיט שטוב אַריין; די אַפּאַראַטן מיט די שוואַרץ־איבערגעדעקטע וואַלן זענען געווען אויסגעשטעלט ביי דער וואַנט. וויפֿל מאָל ער האָט זיך שוין געפּרוווט אַרויסצובאַקומען דעם געהעריקן טאָן און די הייסע, האַרבסטיקע קאָלירן פֿונעם שיטערן געוטל צופֿוסנס דער אַלטער, זשאַווערנדיקער קאַטעדראַלע, פֿון די טויבן, וואָס לאָזן זיך אַרונטער פֿון די אַלטע טורעמלעך. דאָס אַנעמישע גערטל, אין די הייסע פֿאַרבן פֿון פֿרי־האַרבסט, האָט אים אויפֿסניי געמאַכט אומרויִק; און דווקא דערפֿאַר, ווייל ס'איז געווען אַזאַ רויִקייט און אַזאַ באַשטענדיקייט אין אָט דער פּיטאָרעסקער לאַנדשאַפֿט, אין דער סאַמע מיט פֿון קאָכעדיקסטן, גרויסשטאָטישן פֿאַרקער. ווי שטאַרק ער האָט געבענקט נאָך רויִקער, פֿעסטער, איינגעזעסענער באַשטענדיקייט, נאָך אַזויפֿיל יאָרן לעבן אין דער פֿרעמד. וויפֿל לייוונטן ער האָט נישט פֿאַרשמירט, טאַקע פֿון דאַנען אויס, פֿון זיין ברייטן, אַלטמאָדישן באַלקאָן, און ער האָט זיי סוף כל סוף אַלע ערגעץ פֿאַרוואָרפֿן.

אַלץ האָט זיך אין יענעם פֿרימאָרגן געגומען צוליבן אומגעריכטן בריוועלע פֿון לאַ ראָשע. ער האָט גוט געוווּסט, אַז דאָס טוט ער אים נאָר צוליב, דאָס יינגל, אַז ער וויל פֿאַרשאַפֿן דעם טאַטן אַביסל פֿאַרגעניגן מיט די

פּאָר קינדעריש־געשריבענע, פּשוטע יידישע ווערטער... אָבער אין גרונט גענומען... אַצינד, ווען דער זון האָט, נאָך אַזויפיל שוועריקייטן, גענענדיקט מעדיצין, האָט איידער וואָס־ווען חתונה געהאַט מיט אַ פראַנצויזיש מיידל פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג, באַזעצט זיך אין שטעטל צווישן בערג און וועלדער, האָט ער געלעבט נאָכמער צוריקגעצויגן ווי פריער; ווי ער אַליין וואָלט אַלע זיינע חשבונות שוין געהאַט פאַרענדיקט. ער איז געוועזן מיד, גרוי, צעבראָכן. ער האָט אים דאָרט איבערגעלאָזן דאָס הייזל. ס'איז פאַר דער צייט פאַרוואָרלאָזט געוואָרן. אַמאָל איז עס געווען געדיכט איינגעטונקט אין גרינס, צעגראָבענע בייטן, געפלעגט, באַשאָטן מיט בלומען און היימישע קרייטעכצער. ער האָט עס דאָרט איבערגעבויט, דער אַלטער מייסטער ווינצענטי, אויסגעברייטערט און אַצינד איז עס אַ קליינע, צוויישטאָקיקע ווילע, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אין אַ זייט לעבן פּלאַץ פון דער מערי.

מען קען נישט זאָגן, ער האָט נחת געהאַט פונעם זון. זיי האָבן זיך אַפילו גוט איינגעלעבט מיט דער פרעמדלעכער משפּחה — איינפאַכע מענטשן, האַלבע דאָרפסלייט. אויפן געבורטס־טאָג פון די יינגלעך, סוף אויגוסט, אָדער אויף ניי־יאָר, האָט דער טאַטע אומבאַדינגט געמוזט אַראָפּקומען צום זון אין הויז אַריין.

נאָכן פייערלעכן און פריילעכן פעסט־מאָל, זומער־צייט, האָבן זיך צונויפגענומען די שכנים, אָנגעזעענע איינוווינער פון שטעטל — דער נאָטאַר, דער דירעקטאָר פון דער צעמענט־פאַבריק, דער אינזשעניער, דער אַפּטייקער, דער מער, דער איבערגעוואַקסענער פּאַטראָן פון דער קאַפע „עדעלווייס“, דער דיקער, סאַנגוויניקער קאָמיסאַר פון דער זשאַנדאַרמעריע; אַרויפגעוואָרפן די יעגער־ביקסן אויף די אַקסלען, האָבן זיי הילכיק גערופן פאַרן אויבערשטן, אָפּענעם פענצטערל דעם יינגן דאָקטער:

— מסיע זשאַק — האָבן זיי גערופן — איילט אייך צו... דער אויטאָ וואַרט...

און זיי האָבן זיך אַלע אַוועקגעלאָזן אויף יאַגד נאָך די ווילדע רויבפויגלען ביי דער קאַרפּן־סאַזשלקע; דאָס זענען געווען לאַנגע, ווייסע רויבפויגלען, אַביסל ענלעך צו ים־מעוועס, וואָס טשאַטעווען לאַנג צווישן די איבערגעבויגענע בערעזעס און ווייניקע ווערבעסביים ברעג סאַזשלקע, און פּלוצים, ווי אַ פיילן־שאָס, לאָזן זיי זיך אַרונטער פון דער הויך און כאַפּן אויף אין די שפּיציקע שנאָבלען די גאָלדיקע קאַרפּן, וואָס ראָיען זיך געדיכט, צווישן די בלאָטיקע קעמפּעס. אין קליינעם, אָפּענעם לאַסט־אויטאָ זענען זיי אַלע וויכטיק געווען צעזעצט, אין די גרינע קאַפּעלושלעך, מיט די פעדערן פון הינטן, מיט די פרייכנדיקע הינט ביי זייערע פיס, וואָס

האָבן געהאַט אַרויסגעשטעקטע, ראָזע צונגען; זיי זענען געווען באַהאָנגען מיט קאָמישע טרומייטערס און אַנדערע בלאָז־כלים, ווי פאַרדרייטע הירשן־הערנער, פאַרוואָרפן אין דער קרום איבער די אַקסלען אויף אַ רויט שנירל. דעם פּיקניק האָט מען געפּראַוועט טאַקע נאָנט פון דער פאַרוואַקסענער קאַרפּן־סאַזשלקע, אין טיפן גראָז. די ווייבער, וואָס האָבן אַלע זייערע קויש־לעך און פּאַקעטן צוזאַמענגעלייגט, האָבן זיך באַלד געוואָלט נעמען צוגרייטן די סעודה, נאָר די צעיאַכמערטע מאַנסלייט האָבן זיי לאַכנדיק אַוועקגע־שטופּט, בשום־אופן נישט געלאָזן.

— דאָ געהערט די ווירטשאַפט, מיינע שיינע, צו די מענער... — האָט געלאַכט דער מער מיט דער היפּשער רויטער נאָז פון אַ געפּערלעכן ווייַן־טרינקער.

זיי האָבן אַליין אַרויסגעצויגן אויף די היפּשע בייכער די קורצע, חנוו־דיקע פאַרטוכלעך, טיף פאַרשאַרצט די אַרבל איבער די האָריקע הענט, געשניטן די געפּרעגלטע הינער, די גענדז, די קרוליקעס, די חזיר־פּולקעס, געלאָפן וואַשן דאָס געפעס ביים וואַסערל און געלאַכט מיט די פאַרויכערטע ציינער הינטער די וואָנסן, ביים אָנקלאַפּן זיך די גלעזלעך. דערנאָך זענען זיי אַלע אַוועק אויף פויגל־פאַנג. ס'איז געווען דער יערלעכער פויגל־פאַנג פון סוף אויגוסט. זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעוואָרפן אין אַ לאַנגער קאָלאָנע, געטרומייטערט מיט משונהדיקע קולות אין די בלאָז־אינסטרומענטן, צו־זאַמען מיט די הינט, אַראָפּגעלאָזן זיך און באַלאַגערט אַרום און אַרום די סאַזשלקע. אָבער די פייגל, וואָס האָבן זיך געקליבן אין די בערעזע־ און ווערבע־צווייגן, האָבן זיך מיט אַן איבערגעשראָקענעם פליגל־געפּאָך באַ־צייטנס געהאַט אָפּגעטראָגן. זיי האָבן אין אַ לאַנגער ליניע, אין צעשראָ־קענעם קוואַקערן, געצויגן צו די וואַלד־הויכקייטן. הויך איבער דער סאַזשלקע זענען געפאַלן שאָסן. די הינט זענען פאַרפאַלן געוואָרן אין די הויכע, טיפע גראָזן און זענען אַלעמאָל געקומען אָנצולויפן מיט אַ פאַר־בלוטיקטן, צאַפּלענדיקן פויגל אין די ראָזע פּיסקעס. דערנאָך האָבן זיי אויסגעקליבן צוויי דיקלעכע סאָסנע־ביימער פאַר אַ ציל־ברעט, אָנגע־צייכנט רעדלעך און פאַרוועט זיך, אַז ווער ס'וועט טרעפן אין דער סאַמע מיט, וועט געווינען דעם קוש פון שענסטן צווישן די ווייבלעך. (פאַרשטייט זיך, אַז נישט דאָס אייגענע ווייב — וואָס איז די חכמה ?). דאָס חנוודיקע ווייבל מיט די גאָלדענע צעפּ, דעם הויכן קאָפּע־אייגנטימערס ווייבל, האָט שוין באַצייטנס געלאַכט, געקוויטשעט היסטעריש, איז אַנטלאָפן, און דער מאַן אַליין האָט זי געמוזט לויפן כאַפּן, זי זאָל זיך לאָזן אַ קוש טון פון קורצ־זיכטיקן אַפּטייקער מיט דער אַלטמאָדישער בריל, צי פון גראָבן, רויטן זשאַנדאַרן־קאָמיסאַר. די ווייבער האָבן פאַרהילכט מיט געלעכטערן יעדעס

מאָל, ווען עמיצער האָט פּינקטלעך געטראָפן אין די סאָסנע־ביימער, און זענען גלייך אַליין מיטגעלאָפן קאָנטראָלירן.

איסר איז צוערשט אויך שטאַרק פאַרקאָכט געווען אין דער שפּיל. ס'איז אים געגאַנגען אין גאַנצן לעבן צו טרעפן, אָבער דער שרויט פון זיין צוויי־רעדריקער ביקס איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן היפּש העכער, צווישן די צווייגן, די בריל איז אים פאַרפאָרן ערגעץ אין שטערן אַריין, דאָס גרויע בערדל האָט זיך אים געשויבערט. אַלע זענען געשטאַנען אַרום און פריילעך נאָכגעשפּעט אים, מיט זיין ציגן־בערדל: „מע־ע־ע"... ער האָט מיטגעלאַכט, געוויילט זיך, נאָר ס'איז אים פאָרט אומעטיק געווען נאָך דעם אַלעמען. ער האָט בשום אופן נישט געקענט פרייען זיך אַזויווי זיי אַלע. די שנור, דער שווער, די שוויגער, וואָס האָבן שוין אַביסל געקענט זיינע פלוצימדיקע מיגרענעס, האָבן אים אָפּגעפירט צוריק צום זון אין הויז אַריין. איסר האָט זיך אַליין אויך שלעכט געפילט, וואָס ער פּאַסט זיך נישט אַריין אין אַלע זייערע קינדערישע שפּילערייען, אין זייער פּשוטער, יינגלשער פרייד. ער האָט זיך אַליין געהאַלטן אין איין מאַכן פאָרווורפן, זיך געגעסן לעבעדיקער־הייט, וואָס ער פאַרשטערט אַלעמאָל די משפּחה־פרייד, די פאַרוויילונגען צווישן פריינט. אַלטע יידישע וויטיקן האָבן אים מסתמא געגעסן. ווער ווייס? ער האָט זיך אָבער נישט געקענט העלפן. ער האָט זיך ביים זון לאַנג דערפאַר נישט פאַרהאַלטן, אָפּגעוועזן אַ פּאָר וואָכן, אָנגעפרייט זיך מיט די זיסע אייניקלעך און איז צוריקגעלאָפן קיין פּאַריז.

דאָסזעלבע אויך — ווען ס'איז אויסגעפאַלן דער קריסטלעכער ניי־יאָר. איסר האָט אָנגעברענגט פאַר די אייניקלעך אַ פולע שטוב מיט שפּי־לעכלעך. אין גרויסן זאַל מיט די פאַרצויגענע גירלאַנדעס און קרענץ, אַרום פול־באַשטעלטן טיש, איז שוין באַצייטנס געווען אין ווינקל לעבן פענצטער, דער ניי־יאָר־בוים און די קינדער זענען דאָרט אַרומגעשפּרונ־גען. דאָס דריטהאַלבן־יאָריקע אייניקל זשאַן־פּיער האָט געטופּעט מיט די פיסלעך, געפרייט זיך מיט די אָנגעצונדענע רויטע, גרינע און בלויע ליכט־לעך אויף די צווייגן. „דע בוזי" (בוזשי — ליכטלעך) — האָט דער קליי־נער נישט געקענט אויסרעדן „בוזשי", געפּאַטשט מיט די הענטלעך און זיך געפרייט.

אַלע אין שטוב זענען שוין געהאַט אַוועק צו דער מעסע פון מיטן־נאַכט, אין דער שטיינערנער קירכע אויפן בערגל. אין דרויסן איז געלעגן אַ שטילע, אויסגעשטערנטע ווינטער־נאַכט. פון אַלע פענצטער אין באַר־גיקן, צעשאָטענעם שטעטל האָט זיך יום־טובדיק געלויכטן. ס'איז ווירקלעך געווען עפּעס פאָרכטיק־הייליקס און פייערלעכס אין אָט דער קריסטלעכער ניי־יאָר־נאַכט, אין די געזאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן, אַפילו אינעם

פאַרטויבטן גלעקלען פון די שליטלעך, וואָס זענען זיך צונויפגעפאָרן אַרום דער קליינער קירכע.

— כ׳ווייס, אַז ס׳קאָסט דיר געזונט, טאַטע — האָט ער גערעדט צו אים, דער זון, אין אַמאַליקן וואָלינערישן יידיש פון דער מאַמעס ווייטער, אונ־טערגעגאַנגענער היים, ווען ער איז אַרויפגעקומען צו אים אויפן אויבערשטן גאָרן; און כדי אים אַביסל אויפצומונטערן, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט, די הענט פאַרלייגט, און יינגלעריש־צעפלאַמט, ווי אַמאָל, אָפּרעציטירט דאָס ליד פון די שיינע, פֿייערלעכע חנוכה־אָוונטן אין הויז ביי זיי, ווען ס׳איז גע־ווען פול מיט געסט, ס׳איז געווען וואַרעם, רוישיק, פעליציע איז אַלעמאָל אַריינגעלאָפן אַ צעפלאַמטע פון קיך, און ס׳האָבן זיך געטראָגן איבער די צימערן די געשמאַקע ריחות פון לאַטקעס:

אָ, איר קליינע ליכטעלעך,<br>
איר דערציילט געשיכטעלעך,<br>
מעשהלעך אָן אַ צאָל... — — —<br>
ייד, דו האָסט געקריגט אַמאָל,<br>
ייד, דו האָסט געזיגט אַמאָל...

מיר האָבן אַמאָל געבענקט נאָך דער פאַרנאַכטיקער, זומערדיקער גאַס, הינטערן פענצטער; זי רוישט נאָך אַלץ ערגעץ ווייט אין אונדזער געמיט, — די האַלב־פאַרגעסענע מעלאָדיעס פון דער ווייטער קינדהייט. צי ווייס ער, זשאַק, עס כאַטש פאַרשטיין? און ווען ער האָט אין יענעם ניי־יאָר אָוועקגעשטעלט זיך און אָפּרעציטירט „אָ, איר קליינע ליכטעלעך״, האָט זיך, קעגן זיין ווילן, געזילבערט אַ טרער אין אויג ביי איסרן.

— אַז כ׳וועל שטאַרבן — האָט ער געזאָגט, איסר — וועסטו אפשר ס׳יינגל אָפּשמדן אויך... ווער ווייס?

— טאַטע... — האָט דער זון אָנגעהויבן און איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

גייענדיק מיטן אייניקל ביי דער האַנט, האָט איסר אויסגעמיטן די ווייס־פאַרשטויבטע לייט פון שטעטל אין זייערע אָפּגעשליסענע אַרבעטס־קליידער, אין די שווערע האַלץ־טרעפּעס, ווען די סירענעס איבערן באַר־גיקן קאַנט, צווישן די וועלדער, האָבן געפייפט צום פאַרענדיקן דעם אַר־בעט־טאָג. זיי האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אין אַ געדיכטער מאַסע פון די ברייט־אויפגעמאַכטע טויערן פון דער ציגל־פאַבריק, פון דער צעמענט־פאַבריק, פון די שטיין־קאַריערן, ווי פון אַ תפיסה. די סירענע האָט באַ־גינען געוועקט צו דער אַרבעט, זי האָט געפייפט אויף מיטאָג, זי האָט דעם

גאַנצן טאָג געפּייפט. ס'איז געווען פאַרביטערונג אין זייער טעמפּן בליק
פון אונטער די קרומע דאַשיקעס און ווייס־פאַרפּראָשעטע ברעמען. די קינ־
דער האָבן זיך ביי זיי שווער געהאָדעוועט. אַרום די נידעריקע פאַבריק־
באַראַקן האָבן די מאָגערע ווייבער דעם גאַנצן טאָג געאַרבעט אין שטיקל
אָפּגעטיילטן גאָרטן, אויסצויעטן דאָס ווילד־גראָז, אַרויסצוקלייבן די שטיי־
נער, אין דער באַלעבאַטישקייט. פאַרנאַכט האָבן זיי געקאָכט פאַר די הייז־
לעך, אין די קליינע, אָפּגעצוימטע הייף, אויף געטרוקנטע צווייגן גרויסע
טעפּ. דער שטיקנדיקער רויך, אָנגעזאַפּט מיט סאָסנע־ריחות, האָט זיך
געטראָגן אין דער קרום נידעריק אונטערן פייכטן הימל. די קינדער זענען
אַרומגעלאָפן באָרוועסע און אויפן פייפן פון דער צעמענט־פאַבריק, האָבן
זיי זיך אַרויסגעשאָטן כמאַרעסווייז פאַר די שטאַכעטן־פּלויטלעך.

— פּעטיאָ!... — האָבן זיי גערופן, די מאָגערע ווייבער, מיט די איי־
ביק־פאַרהויבענע, מעוברתע בייכער הינטער די פאַרטוכער — די אויטאָס
ווערן נאָך צעקוועטשן, באָן־דיע...

די קינדער זענען אָפּט אַוועקגעפאַלן אויף שאַרלעך, אויף בויך־קראַמפּן
און אין טריבן פאַרנאַכט, ביים דינעם גלעקערן פון קירכע־טורעמל, האָט
מען זיי אַוועקגעפירט צום צווינטער אין אַ קליין, נישט־געהובלט טרומ־
נעלע. אָפּט איז מען געלאָפן אַרויף מיט דער גאַס צום נייעם דאָקטער.

ער האָט געפילט, אַז ער שטערט אים אפשר, זשאַקן. טאַקע, נאָכוואָס
צעשטערן אים זיין אָפּגעפרעמדטע וועלט? זי איז, נאָך אַלעמען, זיינע, די
וועלט; און ער איז צוריק אַנטלאָפן קיין פּאַריז, צו זיך אַליין.

אויף די יידישע קינדער, האָט ער איינגעזען, דריקט אַן אַנדער לאַסט.
זיי זענען די שוועל, דער איבערגאַנג. אין די פאַר־מלחמה־יאָרן, פאַרן
קאַטאַקליזם, איז גאָר קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו טראַכטן דערפון.
אַצינד, אומקערנדיק זיך פון גיהנום, ווו אַ פאָלק איז אויסגעריסן געוואָרן
מיטן וואָרצל, האָט ער זיך מיטאַמאָל געפרעגט, צי מעג ער עס דערלאָזן,
אַז זיין אייגן קינד זאָל אויך אַוועקגיין פון די לעצטע, אַוועקגיין אין לאַגער
פון די שטאַרקערע. ס'איז געווען אַ האַרב געפיל און אַ האַרבע קשיא פאַרן
אייגענעם געוויסן. צי מעג ער עס?

און נישט בלויז — דער עלנט; ער, וואָס האָט, אין געלן ווינט, געזען
ציען לאַנגע רייען צו די קרעמאַטאָריעס, ער האָט אַצינד צוריק גענומען
זיך צו גלויבן. צוריק אויפשטעלן אַ יידישע היים איז געוואָרן פאַר אים אַ
גרויסע מיסיע. זי איז אַ ווייבל פון פאָלק, די שיינדל... אין איר בזשע־
זשינער דיאַלעקט ליגט דער געזונטער ריח פון דורות יידישע שניידערס
אויף דער אַלטער פּוילישער ערד. זי האָט זיך נישט שטאַרק געעלטערט.
אין דער מאַטקייט פון איר אויסגעקנאָטן לייב, האָט ער געפילט, ליגט נאָך

די געזונטע, פּרוכטבאַרע פּאַטענץ פון נישט־געבוירענע קינדער. דורך דער מאַמען האָט ער אויך געזען ס'מיידל אירס, אַביסל אַ פּאַרגרינטע. ס'איז געווען די גרינקייט פון אַ נאַכנישט־אויסגעשטאַנענעם עפּל; די שיינע פאַר־רויטלטקייט, דאָס אָנגעברוגזטע ליפּל, די נאַכלעסיקע לעקעלעך אויפן ווייסן נאַקן און די מאַטע הויט, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך אַ סך זון.

דאָס טיר־גלעקל האָט דאָרט אָוונט־צייט פריילעך אַ קלונג־געטון איבער די ליידיקע צימערן. פאַרוואָס לייקענען? — דאָס ווייבל איז איסרן ווילגעפעלן מיטן סלאַוויש־יידישן שניט פון אירע אויגן, מיטן פאַרהויי־בענעם נעזל און אירע דיקלעכע זינלעכע ליפּן. און ווי דער פאַרשטויב־טער ייד וואָלט זיך שוין אַלעמאָל אָוונט־צייט געריכט אויף איר קומען. מען קען נישט מער אין אַזאַ צייט לעבן אַליין, ווי אַ הונט אין דער נאָרע. ס'בלאָזט אַ טרויער און אַ קעלט, ווען מען פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר; מ'האָט פּלוצים מורא צו פאַרבלייבן איינער אַליין, צווישן די פיר ווענט. ס'איז די אַנדערע וועלט, אַ באַהאַלטענע הינטער רייד און שמייכלעך, וואָס שטייט אויף, ווען מען דרייט איבער דעם שלאָס הינטער זיך. אין מויל פונעם ווייבל האָט דאָס איינפאַכע, געדיכטע יידישע לשון פון יענע פּוי־לישע שטעטלעך געקלונגען אין זיינע אויערן ווי מוזיק ממש.

און איסרן איז געקומען אויפן זינען די געשיכטע פון בועזן מיט רותן; ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט־אָט, האָט ער פּאָרט געפונען עפּעס אַ וויי־טערדיקן אָנהאַלט. ער האָט לאַנג אַדורכגעקלערט, ביז ער האָט איינמאָל אַוועקגעזעצט זיך און אָנגעשריבן צום ייִנגל אין לאָ ראָשע. מיט צער און מחילה האָט ער געשריבן, ווייל ער האָט דורכאויס געהאַלטן, אַז ער טאָר אפשר אַזאַ זאַך נישט אָפּטון אָנעם ייִנגלס ווייסן. „פאָטער — האָט דאָס ייִנגל באַלד דערנאָך געענטפערט — טו ווי דיין ווילן איז; מילא, די מאַמע... ביסט אַ דערוואַקסענער מענטש". מיט ציטערדיקע פינגער האָט ער לאַנג געהאַלטן דעם בריוו אין דער האַנט און ווי ער וואָלט געפילט אויף זיך דעם ייִנגלס בליקן, מער נישט פון אַ קינד, נאָר פון אַ דערוואַקסענעם, פון אַ מאַן.

דאָס ווייבל האָט דאָרט איינמאָל ערגעץ אַ כאַפּ געטון פון אַ ווינקל אַ באַרשט, אַ שמאַטע, אַ קער געטון, אַ וויש געטון, ווי ס'וואָלט געווען אין איר אייגענער שטוב. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטויב ביז אונטערן סופיט; ער האָט זיך צוגעקוקט פון דער זייט, איז מאָדנע צופרידן געווען און נישט־ווילנדיק געשמייכלט. ס'אויג אונטער דער בריל האָט פייכט אויפגעפינקלט. ס'איז אָנגענעם געווען צוצוזען עס, צו פילן, אַז אַ לעבעדיקער מענטש באַוועגט זיך איבער דער שטוב.

— ווען איר ווייסט אַלץ, מעסיע ראָזענבערג... — האָט זיך שיינדל צוגעזעצט נאָענט לעבן אים און ער האָט טיף איינגעאָטעמט דעם איידעלן נעלקן־פּאַרפום, מיט וועלכן אירע קליידער זענען געווען דורכגעזאַפּט.

דערנאָך איז זי שטיינגעבליבן אין דער מיט שטוב, אַ היימישע, אַ צערויטלטע, מיט דער קער־באַרשט אין דער האַנט און האָט זיך אַרומגע־קוקט אויף די ווענט:

— מ׳וואָלט דאָ — האָט זי געזאָגט — באַדאַרפט מאַכן דעם אמתן רוים...

מען ווייסט גאָרנישט ווי אַזוי ס׳איז געשען, נאָר אין איינע עטלעכע וואָכן האָט שוין שיינדל דאָרט געוווינט ביי אים אין די צימערן, פאַרנומען זיך מיט דער באַלעבאַטישקייט, אַרומגערוימט; דאָ אַ פאָרהענגל, דאָרט אַ שפּיצן־סערוויעטל, אַ וואַזאָן־טעפּל אויף די פענצטער, אַ דיוואַניק אונ־טער די פיס, אַז ס׳איז אַ נחת געווען אַריינצוקומען אין הויז אַריין. כאָטש מיטן אַרומרוימען, האָט זיך די גרויסע פוסטקייט נאָכמער אָנגעזען. עטלעכע צימערן זענען אינגאַנצן געשטאַנען פאַרהאַקט. זי האָט מער נישט גערוט און האָט אים נישט געלאָזן צורו.

ס׳האָט זיך אַפּילו געלאָזן מערקן, אַז ער האָט זי גערן באַקומען, איסר. ער איז אָוונט־צייט מער נישט געזעסן אַליין. ס׳איז, נאָך אַלעמען, געוועזן איינפאַכקייט און פשוטע איבערגעגעבנקייט אין אָט דעם ווייבל. קיין סך, זעט אויס, האָט זי אין דעם פאַריז זיך נישט אויסגעלערנט, שיינדל. זי האָט זיך צוגעהאָרכט מיט פיל דרך־ארץ און אַזוי ווי מיט פאָרכט, ווען ער האָט איר אין די אָוונטן אינמיטן דערינען געגומען פאַרלייענען פון עפּעס אַ ביכל אַרויס. אָנגעזאָטלט מיט דער פייערלעך־אויפגעלויכטענער, פינקלענ־דיקער בריל; זי איז געווען פאַרגאַפט, ווי איסר איז געשטאַנען און גע־קוויקט זיך מיט אַ בילד, ווען ער האָט זי מיטגענומען אויף אַן אויסשטע־לונג. פון עפּעס אַזעלכע זאַכן האָט זי גאָר קיינמאָל אין איר לעבן נישט געוווסט. ס׳האָט איר שוין געגומען פאַרדריסן פאַר די יאָרן, וואָס זענען אַוועק אַזויווי אין נעפּל.

טאַקע, וואָס פאַראַ לעבן, מ׳שטיינסגעזאָגט, האָט זי דען פריער געהאַט ביי איטשלען? זי האָט געהאַדעוועט ס׳קינד, איז געווען פאַריאָגט אין שטוב, און זעלטן־ווען, אין אַ זונטיק אַמאָל, ווען ס׳איז געוואָרן שוואַכער די אַר־בעט, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען. איטשל איז כסדר פאַרנומען געווען מיט באַקוקן און באַשויען די ממזרישע שמד־שטיק זייערע, וואָס זיי האָבן דאָ אַלץ אַריינגעלייגט אין די פאַריזער נייע מאָדעלער צום פרילינג־סעזאָן און צום האַרבסט־סעזאָן, אין די פאַריסענע אויסשטעל־פענצטער אויף די גרויסע בולוואַרן. אַמאָל האָט מען זיך אַריינגעכאַפּט אין יידישן טעאַטער

אויף רי לאַנקרי, אַמאָל צו אַ לאַנדסמאַן, און איטשל האָט זיך באַלד פאַר־קאָכט אַוועקגעזעצט שפּילן אין אַ דערדל.

אָבער פּאַר סיזאַנען איז עס פּלוצים געווען, ווי די אייגענע מאַמע אירע וואָלט פאַרכאַפּט פאַר זיך דאָס הויז, ווו זשאַק האָט געלעבט, געאָטעמט, ווו זי האָט אַלץ נאָך בלינדערהייט געהאָפט, אַז ער וועט אין איינעם אַ טאָג צוריקקומען. ווי האָט זי דען געקענט דאָרט איבערטרעטן אַפילו די שוועל? די מאַמע איז אַזויווי יונגער געוואָרן. אירע וועלקנדיקע האָר, וואָס זענען אַמאָל געווען שיין און לופטיק, האָבן צוריק באַקומען עפּעס אַ נייעם, לע־בעדיקן אָפּגלאַנץ. און אפשר, איז סיזאַנען איינגעפאַלן, וועט אים נאָך די מאַמע געבוירן קינדער אויך. זי האָט אויך גענומען אויסמיידן אַנרין, איז מען נישט געגאַנגען מיט אים אויף די פּאַרזאַמלונגען, אין סינעמאַ; און אין איינעם אַ טאָג איז זי אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו דאָס מיידל האָט געקענט ערגעץ אַהינקומען. שיינדל האָט זיך געבראָכן די הענט, געקלאָגט, אַז זי וועט זיך אַ מעשה אָנטון. זי איז געלאָפן צו אַנרין, ער זאָל איר זען ראַטעווען.

אַנרי האָט שוין אָבער געוווּסט ווו זי צו לויפן אויפזוכן. ער איז געלאָפן אין די קאַפּייען פון די עקזיסטענציאַליסטן, אַרום סען־זשערמען. דאָרט האָבן אָוונט־צייט געבלענדט די נעאָן־פייערן, הינטער די ווענט פון דער אַלטער קירכע. דאָרט זענען געזעסן די יונגעלייט מיט די פאַרוואַקסענע, קרום־געשניטענע פּיאות און דין־געפּלעגטע בערדלעך, די מיידלעך האָבן געטראָגן ווילד־צעוואָרפענע האָר, איינגעשטייפטע הויזן ביז די קני, נידע־ריקע ספּאָרט־לעטשלעך מיט געקרייצטע בענדעלעך. מ'האָט דאָרט אַרום די טישלעך דיסקוטירט וועגן דער „אַמעריקאַנער ערע" און זייער הויפּט־גאָט איז געווען עפּעס איינער אַ ליטעראַט, וועלכער האָט פאַרשפּרייט ציניש אידייען, שטאַרק אין דער מאָדע. דאָרט האָט ער זי געטראָפן, סי־זאַנען, צווישן עפּעס אַ גאַנצער באַנדע עקסטראַוואַגאַנטע יונגעלייט און מיידלעך. זי איז געווען צעטומלט, אויפגעבראַכט, האָט גאָרנישט געוואָלט הערן וועגן אומקערן זיך אַהיים.

זי האָט שוין איצט געוווּסט, סיזאַן, זי האָט שוין איצט אַלץ געוווּסט; אויף זשאַקן זענען מער קיין שום האָפענונגען נישט געווען. ס'איז שוין געווען אַזוי גוט ווי אַ געשעענע זאַך. אַ שטיקל צייט האָבן זיי עס אַלע דאָרט אויסבאַהאַלטן פאַר איר. ס'איז געווען, ווי אַלע וואָלטן זיך מיטאַמאָל אָפּ־געקערט פון איר, באַהאַלטן זיך הינטער פאַרמאַכטע טירן, מיט זייער אייגן גליק, אַפילו די אייגענע מאַמע...

דער ברוגז צווישן דער מאַמען און דער טאָכטער האָט לאַנג געטליעט, ווי אַ הייסער זשאַר אונטער אַש. אַנרין איז עס שוין געגאַנגען אין גאַנצן

לעבן. ער איינער האָט געוווּסט וואָס דאָס מיידל לעבט איבער און ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אַזאַ ווונד קען זיך נאָר צייטווייליק אויסהיילן און — אַז אַלץ געווענדט זיך איצט אין אים אַליין. ער האָט שוין געוווּסט אין וועלכן האָטעל זי וווינט, אין וועלכער ביוראָ זי אַרבעט, אין וועלכער שעה מען טרעפֿט זיך אַרויסגיין פֿון דער מעטראָ, צוזאַמען מיטן גאַנצן שטראָם, פֿאַרנאַכט־צייט.

— סיזאַן — האָט ער דאָס מיידל איינמאָל אָפּגעוואַרט און זי אַ נעם געטון ביי אַ האַנט — מען דאַרף נישט אַזוי... איין וואָרט נאָר, סיזאַן...

און ער האָט דערזען ווי אירע ברוינע, וואַרעמע אויגן, וואָס פֿאַלן זיך מאָדנע צונויף מיט אירע ווילד־צעוואָרפֿענע קאַשטאַן־האָר, נעמען אים צוערשט אַדורך פֿרעמד, קיל, דערנאָך ווי ס׳וואָלט אַ פֿייכט גלענצל אין זיי אויפֿגעטוקט.

— פֿון וואַנען האָט איר געוווּסט מיך אויפֿצוזוכן ?

— די מאַמע איז זייער אומרואיק, סיזאַן... מען דאַרף נישט אַזוי. ווען איר ווייסט... כ׳האָב אַ סך מיט אייך צו רעדן...

זי האָט געוואָלט באַלד נעמען און אַנטלויפֿן, לאָזן אים אַזוי שטיין און אַוועקגיין. ער איז איר נאָכגעגאַנגען מיט אונטערטעניקע שריט, אַריינ־גערעדט אין איר און זי האָט האַלב־ברוגז מסכּים געווען אַוועקצוזעצן זיך אויף דער טעראַסע פֿון אַ שטילער, זייטיקער קאַפֿע.

— ס׳איז נאָך פֿונדעסטוועגן פֿאַראַן עמיצער, וואָס זאָרגט זיך וועגן מיר... — האָט זי גערעדט פֿרעמד, מיט ווייטיק און קינדעריש אַראָפּגע־לאָזן די פֿולע אונטערשטע ליפּ, ווי אַן אָנגעברוגזט קינד. זי האָט קוים צו־געריירט דאָס מויל צום דערפֿרישנדיקן געטראַנק. זי איז געווען מיד, בלייך, נערוועז. זי איז מער נישט געווען דאָס קליינע מיידעלע מיט די צעפּעלעך, ווי ער האָט זי אַמאָל געקענט ביי איטשל ברוינער אין הויז. „ער האָט זיך אַריינגעריסן אין אונדזער לעבן און ער וועט שוין אפֿשר פֿאַרבלייבן״ — איז איר באַלד דעמאָלט קלאָר געוואָרן; און אָפּגערופֿן האָט זי זיך, אין בלאַסן שמייכל :

— אַפֿילו קיין מאָנאַסטיר, ווו צו אַנטלויפֿן, איז ביי אייך נישטאָ...

פֿון דעמאָלט אָן האָט ער דאָס מיידל אָפּגעהיטן ווי אַ קינד, האָט זי אָוונט־צייט געפֿירט אין די קליינע קוואַרטאַל־סינעמאַס. זי האָט זיך פֿאַר־געסן, געפֿרייט זיך, מיטגעטרויערט און באַדויערט אַלץ, וואָס האָט זיך אָפּגעטון אויפֿן עקראַן.

— ס׳אַרט דיר, סיזאַן... — האָט ער הייס געפּליסטערט אין איר אויער אַריין אין די טונקעלע, פֿאַרשטיקטע קוואַרטאַל־סינעמאַס — כ׳האָב וויכ־טיקע פּלענער... ס׳וועט, אויף מיין וואָרט, אַזוי נישט בלייבן...

# 13

ליכט, אַ סך ליכט, איז פֿון איצט אָן געווען אין די פֿענצטער פֿון שמאָלן געסל, אויפֿן ערשטן שטאָק. ס'איז נישט געווען מער דער איינזאַמער, אומעטיקער אָפּשיין פֿון אַ פֿאַרהאָנגען בעט־לעמפּל דורך די נאַקעטע פֿענצטער פֿון אַ ווייטן צימער, אַרויפֿצו. די שויבן באַהאָנגען מיט נייע גאַרדינען, האָבן געפֿינקלט; דאָס שילדל פֿון פּאָרנט צו איסר ראָזענבערגס פּאָטאָ־אַנשטאַלט איז צוריק איבערגעשמירט געוואָרן און אַלץ אָפּטער האָט דאָס גלעקל פֿריילעך געקלונגען איבערן הויז.

צוליב אַ סך סיבות האָט איסר אויסגעמיטן צו דערמאָנען וועגן זשאַקן. ער האָט אָבער מער נישט פֿאַרשטאַנען וואָס עס קומט דאָ פֿאָר אין הויז ביי אים. אַנרי איז אַלע פּאָר טעג געקומען דורכן הינטערשטן איינגאַנג סודען זיך מיט שיינדלען אין דער קיך, מ'איז ערגעץ אַרומגעלאָפֿן האַלבע טעג. וואָסי? אַלץ איבערן מיידל אירן? פֿון אירע צעטראָגענע רייד און פֿון איר פֿאַרענטפֿערן זיך, האָט ער קיינמאָל גאָרנישט געקענט דערגיין. ס'איז אויך געווען צעטראָגנקייט אין איר יידישן געזיכט מיט די פֿאַרשפּיצטע סלאַווישע שטריכן. אַזעלכע פּנימער, האָט ער זיך דערמאָנט, האָט מען אַמאָל באַגעגנט אין די קליינע יידישע שטעט פֿון מאַזאָוויע, אין קליין־פּוילן, ערגעץ אַרום בלוינע, אָדער קוזמיר, ביי דער ווייסל; פֿולע, זינלעכע ליפּן, דאָס נעזל עטוואָס פֿאַרהויבן און אַ מאַטע הויט, קוים באַשפּרענקלט זומער־צייט. מיט אַזעלכע קרום־געשניטענע אויגן, מיט אַזאַ מאַטקייט פֿון דער הויט, וואָלט זייער האַרמאָניזירט זי זאָל טראָגן אַ יידיש הייבל אויף די האָר און זאָל האַלטן ביי דער ברוסט אַ פֿעט קינד און אָנזויגן עס. שוין זייער לאַנג, אַז ער האָט אַזוי אויף אַ פֿרוי נישט געקוקט און ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג זיך צו וואַרפֿן צו דער פּאָליטרע, צום לייוונט.

איינמאָל איז שיינדל געקומען צולויפֿן פֿון גאַס אַ פֿאַרפּלאָנטע און אַ גליקלעכע.

— איסר־לעבן — איז זי צוגעפֿאַלן צו אים — מיט מיין מיידל וועט זיך, האָף איך, אפשר פֿאָרט אַלץ אויסלאָזן צום גוטן... מיר האָבן נאָך, ברוך־השם, אַ גרויסן גאָט אין הימל...

און זי האָט זיך גענומען אויסדערציילן אים וועגן דער דירה אָפּצונעמען און אַז — אַלץ אַנרי... פֿריער גאָט, דערנאָך — ער...

אין אַזאַ פֿיבער האָט ער דעמאָלט געלעבט, אַנרי. ביידע אָבער האָבן אים אין דער זעלבער מאָס גלייך פֿאַרפּלאָגט, האָבן אים אַוועקגעריבט דאָס

ביסל שלאָף אין די נעכט, האָבן אים קיין רו מער נישט געגעבן אין די טעג; דאָס איז געווען סיזאַן און... דאָס פאַרשטעקטע גאָלד אין די לופטעס פונעם אַלטן הויז. ווי מאָדנע ער האָט זיך אין די עטלעכע וואָכן געענדערט. ער האָט גאָרנישט קיין צייט געהאַט אַריינצוקוקן אַמאָל אין אַ שפּיגל אַריין, זען וואָס ס'איז אין די עטלעכע חדשים געוואָרן פון אים, ווי זיינע אויגן אונ־טערן שטערן האָבן געגליט מיט אַ מאָדנעם, נישט־דאָיקן שימער. ער האָט זיך אויפגערעגט, איינגעפּעקשנט זיך, אַריינגעפאַלן אין אַמביציע, האָט עס דערנאָך אָפּגעקרענקט, געדרויכערט גאַנצע נעכט, געשפּיגן, געהאַט קאָפּ־ווייטיק; ס'האָט נישט געפעלט קיין סך, ביי אַ ליאַדע וואָס, ער זאָל מענטשן זידלען, צושטיין און אַפילו זיך וואַרפן שלאָגן. נאָכדעם האָט עס אים גע־ווינלעך פאַרדראָסן — פון ווען אָן בין איך עס געוואָרן אַזאַ היציקער און — אַ שלעגער? צי קען איך שוין טאַקע נישט איינהאַלטן מיינע נערוון? און ווי נאָך דער טאָג האָט זיך געשטעלט, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ צע־טומלטער און איז ווידער געלאָפן זען אָפּצוראַטעווען סיזאַנען, אָפּצוראַטע־ווען די דירה אין דעם אַלטן הויז.

ס'איז געווען פריער, פאַרכמאַרעטער פרילינג, ווען אַנרי איז צוזאַמען מיט שיינדלען אַרויסגעפאָרן מיט אַן הינטערשטאָטישער באַן אין דער שטרענג־אָפּגעשלאָסענער סאַנאַטאָריע צום מיידל. מ'האָט דאָרט באַדאַרפט קלינגען אין אַ נידעריק טירל, צווישן קריכנדיקע פלאַנצן; דורך אַ קוק־פענצטערל, ווי אין אַ תפיסה, האָט מען זיי צוערשט באַטראַכט מיט חשד, געפרעגט: צו וועמען?

ס'איז געווען דאָ ערגעץ נישט ווייט אַרום פּאַריז, אין אַ סאָסנע־וואַלד, צווישן געפלעגטע סטעזשקעס, ווו ס'זענען דאָ און דאָרט געווען צעוואָרפן עטלעכע הייזער, אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּלויט.

דאָס מיידל איז ביסלעכווייז געקומען צו־זיך און אַנרי איז געווען גליק־לעך. טיילמאָל האָט ער אַליין זיך דערפילט אַזוי שוואַך, אויסגעהוילט, ווי אַ מעכטיקער ווירבל־ווינט וואָלט אים געהאַט אויפגעהויבן און, קעגן זיין ווילן, געטראָגן. אַזוי האָט ער זיך טאַקע דערפילט קעגנאיבער נעכטיקע חברים. ס'איז געגנוג נאָר איין טראָט צו שטעלן, איין אומפאַרזיכטיקן טראָט... נאָכוואָס — האָט ער זיך געכאַפּט — פאַר איך ווידער אַרויס צום מיידל? ס'איז שוין נישט געווען בלויז מיטגעפיל, צי רחמנות. סיזאַן האָט לאַנגזאַם אָנגעהויבן קומען צו־זיך, די פאַרבן האָבן זיך אָנגעגאָסן אין אירע באַקן. אירע לופטיקע האָר האָבן צוריק באַקומען די וואַרעמקייט פון לעבן, ווי ביי אַ קראַנק קעצל, וואָס וואַרעמט זיך אויס אין דער זון. וווהין — האָט ער זיך אינמיטן דערינען אַ פרעג געטון — שלעפּ איך זיך אַצינד — ווידער? און ס'האָט אים אַליין גענומען קלאָר ווערן. דער פאַרנאַכט אין שטאָט איז אַזוי

באַנג; ס׳טרייבט אים אַרויס פון זיין אָפּגעלאָזענער, אַלט־בחורישער נעסט.
„אַזאַ יינגע קאָזע... אַזאַ נאַרישע״...

דאָס מיידל האָט געליטן פון קאָשמאַרן, מ׳איז געלאָפן פון איין פּראָ־פעסאָר צום אַנדערן, ביז מ׳האָט זי געמוזט אָפּשיקן אין דער שטרענג־אָפּגעשלאָסענער סאַנאַטאָריע, אַרום די ווייטע פאָרשטעט פון פּאַריז. און גראָד אין דעם זומער האָט זי זיך געהאַט אַזוי שיין פונאַנדערגעבליט. גע־טראָפן האָבן זיי סיזאַנען אויף דער זעלבער באַנק, אונטער די צוויי אַלטע דעמבעס. זי איז ערגעץ געווען פאַרקוקט, דאָס אויפגעמישטע ביכל אַוועק־געשמיסן לעבן זיך. די קליינע קאַפּליצע אין דער טיף פון פּאַרק האָט באַנג אויסגעקלונגען. ס׳איז געווען די צייט פון דער אָוונט־תפילה. צוויי הייליקע שוועסטערן, אין לאַנגע סוטאַנעס, האָבן דורכגעקרייצט די מיטלסטע סטעזשקעס.

— נאָכוואָס ביסטו ווידער געקומען? — האָט זי געפרעגט דער מוטער מיט בולטן פאַרדרוס — פאַרוואָס לאָזט מען מיך נישט רואיק שטאַרבן?...

— ווייסט סיזאַנשי... שרהלע... — איז שיינדל צוגעפאַלן און האָט געקוקט מיט דערשטוינונג אויף אַנרין.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק און זיי האָבן איר באַגלייט איבער דער סטעזשקע.

די דאָקטוירים האָבן כמעט אַלע געגעבן אָנצוהערן, אַז זי דאַרף חתונה האָבן, געבוירן אַ קינד... וועט אפשר אַלץ פאַרגעסן ווערן. זיי האָבן שוין געזען אַ סך אַזעלכע פאַלן...

צוריקוועגס האָבן זיי מער געשוויגן, ווי גערעדט, שיינדל און אַנרי.

זי האָט פון גאָרנישט אָנגעהויבן צו וויסן אויך, די קליינע — אַזוי האָט זיך אַרויסגעוויזן; און ס׳איז אפשר געווען גלייכער אַזוי. סיזאַן איז אין די טעג, נאָכדעם ווי מ׳האָט זי אַהיימגענומען, געווען פאַרשלאָסן אין זיך און — גליקלעך. נאָכוואָס, האָט ער זיך געזאָגט, אומזיסט באַאומרואיקן דאָס מיידל? צי איז זי דען ווייניק צערודערט? ער האָט אָבער געהאַט די גרויסע אַמביציע דעם בלינדן צוטרוי פונעם מיידל פון איצט אָן נישט צו אַנטוישן מער, זאָרגן פאַר איר. ס׳איז איר גוט געווען בלויז דערמיט, וואָס זי האָט אַרויסגעפילט אין זיין זאָרג און אין זיין אומרו, אַז עפּעס גרייט זיך, אַז עפּעס דאַרף נאָך קומען. זי האָט צופיל נישט געפרעגט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז נאָך אַ קינדערישער חלום אירער זאָל אַמאָל נישט צערונען ווערן. דאָס מיידל האָט זיך גיך צוגעבונדן צום איינפּאַקן, געזונטן אַנרין מיט אַ גרויסן צוטרוי.

זי האָט עס נאָך אַלץ געפילט אויף איר אייגענעם געוויסן; הייסט עס, אַז אויך אַנרי איז אַ העלד, האָט זיך דאָ געשלאָגן קעגן די נאַציס, איז גע־

ווען דעפּאָרטירט און איז אַרויס מיט גאַנצע ביינער פון זייערע הענט. די זעלבע שטוב, די זעלבע ווענט פון קליינעם הויז זענען איר מיטאַמאָל ליבער און וואַרעמער געוואָרן און ס'האָט איר שוין מער נישט געטראָגן צו אַנט־לויפן ערגעץ אין די אָוונטן.

זי האָט זיך אים אײַנגאַנצן אָוועקגעגעבן, און האָט דאָך אויסגעזען ווי נישט צו זיין מיט אים, נישט צו פילן זיין אָנוועזנהייט; ווי זי וואָלט געווען ערגעץ אַנדערש, אפשר מיט עמיצן אַנדערש. אַזוינס האָט אַנרי קיינמאָל נישט איבערגעלעבט. ער האָט זיך געפילט שולדיק — אפשר באַעוולט ער דאָס קליינע מיידל, וואָס איז אַ סך יינגער פון אים, וואָס איז מער נישט פון זיין גענעראַציע, נישט פון זיין פּראָבלעמען־וועלט־פּלאָנטער, ווו ייד און מענטש זענען אַזוי אָפט געקומען אין אַלערליי קאָנפליקטן; ווו מ'האָט זיך בלויז איינגערעדט צו זיין בשלום מיט זיך און מיט דער וועלט; ווו מ'האָט זיך געראַנגלט און מ'איז אַלעמאָל שטיינגעבליבן ערגעץ אין דער מיט. ער האָט אפשר קיין רעכט נישט געהאַט, ניין.

— עפּעס זעסטו מיר אויס צעמישט, אַנרי... — האָט אים איינמאָל אַ חבר אָפּגעשטעלט, לויפנדיק אינמיטן גאַס, ערגעץ אַרום רעפּובליק.

— כ'ווייס... — האָט ער זיך אַ רגע פאַרהאַלטן און אָנגעקוקט יענעם — מ'האָט אַ פאַרדרייטן קאָפּ, פאַרשטייסט ?...

ער האָט זיך איינמאָל אָנגענומען מיט אַ סך מוט, איז געגאַנגען און איז אין איינעם אַן אָוונט אַרויף די אַלטע שטיגן און אַ קלונג געטון אין דער נידעריקער טיר אויפן פערטן שטאָק; ווייל אַרויסבאַקומען די דירה דורכן געריכט האָט שוין איצט קיין שום רייד נישט געקענט זיין מער; שיינדל איז געווען פאַרזאָרגט און דאָס מיידל האָט געוווינט אין אַ דירהלע. אַן אָרעמער מענטש האָט פאַרנומען די אַלטע דירה, מיט אַ סך קינדער, האָט דאָ ערגעץ געאַרבעט אַרום די שעכט־הייזער אויף לאַ־ווילעט. אַנרי האָט, דוכט זיך, גאַנץ שיין אָפּגעמאַכט, צוגעזאָגט אים אַביסל געלט, דאָס דירהלע זייערס און ס'האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט. האָט זיך אין דער מיט אונטער־געררוקט אַ ייד, אַ פּאַסאַזשיר, און האָט עס ביי אים אין איינע צוויי טעג אויסגעכאַפּט.

— וואָס ? — האָט יענער אַריינגערעדט אין גוטמוטיקן פראַנצויז — ער וויל דיר געבן פופציק טויזנט פראַנק ? ביי מיר קריגסטו הונדערט טויזנט פראַנק און אַ שענערע דירה...

ער האָט נישט געוווסט פון קיין שום חכמות, דער אָרעמער פראַנצויז; אויב זיי רייסן זיך אַזוי, די יידישע שניידערס, איבער דער דירה אַרום רעפּובליק, אין סאַמע צענטער, מסתמא איז עס ווערט. אונטערצוהאַנדלען מיטן ייד, דעם פּאַסאַזשיר, איז אָנגעקומען אַביסל שווערלעכער. מענטשן

האָבן זיך אַריינגעלייגט, אָבער יענער האָט זיך גאָר אויסגעלאַכט, נישט געוואָלט אַפילו הערן. גיי דערצייל אים, דעם ייד, אַז סיזאַנען דערמאַנען די ווענט אַזויפיל און בכלל...

— מעסיע! — האָט דער ייד ברייט געלאַכט — דאָס אַלץ, וואָס איר דערציילט מיר, זענען שמאָנצעס... מיט אַזעלכע זאַכן וועט איר קיינעם נישט איבערשרעקן די געגנדז... כ'פאַרשטיי, נישקשה...

און איידער נאָך ער האָט אים געזאָגט, וואָס ער „פאַרשטייט", האָט אים אַ קאַלטער שוויס אָפּגעגאָסן, אַנריך. ער איז געשטאַנען אין דער מיט פון דער גרויסער אַטעליע־שטוב און האָט גאָר מורא געהאַט אַ בליק צו טון אַהין, צום אַלטן, פאַרויכערטן קאַמין, ווו ס'האָבן געשטעקט עפּעס רערן פון אַ פאַרסאַדזעטן אויוון. אַלץ איז דאָרט נאָך געווען ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען איטשל איז דאָ נאָך געווען, ווען זיי האָבן איבערגעלאָזן די דירה אויף הפקר און ווען שיינדל מיטן מיידל זענען נאָכן 16־טן יולי געלאָפן אויסבאַהאַלטן זיך ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. ער האָט נישט געוואָלט הערן און געדענקען, דער ייד; ער איז אַזאַ חכם, האָט ער געזאָגט, ווי אַנדערע...

— פאַר קיין שום געלטער נישט! — האָט ער זיך איינגעעקשנט — ער וויל נישט און שוין...

און ער האָט אים נאָך דערביי מורא געהאַט אַריינצולאָזן אין דער דער־בייאיקער גרויסער אַטעליע־שטוב, ער זאָל אים נישט אַמאָל „אַראָפּכאַפּן" אַ מאָדעל פון זיינע פרישע מאָדעלער, וואָס זענען געווען צעהאָנגען איבערן צושנייד־טיש...

ס'איז, אויסער אַלעם, סתם קיין תכלית נישט געווען; אַצינד, האָט ער זיך אַרומגעזען, איז גאָר עפּעס אַנדערש; יינגלעך, גאָרנישטן, פריש־אָנגע־לאָפענע פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד, זענען איבער נאַכט אַרויפגעשווו־מען, זענען רייך געוואָרן. אַ סך פון די גרויסע פאַטראָנען זענען טאַקע אַראָפּ, אָדער אומגעקומען אינאיינעם מיט זייערע פאַרמעגנס, דערפאַר אָבער זענען אַרויפגעשווומען פרישע, איבערהויפּט אין דער דאַמען־קאָנפעקציע. זיי האָבן זיך גיך אויסגעקענט אין די פאַריזער פירעכצן. זיי זענען שוין געפאָרן אין אייגענע נייע וואַגנס, געדרייט געשעפטן אויפן גרויסן שטייגער, אייג־געשאָפן זיך שטאָפן אויפן שוואַרצן מארק, ווען די פרייזן זענען יעדן טאָג געפלויגן אין דער לופטן, קאָמבינירט און פון אים האָבן זיי זיך נאָך אויס־געלאַכט אויך. נישט סיזאַן, נאָר שיינדל איז צוגעשטאַנען, האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַרדעווען:

— גיין אַוועקזעצן זיך ביי יענעם אין דער אַטעליע אויף אַן אומזיכער

שטיקל ברויט... די סעזאָנען... וואָסי, כ׳געדענק נישט? איידער מען קוקט זיך אַרום, איז אויס סעזאָן...

אַביסל געלט האָבן זיי ווי־נישט־איז צוזאַמענגעשטעלט. מ׳האָט זיך פאַרבאָרגט, פאַרליגן, געקריגן אַ קליינע הלוואה אין דער סאָסיעטע. אַזאַ צעלייגער, האָט ער זיך געזאָגט, ווי אַנדערע, קען איך נאָך אויך זיין.

אָבער ווידעראַמאָל — וואָס הייבט מען אָן צו טון אָן דער דירה? די דירה מיטן אַלטן קאַמין, מיט די פאַרסאַדזעטע לופטעס, איז אים גע־שטאַנען אין וועג. שיינדלען אַליין איז קודם כל געגאַנגען אין באַזאָרגן דאָס מיידל. זי האָט זייער געוואָלט, אַז זייער אַמאָליקע דירה זאָל כאָטש געהערן צום מיידל, ווייל אַליין, מיט איר ווינען דאָ, האָט זי נאָך באַשווערט די גאַנצע פראָצעדור.

אַריינגעלייגט אין דעם גאַנצן ענין האָבן זיך אויך די לאַנדסלייט פון קליין־אַלעקסאַנדער. שיינדל איז אַהין געלאָפן און געוויינט פאַר זיי מיט ביטערע טרערן. ווי כיטרע די לייט פון קליין־אַלעקסאַנדער זענען נישט געווען, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, נישט אָנגעהויבן צו וויסן אין וואָס עס גייט דאָ דער עיקר. אַ קליין ביסעלע געוויסן האָט מען נאָך אין אַזעלכע צייטן, ביי אַזאַ געלעגנהייט, געקענט פונדעסטוועגן אויפוועקן ביי די יידן, כאָטש זיי זענען דאָ אַזוי פאַרקאָכט געווען אין מסחר און אין אַרויפאַר־בעטן זיך.

— ס׳איז נעבעך געבליבן נאָך איטשל ברוינער אַ מיידל, אַ וויסטע יתומה... — זענען זיי געקומען און אַריינגערעדט אין דעם פאַרוואַקסע־נעם, אייביק־פאַרפאָרעטן ייד, דעם פאַסאַזשיער — מען דאַרף זען ס׳מיידל חתונה צו מאַכן... ברענגען צו אַ שטיקל סיטואַציע...

דאָס בוררות איז פאָרגעקומען אין דער אָנגערויכערטער קאַפע אַרום רעפּובליק, ביים ברעטאָן מיט די רויטע באַקן, וואָס האָט געהאַט אַ שיינע יידישע קליענטעל און אַפילו די גאַרסאָנען, וואָס האָבן זיך פלינק געדרייט צווישן די טישלעך, האָבן שוין געקענט אַ פאָר ווערטער יידיש. פון פאָרנט זענען געזעסן די אַקטיאָרן און די אַקטריסעס פון יידישן טעאַטער אויף לאַנקרי און אין הינטערשטן שטיבל האָט מען געדיכט געשפּילט טאָג און נאַכט אין קאָרטן. מ׳איז געגאַנגען און מ׳האָט אויך געברענגט צופירן אַהער דעם ווינקל־אַדוואָקאַט וואָלפערן. דער אַדוואָקאַט האָט אים נאָך אויסגע־לאַכט אויך, אַנרין:

— נו, וואָס האָב איך אייך דעמאָלט געזאָגט, אַ? אין אַ פּאָר נאַרישע פראַנק איז אייך געגאַנגען. איר האָט נישט געהערט, וואָס איך רעד צו אייך. נאָר מיט גוטנס... — האָט ער קלוג גע׳עצהט.

אין דער קאַפּע אַריין איז ער אַראָפּגעקומען שפּעטלעך און האָט וויכ־טיק אַ באַקוק געטון מיט קורצזיכטיקע אויגן די עטלעכע יידן פון דער סאָסיעטע, וואָס האָבן שוין באַצייטנס געהאַט באַשטעלט אַ קאַפּע־קרעם מיט בייגעלעך, אָדער אַ טיי. מ׳האָט אים צוגעזאָגט, דעם ייד, דעם פּאַסאַ־ניער, אויסצוצאָלן דאָס ביסל געלט מיט היפּשן ריווח, געגעבן אים דאָס דירהלע, ווו סיזאַן איז פאַרבליבן, נאָכדעם ווי די מאַמע האָט חתונה געהאַט, און דער ייד איז מיט גרויס מי און מאַטער קוים איינגעגאַנגען דערויף.

ביים עקסטן טישל האָט וואָלפער פּלוצים אַ רעד געטון צו אַנרין האַלב אויפן אויער:

— ווי כ׳פאַרשטיי... איז אפשר דער גאַנצער ענין מיט דער דירה ביי אייך נישט אַזוי איינפאַך...

אַנרי איז געוועזן בלייך און האָט געשטאַמלט:

— ביי היינטיקע צייטן, מעסיע, אַ דירה איז — אַלץ...

— יאָ, אָבער... — האָט ער אים באַקוקט קלוגעריש, ווי איינער זאָגט...

— מיר וועלן שוין די גאַנצע זאַך זען צו באַוואָרענען יורידיש, אַז איר וועט מיטן ייד אַרויפקומען צו מיר מיט אייער שוויגער...

ווייל ס׳האָט זיך נאָך אַלץ געהאַנדלט אין אַ טערמין פון צוויי־דריי חדשים, וואָס דער ייד האָט געגעבן, איידער וואָס־ווען, ביז ער וועט זיך קענען אָפּפּאַרטיקן מיט זיינע פאַרפּלאָנטערטע עסקים, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער. די צוויי חדשים האָבן זיך, טאָג־נאָך־טאָג, געצויגן ווי פון סמאָלע. דורך די אויסגעוואַשענע שויבן אויפן ערשטן שטאָק האָט שיינדל נאָכגע־קוקט דעם ייד, אָפּגעהיטן אים, ווען ער גייט אַראָפּ און אַרויף, געזען ווי ער קומט אָנצופאָרן מיט טאַקסיס, מיט האַנט־וועגעלעך און ס׳האַרץ האָט זיך אין איר געוואָרפן; איר האָט זיך גאָר אַלץ אויסגעדוכט, אַז ער איינ־סטאַלירט זיך איצט אויף אַ רעכטן אמת. צי וועט ער כאָטש האַלטן וואָרט, דער ייד?

דער ייד האָט, פאַרשטייט זיך, קיין וואָרט נישט געהאַלטן. שיינדל איז אַרומגעגאַנגען און האָט געברענט און געקאָכט. ס׳איז איר שוין נישט געגאַנגען — האָט זי געליאַרעמט — אין דער דירה אַליין אָפּצונעמען, נאָר צו ווייזן אים, אָנצולערנען אים, דעם „פאַסקודנעם זשידלאַק״, איז איר געגאַנגען... אַוודאי, ס׳האָט איר דער עיקר מסתמא ווי געטון, וואָס ער זשויבט, דער ייד, וואָס עס טראַסקען דאָרט טאָג און נאַכט ביי אים די מאַשינען, וואָס מען האַלט אין איין ליווערן און אָנברענגען פולע טאַקסיס און קאַמיאָנען, וואָס די טיר רוט נישט דאָרט ביי אים. די קראַנקע יידישע אַמביציעס האָבן זיך צעשפּילט, אַז מ׳האָט שוין דערנאָך מער נישט גע־דענקט איבער וואָס, אייגנטלעך, די גאַנצע ביטערניש איז אַרויסגעקומען.

דער ווינקל־אַדוואָקאַט וואָלפער, צו וועלכן זי איז כסדר געלאָפן, האָט איר געגעבן גוטע האָפענונגען. דער פּראָצעס איז כמעט אַ געוווּנענער — אַזוי האָט ער כסדר פאַרזיכערט... אַז לויט דעם־און־דעם פּאַראַגראַף האָט ער גאָרנישט קיין רעכט... מיט איין וואָרט... ער האָט איר, ווי געוויינלעך, לאַנג אָפּגעהאַלטן אין זיין האַלב־טונקלען קאַבינעט, אויסגעפּרעגט זיך, ווי אַן אַלטער פריינט, פאַרגאַנגען זיך אין לאַכן אין זיין ווייס־קראָכמאַליע־טער וועסט אַריין, זיצנדיק טיף פאַרשטעקט אין זיין אַלטמאָדיש שטיקל מעבל; די לעדער־שטול איז ביסלעכווייז שוין כמעט געהאַט פאַרפאָרן גאָר נאָענט לעבן איר. די זשעדנע נאָז־לעכער ביי אים האָבן גיריק איינגע־אָטעמט דעם איידעלן נעלקן־פּאַרפום, מיט וועלכן אירע קליידער זענען אַלעמאָל געווען אָנגעזאַפּט.

— ס'איז ווי אויף דער האַנט... — האָט ער אין איר אַלץ אַריינגע־רעדט מיט אַלע העפלעכקייטן, קאָמפּלימענטן און שמייכעלעך — מיין ליבע, סימפּאַטישע מאַדאַם, איר פאַרשטייט, ליידער, אַזוי ווייניק פון דער היינ־טיקער וועלט... ווען איר וואָלט אַביסעלע מער פאַרשטאַנען.

זי האָט גאָרנישט מער געוואָלט פאַרשטיין. זי איז אַראָפּ פון אים אַ צערויטלטע, אַ צעפּלאָמטע. זי האָט שוין גאָר דערנאָך נישט געדענקט, וואָס ער האָט איר דאָרט אַלץ אָנגעהאַקט אַ קאָפּ, וואָס ער האָט געוואָלט פון איר, דער צעדרייטער אַדוואָקאַט.

— אַלע מיינע צרות — האָט זי זיך דערנאָך געכאַפּט — זאָלן אויס־גיין צו זיין קאָפּ, צו זיינע הענט־און־פיס... אַ ניי אָנשיקעניש, זעסטו...

געפילט האָט זי זיך פונדעסטוועגן גאַנץ געשמייכלט פון זיינע רייד און קאָמפּלימענטן; קיין תכלית, האָט זי אָבער געזען, וועט סיי־ווי פון דעם אַלעמען נישט אַרויסקומען. מ'האָט איידער וואָס־ווען באַדאַרפט אַ סך געלט, מ'האָט באַדאַרפט שיטן מיט געלט. פאַר כעס, האָט זי אַזש אַנרין געגעסן לעבעדיקערהייט. זי האָט זיך אָנגעגאָסן מיט רציחה.

— פון דעם הויז ריר איך זיך נישט אַוועק... — האָט זי פאַרביסן די ליפּן, אַז זיי זענען אַזש בלוי געוואָרן — כ'זאָל אַפילו וויסן כ'וויים וואָס...

— וואָס וועסטו טון, שיינדל? — האָט אַנרי געפרעגט זייער געלאַסן
— וועסט אפשר נעכטיקן ביי זיין טיר?... שאַ, כ'האָב יאָ אַ געדאַנק...

און נאָך איידער ער האָט געזאָגט, וואָס פאַראַ געדאַנק ער האָט, האָט זי שוין אַלץ פאַרשטאַנען.

— איסר... — האָט זי פאַרקלערט געענטפערט — וועט מיך נישט לאָזן פאַלן... ער איז אַן איידעלער מענטש, איסר... ווען דו ווייסט... אַ דיי־מענט... נאָר ער גייט אַריין אין מיין לאַגע...

כאָטש אַנרין איז עס מער נישט געגאַנגען אַזוי אין גאַנצן לעבן. ער האָט אין יענע פּאָר חדשים מער נישט געוואָלט געדענקען אין דער דירה, אינם גאָלד. ער איז גליקלעך געווען מיטן קליינעם דירהלע, וואָס זיי האָבן פאַרנומען. ער איז דער עיקר גליקלעך געווען, וואָס סיזאַן האָט צוריקגעגפונען איר רו, נאָכדעם ווי מ׳האָט זי צוריקגעברענגט פון יענעם טרויעריקן אָפּרו־הויז. ער האָט צוריק געאַרבעט. די מאַשין האָט זיך אַזש געטרייסלט אונטער זיינע פלינקע הענט און פיס אין די יידישע אַטעליעס. ער האָט געפילט, אַז ער גייט ביסלעכווייז צוריק אַריין אין זיינע „קאָליעס" אַריין. יעדע וואָך האָט ער אַהיימגעבראַכט די „פּעי". און סיזאַן האָט אויך געאַרבעט אין אַ קליינער האַנדלס־ביוראָ. סוף וואָך איז יעדער אַהיימגעקומען מיט זיין קאָנווערט און איינער האָט עס געוואָרפן צום אַנדערן.

— נאַ, נעם, סיזאַן, פאַרשטעק דאָרט ביי זיך די פּאָר פראַנק.

— כ׳בין אַן אויסברענגערין... — האָט זי געלאַכט — כ׳האָב נישט ליב צו האַלטן קיין געלט.

— טאָ, אין וועמען־זשע, זאָג מיר, ביסטו געראָטן? — האָט ער געשפּאַסט — אין דער מאַמען, צי אין טאַטן?

— כ׳ווייס אַליין נישט.

שבת אָוונט זענען זיי געווינלעך אַרויסגעגאַנגען פאַרברענגען, אַמאָל אויף אַ מיטינג, אַ פאַרזאַמלונג, אין סינעמאַ. סיזאַן האָט זיך געהאַלטן ביי זיין זייט, נאָכגעגאַנגען אים יעדן שריט, ווי אַ קינד. אַ סך מאָל איז אים אַ רחמנות געווען אויפן מיידל. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי מאַנטיק באַלד באַגינען רייסט זי זיך פלינק אויף פון בעט. זי איז אָפּגעהאָרעוועט, מיד און פונדעסטוועגן טוט זי זיך פלייסיק אָן און לויפט שנעל אַרונטער די טרעפּ. צי דאַרף זי דען אַרבעטן? — האָט ער זיך געזאָגט. זי קומט אַהיים, וואַרפט זיך אַוועק אויף דער סאָפקע, אונטער דער מאַטער שיין פון אַבאַזשור, און רופט אים:

— אַנרי, זיי אַזוי גוט — רופט זי אים — דערלאַנג מיר דעם פּעניואַר מיט די שטעק־לאַטשן.

ער בייגט זיך אַליין אַראָפּ, אַרונטערצונעמען איר די שיך פון די פיס, דעקט זי איין מיטן פּעניואַר.

אַנרי האָט אויסגעזען צוריק צו באַקומען זיין שטרענגע, נאָכגעטראַכטע גלייכגעוויכט, זיין געזונטן הומאָר פון אַ מאַשינער, אָדער פון אַ פּרעסער אין די פּאַריזער יידישע אַטעליעס. ער האָט שוין אַפילו טיילמאָל נישט געדענקט מער אין דער גאַנצער מעשה מיטן פאַרמויערטן גאָלד, ווען נישט — שיינדל. ער איז צוריק געוואָרן דער היימישער אַנרי, וואָס האָט

אָנגעברענגט מיט זיך ענערגיע, רעש און פריילעכקייט. סיזאַן האָט שטיל צוגעהאָלפן ברענגען אין אָרדענונג זייער קליינע, באַשיידענע היים, איז צופרידן געווען, וואָס קיינער קומט מער נישט קלינגען אין דער טיר. אָבער זי האָט נאָכאַנאַנד עפּעס חושד געווען; זי האָט אַלץ עפּעס חושד געווען דער אייגענער מאַמען, וואָס איז כסדר געקומען צולויפן אַדורכרעדן זיך מיט אַנרין אין הינטערשטן אַלקערל. וועגן וואָס האָבן זיי דאָרט געהאַט אַזויפיל צו שמועסן? אַלץ איבער דער דירה אָפּצונעמען? שיינדל האָט עס אָבער דערפילט און האָט זיך אַלעמאָל אַזוי ווי פאַרענטפערט:

— סיזאַנשי... שרהלע... — האָט זי יעדעס מאָל געקושט דער טאָכטער אין ביידע באַקן, איין מאָל און נאָך אַמאָל, ווי ס'איז דער שטייגער ביי די פּראָווינצן — זאָל עס מיר זיין, וואָס די מאַמע דיינע איז, חלילה, אויסן דיין רעה... נאַרישע מויד, וואָס דו ביסט...

און זי האָט איר אַלעמאָל זייטיק אַרומגעקוקט מיט אַ מבינישן בליק, פון נחת און מאַמעשער נייגעריקייט. אָבער סיזאַן האָט זיך געהאַלטן אין די ווינקעלעך. זי האָט צו דער אייגענער מאַמען אויך קיין סך נישט גערעדט.

דער קאָפּ האָט שוין, אַוודאי, ביי איר פון לאַנג געאַרבעט און געטראָגן, ביי שיינדלען. ס'איז געווען אין די פּאָר הייסע זומער־חדשים, ווען איסר האָט זיך, ווי געוויינלעך, אַראָפּגעכאַפּט צום שטעטל אין די בערג. די שטיבן, איבער וועלכע זי האָט איצט געוועלטיקט, זענען שטיינגעבליבן ליידיקע — אומעטיקע, פיר־קאַנטיקע שטיבן, גרויס ווי די פעלדער. ס'איז נאָר אַ ווייטיק געווען צוצוזען, אַז אַזעלכע ריזיקע שטיבן זאָלן בלייבן שטיין ליידיק אין אַזאַ צייט, ווען מענטשן אַרבעטן, טומלען, ווערן רייך. דערווייל איז שיינדל אַרויסגעפּאָרן ערגעץ נאָענט פון פּאַריז, צוזאַמען מיט סיזאַנען און מיט אַנרין. זי האָט זיך אָנגעהאַנגען אין זיי, האָט זיי קיין טריט נישט געלאָזן אַליין. ס'האָט אין אַלע פאַלן נישט געטויגט, אַז שיינדל זאָל דאָרט מיט אים אַהינקומען. איסר האָט זיך נאָך אַלץ געפילט אַביסל מאָדנע אין די אויגן פונעם יינגל. ער האָט זיך נאָך אַלץ געפּרעגט, צי איז עס דער ריכ־טיקער וועג, ווו זיין איינזאַם, צעבראָכן לעבן האָט זיך אומגעריכט פאַר־קירעוועט. אַזעלכע רעיונות און ספקות האָבן אים נאָך אַלץ געמאַטערט. פון דאָרט האָט ער זיך געוויינלעך אומגעקערט אַביסל אַ צערודערטער. ער איז צוריקגעקומען און האָט דאָס אייגענע הויז נישט דערקענט. אַלץ איז געווען צוגערוימט און צוגעקליבן דורך שיינדלס פליסיקע, געשיקטע הענט.

ווייל אייגנטלעך איז זיין עקזיסטענץ נאָך אַלץ געווען אַזוי ווי גע־שפּאָלטן — דאָס צוריק־אויפגעלעבטע הויז אין פּאַריז און — דאָס יינגל דאָרט אינעם שטעטל צווישן די בערג און וועלדער. פאַר פּרנסה האָט ער

זיך, ווי אַלעמאָל, קנאַפּ וואָס געזאָרגט. דער אַלט־באַקאַנטער, איינגעצויגענער פּאָטאָ־קונסט־אַנשטאַלט האָט אים צוריקגעברענגט אַ שפּאָרע קליענטעל. זיין אַביסל צעכראַסטעטער, עקסטראַוואַגאַנטער אויסזען פון אַ קינסטלער, זיין פאַרשניצט, גרוי־געוואָרן בערדל, זיין שוואַרצער אויסגעבונדענער שלייף, האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. אָבער דאָ האָט שיינדל גענומען צושטיין צו אים מיט פאַרשידענע געשיכטעס און פּראָיעקטן. פאַר אַזאַ ניכטערע האָט ער דאָס ווייבל, דוכט זיך, נישט געקענט.

— מיינסט איסר — האָט זי גענומען צושטיין — אַז ס'איז אַזוי אַ תכלית צו לעבן פון היינט אויף מאָרגן? מיר זענען דען ווייניק געפּרוווט געוואָרן צו וויסן, אַז אַ ייד באַדאַרף אַלעמאָל אָפּלייגן אַ פּאָר פראַנק אויף אַ שוואַרצער שעה?

וואָס האָט זי דען געמיינט דערמיט? אַבי ער איז צופרידן געווען, וואָס דאָס מיידל אירס איז באַזאָרגט. זאָלן נאָר נישט זיין קיין צאַנקערייען אין דער משפּחה; ווייסעך, עפּעס אַ נאַרישע געשיכטע צווישן דעם יונגוואַרג, צווישן זשאַקן מיט איר מיידל. מ'האָט עס שוין לאַנג באַדאַרפט האָבן פאַרגעסן. אַוודאי וואָלט אים גאָרנישט געאַרט, ווען זשאַק נעמט זיך אַ יידיש מיידל. אָבער מיט וואָס איז דען בלאַנש ערגער? אַ ווילע, אַ טייערע און האָט אים געשאָנקען אַזעלכע זיסע אייניקלעך. און ווען ער קומט אַהין, ווייסן זיי דאָרט נישט וואָס פריער צו טון מיט אים. אָבער יענע וועלט, די וועלט פון זשאַקן, האָט אים נאָך אַלץ פונדעסטוועגן אַביסעלע באַאומרואיקט.

ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט פון שטעטל אין די בערג, האָט שיינדל גענומען וויינען פאַר אים מיט ביטערע טרערן; און אַז זי האָט נאָר מיט אירע פּולכנע, ווייבערישע פינגער גענומען ווישן זיך מיטן טיכעלע די אויגן, האָט זי אַלץ אין דער וועלט געקענט ביי אים פּועלן.

— כ'שלאָף נישט קיין נעכט, איסר־לעבן... — האָט זי געקלאָגט — און אַלץ איבער מיין מיידל...

און אַז זי האָט אים נאָך דערצו ביינאַכט אויסגעבעט דאָס גרויסע בעט אין טונקעלן שלאָף־צימער און אַליין האָט זי זיך נאָך דאָרט לאַנג אָפּגעוואַלגערט אין דער איינגעפאַלענער סאָפע, האָט ער מער נישט געוואַגט זי צו רופן. אַלץ, וואָס זי וועט נאָר בעטן ביי אים, האָט ער געוווסט, וועט זי פּועלן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ סך מער עקשן, ווי זי האָט געמיינט. ווייל ער האָט איבערהויפּט נישט פאַרשטאַנען צו ערשט, וואָס איז דען שוין ווידער מיטן מיידל? אַנרי, ווייסט ער, וועט דער טאָכטער קיין שטרוי פון דער ערד נישט לאָזן אויפהייבן... ערשט דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט אין וואָס איר גייט.

— וואָס, כ׳בעט דיך — האָט זי געגומען צושטיין — וועסטו דען דער־לעבן ביי דיינע „מאַלאָוואַנקעס״?... ביי די מענטשעלעך, וואָס דו מאַכסט... זע, ווי אַנדערע זענען געוואָרן לייט.

— טאָ וואָסזשע, אַ שטייגער, וואָלסטו געוואָלט? — האָט ער זיך שטאַרק געוויילט, איסר.

— וואָס הייסט, וואָס כ׳וואָלט געוואָלט? זאָלסט ווערן אַ לייט, ווי אַלע, וויל איך... זאָלסט אָוועקוואַרפן די יינגלשע שטיק... כ׳וויל נישט פאַרלירן אַנרין, פאַרשטייסט שוין? ער וויל נישט אַנדערש, נאָר די דירה... פון דעם ייד. און דערצו דאַרף מען אַריינלייגן פאַרמעגנס מיט געלט אין די געריכטן אַריין... מען דאַרף אַרבעטן... גענוג האָט זי זיך אָנגעליטן, מיין מיידל... — האָט זי אים נאָך געגעבן אָנצוהערן, פּונקט ווי ער, איסר, וואָלט כאָטש שולדיק געווען אין איר גאַנצן אומגליק...

אַלץ, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, שטייט אויפן ריכטיקן אָרט, נישט ווי פריער, ווען די נישט־אויפגעפּאַקטע וואַליזעס האָבן זיך נאָך געוואַלגערט אין דער מיט שטוב, ווען אויף אַלעם איז געלעגן אַ שטויב. דאָס אָרעמע מעבלוואַרג, די פּאָר שטולן, די פּאָר טישלעך, די קאָמאָד, זענען געווען אַרומגעשטויבט, מיט געשמאַק פונאַנדערגעשטעלט אין אַלע נישעס און ווינקעלעך. ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט און דערזען די גרויסע, אומ־היימלעכע ליידיקייט. עטלעכע טירן זענען איינגאַנצן געשטאַנען פאַרקלאַפּטע — ס׳איז סיי ווי נישט געווען וואָס אַריינצושטעלן אין די צימערן. עפּעס האָט אים באַלד אַ קלאַפּ געטון, עפּעס האָט ער באַלד פאַרשטאַנען. אַ פרעמ־דער, אַן אומהיימלעכער, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, די בריל האָט ביי אים אַ רגע שאַרף אויפגעפינקלט און ער האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָפּגערופן. פאַרן פּאָטאָ־אַנשטאַלט האָט ער, אמת, גענוג געהאַט דעם זייטיקן צימער מיטן באַלקאָן צו דער גאַס. ס׳איז דאָרט געווען אַ סך ליכט דורך די ברייטע פענצטער. דורכן קאָרידאָר איז אויך געווען אַ באַזונדע־רער איינגאַנג, ווי פאַר אַ סובלאָקאַטאָר. טאַקע ווי אַ סובלאָקאַטאָר האָט ער זיך דערפילט אינעם שלאָף־צימער, וואָס זי האָט אַריבערגעטראָגן טיף אין קאָרידאָר, ווייל דאָס געוועזענע שלאָף־צימער האָט זי גערעכנט אָפּצו־געבן דער טאָכטער מיטן איידעם. ס׳האָט אים שוין מער נישט געאַרט, ווייל די שאָטנס דאָרט האָבן אים נאָך אַלץ דערמאָנט אין פּעליציען... די אָרעמע פּעליציע...

ער האָט איינגעשטימט. ער האָט אויף אַלעם איינגעשטימט, אַבי ס׳זאָל צוריקומען די באַדאַכטע רו אין זיין הויז.

— איסר־לעבן — איז שיינדל צוגעפאַלן צו אים — פריער גאָט און דערנאָך דו... אַזאַ גזר־דין, ווי ס׳האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונדז אַלעמען...
און זי האָט זיך געווישט מיטן פאַרקנייטשטן טיכעלע אין די פולכנע פינגער די רויט־אָנגעלאָפענע אויגן.

מער האָט ער זיך נישט אומגעקוקט. ס׳האָט זיך נאָך דאָרט געטון, ס׳האָט זיך גערודערט אין די ווייטערע שטיבן, אָבער דערגאַנגען איז עס צו אים ווי אַ פאַרשטיקטער עכאָ פון הינטער ווענט. מ׳האָט דאָרט אינגיכן אָנגעבערנגט מאַשינען, לאַנגע, ברייטע טישן צום צושניידן און צום פּרעסן. די טיר האָט דעם גאַנצן טאָג נישט גערוט, דאָס גלעקל האָט אַלע ווײַלע געהילכט. שיינדל האָט כסדר געשטעקט אינעם פענצטער צום הויף אַרויס.

— ס׳וועט אים שוין איצט קרענקען, דעם ייִד... — האָט זי זיך געטרייסט.

אַזוי אומגערן איז אויך אַנרי צוריק אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם גאַנצן פּלאָנטער. ס׳האָט אים שוין באַנג געטון, וואָס ער האָט זיך געלאָזן צורעדן, וואָס ער האָט דאָרטן איבערגעלאָזן דאָס ענגע, אינטימע שטיבל, ווו ער מיט סיזאַנען האָבן אויסגעוואַרעמט זייער קליינע נעסט. אָבער שיינדל האָט אים נישט געלאָזן רוען. זי האָט שוין איסרן מער גאָרנישט געפרעגט, ווי ער וואָלט זיך דאָרט אַרומגעדרייט ווי אַ פרעמדער. וואָס האָט זי געוואָלט פון זייער לעבן האָבן, שיינדל? וואָס האָט זי זיך אָנגעזעצט?

צוערשט האָט זיך טאַקע אַנרי דערפילט אַ ביסל פריי. מ׳האָט נישט באַדאַרפט אויפהייבן זיך באַגינען, לויפן אין די ייִדישע אַטעליעס אַריין, אויסקריגן זיך מיט אַלעמען, איינרייסן. דאָס אַמאָליקע שלאָף־צימער איסרס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר סיזאַנען. זי איז אַריבערגעקומען אַהער שטום, שווייגנדיק, ווי זי וואָלט פאַרויסגעפילט אַ גרויס אומגליק. אַנרי האָט זי מער נישט געלאָזן גיין אַרבעטן, כאָטש זי האָט זיך געריסן, נישט געוואָלט בלייבן אין שטוב. ס׳איז געווען אַ צימער געגנוי לויטן זעלבן קאַנטיקן געבוי ווי איר אַמאָליק מיידלש שלאָף־צימער, קעגנאיבער, אין הויף, ווו ס׳האָט געוווינט דער פרעמדער ייִד, וועלכער האָט פאַרכאַפּט זייער דירה. זי האָט זעלטן־ווען אויפגעמאַכט די טיר צו די ווייטערדיקע שטיבן. דאָרט האָט זיך אָן אויפהער געטון און גערודערט.

מ׳האָט זיך שוין איצט געקענט דערלויבן אַ ביסל ברייטער — פאַרלייגן אַן אַטעליע, אַוועקזעצן מענטשן, אָנלייגן אַ פולע שטוב מיט שטאָפן. פאַרוואָס עפּעס אָנהויבן קליין, נעבעכדיק, שלעפן זיך מיטן פעקל אַרבעט אין די מעטראָס, אין די אויטאָבוסן, נישט אויפצורייסן מענטשן די אויגן? פאַרוואָס מעגן אַנדערע? באשר וואָס... מיר האָבן געקעמפט... מיר לעבן

אין אַזאַ וועלט און — פֿאַרטיק. ווען דער טאָג וועט קומען, וועלן מיר זיין גלייך מיט אַלעמען... ער האָט דאָך יאָ געוווּסט, אַנרי, ווי אַזוי מענטשן קומען צו געלט — נישט פֿון דער אייגענער פּראַצע... זי האָט אים פֿונדעסטוועגן אָנגעהויבן צו געפֿעלן, שיינדל. דוכט זיך, אַזאַ פּלוטעוואַטע ווייבל, קען קיין צוויי נישט ציילן, און האָט דאָ אָנגעאַרבעט אַזאַ עסק...

דער לעבעדיקער יצר־הרע צו אָט די אַלע קליינע קאָמבינאַציעס איז זי איצט געווען, די שוויגער שיינדל. ס'איז געווען אַ יונגע און אַ פֿליבקע שוויגער, אַ ווייבל, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן באַווייזן, וואָס זי קען. זי האָט אים אַ כאַפּ געטון פֿאַרן אָרעם, אַנרין, איז געלאָפֿן מיט אים איבער די גאַסן. ס'איז אים געפֿעלן געוואָרן אויך. ער האָט איצט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אַז אַזוי, צעטראָגענערהייט, איז זי נאָך מער ענערגישער פֿון אים. ער איז שוין איצט זיכער געווען — זי וועט נאָך די דירה אויך אַרויסקריגן און אפֿשר... אפֿשר וועט זיך דאָרט טאַקע אָפּגעפֿינען דאָס גאָלד... ס'איז אים אַזש הייס געוואָרן — אַזאַ זאַך... און ס'האָט אים צוריק אַ נעם געטון דער פֿיבער — אַזאַ ווייבלטשינע, פֿונדעסטוועגן... ווענט קען זי דורכברעכן... און פֿאַרוואָס טאַקע נישט ? קיינער, האָט ער זיך געכאַפּט, ווייסט נאָך אָבער נישט דערפֿון, אַפֿילו נישט סיזאַן, אַפֿילו נישט איסר. ס'איז נאָך אַלץ זייער ביידנס שטרענגער סוד. אַזאַ ווייבל... זי האָט אים פֿריילעך אַ כאַפּ געטון אונטערן אָרעם און ער האָט געפֿילט די גאַנצע ווייבערישע וואַרעמקייט אין אירע הענט, אין איר וואַרעם לאַכן... די מאָדנע ענערגיע, וואָס האָט זיך קאָנסערווירט ביים דאָזיקן ווייבל... ווי שיקט זיך עס... סיזאַן איז אַזאַ בלוטלאָזע, אַן איידעלע. עפּעס וואָס האָט דאָ מיטן מיידל זיכער געמוזט געשען אָקופּאַציע־צייט, ווען זיי זענען געלאָפֿן אין אַלע שפּאַרעס אויסבאַהאַלטן זיך. ס'איז נישט צו פֿאַרשטיין...

אָן אַנדערע אויף סיזאַנס אָרט וואָלט זיך אַוודאי אָנגעטון אין זיידנס, אין פֿוטערס, באַהאָנגען זיך מיט גאָלד און בריליאַנטן, געוואָלט אויפֿרייסן די אויגן ביי מענטשן. זי האָט נישט גערעדט, נישט געפֿרעגט. איר פֿאַרטראָגנקייט און איר שווייגן האָבן דאָס מיידל צוגעגעבן אַ באַזונדערע אומצוטריטלעכקייט. זי האָט דאָ ווידער אינטים איינגעאָרדנט איר מיידלשן שלאָף־צימער, פֿאַרשטעלט די פֿענצטער צום טומלדיקן הויף מיט שווערע פֿאָרהאַנגען און ס'איז געווען די פֿייערלעכקייט פֿון אַ סאַלאָן אין דעם ווינקל, וואָס זי האָט זיך אויסגעוואַרעמט. אַנרי האָט זיך נאָך דאָרט אַלץ געפֿילט פֿרעמדלעך, ווי אַ גאַסט, ווי אַ יונגערמאַן, וואָס קומט אַרויף; ס'איז געווען אין אים די פֿאָרכט נישט אָנצורירן איר אינטימע ווינקעלע, ווען ער איז שטיל געקומען אָנקלאַפּן אין דער טיר. נאָך אַ גאַנצער וואָך קאָפּ־

ברעכעניש, איז ער סוף וואָך געקומען צו סיזאַנען אַרויסנעמען זי ערגעץ, גיין מיט איר אין אַ סינעמאַ, אין אַ טעאַטער.

— לאָז מיך! — האָט זי זיך לייכט אָפּגעבעטן — ס׳איז מיר דאָ גוט אַזוי.

— מיר גייען היינט אויף אַ געטאָ־פּייערונג... מען זאָגט, אַז דאָרט וועט אַרויסטרעטן אַ וואַזשנע זינגערין...

— געטאָ... זינגערין... — האָט זי קינדעריש סילאַביזירט און צוריק־געוואָרפן זיך אויף דער סאָפע צו אירע ביכלעך, אין וועלכע ער האָט זי אַלעמאָל געפונען פאַרקאָכט; מאָדנע סאָרט ביכלעך... — האָט ער ווען אַריינגעקוקט אין זיי — וואָס האָבן זיי אַ שייכות צו אונדזער לעבן?

ס׳איז געלעגן קינדערישער פאַרדרוס און ווייבערישער חן אַרום אירע פולע, האַלב־אָפענע ליפּן. און ער האָט געפּאָלגט, ווי אַ פאַרשעמט ייִנגל. זי האָט נישט פאַרלאַנגט אין ערגעץ מיטצוגיין, זי האָט נישט געוואָלט מער ער זאָל זי פירן אין די שפּיל־הייזער, אין די טעאַטערן, אין די רווי־שיקע קאַפייען. דאָס מיידל האָט זיך אַלץ מער אָפּגעגרענעצט פון אייביקן טומל אין די ווייטערע צימערן. דאָרט האָט געקלאַפּט אַ גאַנצע וואָך די אַטעליע, טעלעפאָנען האָבן געקלונגען. מ׳האָט זי זעלטן ווען געזען פאַר־בייפלאַטערן און אַפילו די גאָר היימישע אין דער אַטעליע האָבן זיך אָפט געחידושט און נישט געוווסט, אַז דאָס איז שיינדלס טאָכטער, אַנריס פרוי — אַזוי ווייניק האָט זי זיך געוואָרפן אין די אויגן.

האָט זיך אַנרי אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען מיט שיינדלען.

— זי איז עפּעס אַ מאָדנע, מיין מיידל... — האָט שיינדל אין פאַר־לעגנהייט גערעדט צו אַנרין — כ׳ווייס גאָרנישט, אויף מיין וואָרט, אין וועמען זי געראָט אַריין. זינט ווען דער געשיכטע מיטן ייִנגל איסרס... ס׳היינטיקע ייִנגוואַרג, ווײ איז מיר...

זיי האָבן ביידע איבערגעלאָזן דאָס הויז, סיזאַנען, איסרן. אַנרי האָט עפּעס געפילט אויף דער צונג, ס׳האָט נאָך אַלץ שווער געדריקט אויפן געמיט, נאָר ער האָט נישט געפונען קיין רייד. ער האָט אַלץ געפילט אויף זיך די מאָדנע בליקן פון סיזאַנען, ווי דאָס קליינע מיידל וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיין לעבעדיקן געוויסן; דאָס שווערע געוויסן, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן און געדריקט ווי אַ שטיין אויפן האַרץ, אויפן געמיט.

# 14

פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט קיינעמס, נאָר שיינדלס קאָפּ האָט געשטעקט אין דעם אַלעמען; ווייל פֿון אַדוואָקאַט וואָלפֿערס קלוגע עצות און פֿון זיין נאַרישער, אַלט־בחורישער צודרינגלעכקייט, האָט זי זיך גאַנץ שיין אויסגעלאַכט. מ׳האָט אונטן אַרום געהאַלטן אין איין אונטערשיקן מענטשן צו דעם ייד, דאָרט, מ׳האָט אים צוגעזאָגט הרים וגבהות, אַבי מ׳זאָל שוין אַמאָל קומען צו אַ שטיקל אויסגלייך, ס׳זאָל נעמען אַ סוף, מ׳זאָל אַדורכקומען. דער ייד איז שוין געווען אַזוי צעדרייט, אַזוי אויפֿגעשרויפֿט פֿון די צוזאָגן, מיט די שווינדלענדיקע ציפֿערן, אַז ער האָט באַדאַכט אָנגעהויבן נאָכצורעכענען — אפשר... טאַקע... נאָך אַלעמען... אַ חוץ דעם האָט עס סיי־ווי אויפֿגעהערט צו טויגן — די קליענטן האָבן אָפּט אָנגעהויבן צו פֿאַרבלאָנדזשען צו זיי דאָרט, פֿון פֿאָרנט, אָנשטאָט צו אים, פֿאַרשטעקט אין פֿינצטערן הויף, אויף די אַלטע שטיגן. די פֿאַנטאַזיע האָט זיך אין איר אין יענע פּאָר חדשים שטאַרק צעשפּילט, אין שיינדלען. זי האָט נאָר מורא געהאַט, דער ייד זאָל ווידער אַמאָל נישט חרטה קריגן, זאָל זיך דאָרט נישט נעמען אַמאָל אינסטאַלירן אויף אַ רעכטן אמת, נעמען זיך רעמאָנטירן, דורכהאַקן די ווענט אין דעם אַלטן הויז, די קאַמינען, די לופֿטעס... זי איז געשטאַנען אין געבלימלטן מאָרגן־ראָק אויפֿן באַלקאָן אין זוניקן סוף יאַנואַר־פֿרימאָרגן, ווי ס׳גיט זיך אַמאָל אויס אין די פּאַריזער וועטערן, ווען ס׳טוט פֿלוצים אַ ווייע אין דער לופֿט מיט ערב־פֿרילינג. דער הימל איז געווען שיטערלעך און בלוי. די גאַסן אַרום מזרח־וואָקזאַל האָבן געהילכט פֿון דער שווערער פֿאָרעריי.

אַנרי האָט זיך באַלד באַגינען אויפֿגעריסן און איז געלאָפֿן. דאָס האָט זי אים אַרומגעשיקט. ער האָט איבערגעלאָזן דאָס אויסגעוואַרעמטע בעט, סיזאַנען, אַ פֿאַרטראָגענע אין ווייטע חלומות, אומגעדרייט צו דער וואַנט, און האָט אַוועקגעאיילט. טעג און וואָכן אַזוי האָט ער קיין צייט נישט געהאַט אויסצורעדן מיט איר אַ פּאָר ווערטער. טויזנט קלייניקייטן זענען געווען צו באַזאָרגן — ראַנדעוווען, טעלעפֿאָנען, קלאַפּן אין אַ סך פֿרעמדע טירן, קומען מיט מוסטערן און צוגענגלעכע פּרייזן אין די גרויסע מאַגאַזינען אַרום די בולוואַרן. מ׳האָט באַדאַרפֿט נאָכגיין, נאָכשפּאַנען, נאָכיאָגן, נישט אָפּשטיין.

מיטן „בוטיק” ווידער איז אויך געווען אַ גאַנצע קאָפּ־פֿאַרדרייעניש; אַ „בוטיק” אין אַ זייטן־גאַס, וואָס שיינדל איז געלאָפֿן און איינגעצאָלט דע־

רויף 150 טויזנט פראַנק. זי האָט געבערענגט צופירן אַנרין אים צו ווייזן. ער איז אָבער נישט געווען באַגייסטערט שוין פון ערשטן בליק. ער ווידער איז געלאָפן צו איינעם אַ באַקאַנטן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ קליין „בוטיקל״ אויף רי אָבערקאַמף, אַ „בוטיקל״, מיט אַן אויפשריפט „צום קליינעם בער־נאַר״, פון צוויי איילן די ברייט, אַ טיר, אַריינגעשטופּט צווישן אַנדערע געוועלבער און שילדן. די פאַרבייגייער — אַרבעטער, הויז־באַלעבאָסטעס, קליינע געשעפט־פאַרקויפערינס — זיי האָבן איינגעקויפט ביי אים אַן אַרבעטס־קאָמבינעזאָן, אַ פּאָר זאָקן, אַ בלוזקע, אַן אַרבעטס־העמד; און ס׳איז, שטילערהייט, גאָרנישט שלעכט געגאַנגען. דער קליינער ייד האָט אים באַלד ברייטלעך אַ זאָג געטון:

— אַנרי, זונטיק נאָכמיטאָג וועל איך קומען אַ קוק טון.

דער קליינער ייד האָט נישקשה געוווּסט וואָס ער האָט דאָרט אַ קוק צו טון. זיי האָבן גענומען אַ טאַקסי און זענען אין זונטיקדיקן נאָכמיטאָג אַראָפּגעפאָרן אַהין. דערלעבן, די גאַס אין דער קוועך, איז געווען די הויפּט־אַרטעריע, וואָס האָט אַראָפּגעפירט צום מזרח־וואָקזאַל. דאַכט זיך, גוט. דאָרט זענען געווען עטלעכע שטילע קאַפייען, האָטעלן, וועשינס. דער קליי־נער ייד האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער מיט טראָטואַר און אַנרי איז שוין געווען אומרואיק.

— נו, וואָס זאָגסטו?

— וואַרט, לאָז מיר נאָר אַ רגע באַטראַכטן.

שיינדל האָט זיך באַלד גענומען דענערווירן.

— מאַדאַם — האָט זיך דער קליינער ייד אָפּגערופן — גייט, זייט אַזוי גוט, אַריין אין דער קאַפע קעגנאיבער, זעצט אייך אַוועק און באַשטעלט עפּעס... אויף מיין חשבון...

— מיר דאַכט זיך, אַנרי — האָט ער זיך באַלד דערנאָך אָפּגערופן, דער קליינער ייד — אַז וועסט מעגן לאָזן פאַרפאַלן גיין די פּאָר פראַנק... אָט וועסטו באַלד זען...

ער האָט אָפּגעשטעלט איינעם אַ מיטליעריקן פראַנצויז, לויטן אויס־זען אַן אַרבעטער, וואָס איז אַרויס פון דער קאַפע.

— האָסט נישט אַ שטיקל פּייער? — האָט ער אַ בעט געטון און דערביי אויסגעשטרעקט צו יענעם דאָס פּעקל „גאָלואַז״.

יענער האָט דערביי אַרויסגענומען אַ פּראָסטן, ביליקן רייב־שטיין און מיט פאַרהילצערטער פינגער אונטערגעטראָגן אים פייער.

— ווייסט נישט ווו דאָ איז אַ בוטיק פון אונטער־וועש? — האָט ער אים אַ פרעג געטון.

— דאָ זוכסטו אַ בוטיק פון אונטער־וועש? ווער וועט דען קומען אַהער? — האָט יענער געלאַכט — אָט דאָ באַלד דערלעבן, ווו ס'איז פול מיט קאַפּייען, דאָרט קענסטו אַלץ געפינען. דאָרט, ווו אַלע שטופּן זיך... דאָ איז צו שטיל, מענטשן זאָלן קומען אַהער קויפן... דאָ קאָסט אויך טייער...

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? — האָט דער קליינער ייד דערנאָך געקרעכצט — וועסט מעגן לאָזן פאַרפאַלן גיין די פּאָר פראַנק, אַנרי... האַק אָפּ ס'געשעפט... וועסט נישט דערלייגן... פאָלג מיך...

אָבער די געגנט האָט אים פאָרט געצויגן; די געגנט אַרום מזרח־וואָקזאַל האָט באַקומען פאַר אַנרין אַ נייע פאַרב, אַ נייעם ריטם. אין מאָרגן־גרוי, אין מאַסן־געדראַנג אַרום די גרויסע אַרטעריעס, אין די אָנגעפּראָפּטע אויטאָבוסן, מעטראָס, צווישן דעם שטראָם אומבאַקאַנטע פּנימער, ווערט נאָך שטאַרקער דאָס געפיל פון פאַרטיידיקן זיך, נישט פאַרלוירן צו ווערן, נישט דערדריקט צו ווערן ווי אַ זעמדל צווישן המון, וואָס קען דיך צע־טרעטן און, ווי קיינמאָל גאָרנישט, ווייטער פליסן. די פּאַניק הענגט אין דער אָנגעגליטער, עלעקטריזירטער לופט. כמעט אַלע פון דער קאָנפעקציע־בראַנזשע האָבן שוין פאַר דער צייט געהאַט איינגעהאַנדלט זיך זייערע אייגענע קליינע וואָגנס, אַ לויף צו געבן, אַן אייל צו געבן, נישט צו שטופּן זיך מער אין די אויטאָבוסן, מעטראָס און געדונגענע טאַקסיס, וואָס מען שטעלט מיט אַ פייף אָפּ אויפן ראָג און וואָס טרייבן אומגעריכט אַריין אין אַ סך איבעריקע הוצאות.

אויפן קרייץ פון גאַסן, אין באַגינען־דעמער, מיטן טאָג־אויפברוך, טרייסלען זיך ביים צופאָר פון מזרח־וואָקזאַל די געפּלאָסטערטע ברוקן פון אַ שווערער פאָרערײַ. אַלערליי טראַנספּאָרט־ און לאַסט־אויטאָס יאָגן אָן פון די נאָענטע האַליעס, פון די מאַגאַזין־לאַגערן אַרום וואָקזאַל. די זיבן־אַכט שטאָק פּענצטער אין די האָטעל־הייזער, געדיכט אַריינגעשפּאַרט איינס אינעם אַנדערן, שטייען נאָך מיט אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן און פאַרהענגלעך, נאָך אַ שפּעט־פאַרענדיקטער וואַך־נאַכט. כאָטש ס'איז נאָך פינצטערלעך, לאָזן זיך אַרויף מיט רעש די זאַלוזיעס פון די גרויסע, ראָגאָווע קאַפּייען. אין די נישעס פון דער גאָטישער קירך כאַפּט זיך אויף, צוזאַמען מיטן קילן פּאַריזער פרימאָרגן־אַראָמאַט, דאָס באַגינענדיקע וואָרקען פון די טויבן. די פאַרשטעקטע ביסטראָס, אַריינגעשטופּט צווישן מויערן, זענען שוין פון לאַנג אָפן. ס'בלענדן דאָרט אין נעפּלדיקן באַגינען די נעאָן־לעמפּ. ס'איז צו באַמערקן, אַז די קליינע, זייטיקע ביסטראָס מאַכן געוויינלעך אַלע־מאָל אויף אַ טיר מיט אַ טומבאַנק, מיט הויכע באַר־זעסלעך, מיט אַ בלאָנ־

דער, לייביקער, שמייכלענדיקער באַלעבאָסטע הינטערן צינק, דווקא דאָרט, ווו ס'איז מיטאָג־צייט און אין די אָוונט־שעהן אַ גרויסע באַוועגונג — ביי די טירן פון פאַבריקס־הייף, ביי די לאַנגע, פינצטערע הייף פון די קליינע פוריער־אַטעליעס און האַנדלס־ביוראָען, פון וואַנען ס'שיטן זיך מיטאָג־צייט אַרויס די קליינע אָנגעשטעלטע, די אַרבעטער; ווו עס פאַרפאָרן נאָכאַנאַנד די הויכע לאַסט־פורגאָנעס און האַנט־וועגעלעך; ווו ס'איז אַ געדראַנג און אַ באַוועגונג פון מענטשן.ביים צינק באַגעגענען זיך געוויינלעך עטלעכע היימישע. דער פּאַטראָן, אָדער די פּאַטראָנקע טראָגן שוין אַליין אונטער, נישט פרעגנדיק אַפילו, זייער באַליבטן אַפּעריטיוו אין די קליינע געשליפענע גלעזלעך.

דער באַלעבאָס פון דער קליינער ביסטראָ קעגנאיבערן הויז, ווו ס'קלאַפּט דער פּולס פון יידישע אינסטיטוציעס, איז יעדן טאָג שטעקן־געבליבן אין דער נידעריקער טיר און אַריבערגעקוקט צום טויער, ווו מענטשן זענען כסדר אַריין און אַרויס. ער האָט דאָ צוערשט גאָרנישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. זעלטן־ווען עמיץ האָט זיך אַריינגעכאַפּט בעטן אַ קאַפּע־קרעם, שטאַרק צוגעוויסט. און נאָר איין אַנרי האָט, לויפנדיק פון די נאָענטע גאַסן, ווו ס'איז דער צענטער פון זיין קליענטעל, פון אַלע זיינע עסקים, אַוועקגעוואָרפן זיך, אַ מידער, ביי אַ ליידיק טישל. ער האָט זייטיק, מען זאָל אים נישט באַמערקן, אַריבערגעקוקט דורך דער פאַרהאָנגענער שויב; שוין לאַנג, אַז ער ווייזט זיך אַהער נישט אַרויף. ער האָט זיך עס נישט געקענט שענקען.

ס'איז די פאַריזער לייכטקייט פון געמיט, וואָס מען דערפילט טיילמאָל אַזוי באַשיינפּערלעך, ווען מען זיצט ביי אַ טישל אין אַזאַ ביסטראָ, דווקא אינעם טומלדיקסטן קנופּ, און ס'טראָגט דיך אַוועק אַ לייכטער ווינער וואַלס פון שפּיל־קאַסטן. ביי אַלע אַרום וויגן זיך מיט די פיס, צום לייכטן ריטם. אונדזער פאַרשאָלטענער שווערער יידישער געמיט, מיט די זכרונות, רעמינעסצענצן, עמאָציעס, נאָכטראַכטעניש און פּראָבלעמען!... ווער באַדאַרף זיי? ווען זענען זיי נייטיק? נאָכוואָס דרייען מיר זיך אַרום אין וועלט־כאַאָס מיט אונדזערע שווערע הערצער? עס דוכט זיך אונדז אַלץ — מיר וועלן דערלייזן די וועלט...

אַן אַנדערש מאָל ווידער האָבן אים די פיס בלינדערהייט פאַרפירט צו די ענגע געסלעך, אַרום רי דע ראָזיע, אָפּצוטוישן אַ ביסל וואַלוטע, וואָס האָט זיך נאָך ערגעץ, מען ווייסט גאָרנישט פון וואַנען, פאַרוואַלגערט ביי שיינדלען; ווייל מ'האָט אַלץ באַדאַרפט אַ סך געלט, מ'איז כסדר געווען פאַרענגט. אין דער שמאָלער גאַס, צווישן די אַלטע מויערן, ברענען אינמיטן העלן טאָג, אונטער די נידעריקע באַלקנס, די עלעקטרישע לעמפּ אין

די קליינע רעסטאָראַנען, וווּרשט־געשעפטן, יאַטקעס און אין די געשעפטן פון היימישע קאָלאָניאַל־סחורות, ווו ס׳שמעקט מיט צימערינג, ראָזשינקעס און מאַנדלען. פון די טירן און נישעס שאַרן זיך אַרויס יידענעס, אָדער געלע יידן מיט בערד און פיאות, און קוקן אייך נאָך מיט חשד. נאָך אַ פּאָר טריט, און עמיץ פאַרהאַלט אייך.

— איר זוכט עפּעס ?... וואָס זוכט איר ?...

זיי ווייסן אָבער, אַז אַהער לאָזט מען זיך נישט אַראָפּ גלאַט אַזוי.

די נייע, נאָך־מלחמהדיקע באַגריפן „האַרטע" און „ווייכע", אָדער „חזירימלעך", זענען נאָך דעמאָלט געווען אין פרעמדן, בהלהדיקן אומגאַנג־לשון, אין געדיכטן זשאַרגאָן, אין מויל פון די אָנגעלאָפענע יידן אין די קליינע, זייטיקע רעסטאָראַנען און קאַפייען — אין די שמאָלע געסעלעך אַרום „פּלעצל", אין די פּוריער־קאַפעס אַרום רי רישע. די אַלע האָבן געוואָגלט, געמאַטערט זיך פאַרן נאַקעטן שטיקל לעבן, זענען געלאָפן דורך די נאָך־מלחמהדיקע, אויפגערודערטע שטעט פון מיטל־אייראָפּע. זיי האָבן אָנגעברענגט מיט זיך אַן אומרו, פון וועלכן ס׳איז מער אין ערגעץ נישט געווען צו אַנטלויפן. אין די קליינע, אומעטיקע האָטעלן האָט זיך אויפסניי פאַראַנקערט אַ שטיק אַלמאַ־אַטאַ, אַ שטיק לאָדזש, אַ שטיק ווראָצלאַוו, אַ שטיק מינכען. מ׳איז געזעסן אויף די וואַליזעס.

פון אַלע אומנאָרמאַלע יידישע אימיגראַציעס, וואָס זענען דורכגעפלאָסן פּאַריז, זינט יאָרן, האָט זיך אין די אַלע ענגע ווינקעלעך אָפּגעזעצט אַזאַ מין שיכט צעטומלטע יידן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט וואַלוטע־האַנדל, מיט זייטיקע, נישט גאַנץ כשרע מסחרימלעך; זיי זענען מיט דער צייט געוואָרן ווי די באַראָמעטרעס, ווי די וועטער־פענדלעך פון אַלע מאָרגנדיקע און איבערמאָרגנדיקע אינטערנאַציאָנאַלע קאַלקולאַציעס, האָסעס און בעסעס, אויפן פינאַנציעלן וועלט־מאַרק. זיי האָבן דורכגעלעבט אַלע מעגלעכע קאַטאַסטראָפעס פון מענטשן־ און געלט־ווערטלאָזיקייט. זיי האָבן געקענט אַדורכפירן די סאַמע אומגלויבלעכסטע אָפּעראַציעס און טראַנספערן, וואָס האָבן באַדאַרפט דערצו דעם קאָמפּליצירטן אַפּאַראַט פון בענק און פון רעגירונגען. זיי האָבן דורכגעוואַנדערט די לאַגערן פון דייטשלאַנד, קומענדיק אָנצולויפן פון די אויסגעמאָרדעטע געטאָס, פון אַלע באַהעלטענישן, פון דער עוואַקואַציע אין ווייטן סאָוויעטישן הינטערלאַנד, און האָבן געקענט אַלע מעגלעכע קאָמבינאַציעס פון פאַרשטעקן, פאַרבאָרגן און זיך אַליין פאַרמאַסקירן אין טויזנטער מאַסקעס. זיי זענען אַלעמאָל נאָך געווען אינמיטן אונטערוועגנס, זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געוווּסט וווּהין ערגעץ עס וועט זיי פאַרטראָגן דער סוף פון זייער טרויעריקן, ענדלאָזן וואַנדער.

אַזאַ זייטיקער איינגייער אין די ווינקל־קאַפּעס איז ער מיט דער צייט געוואָרן, אַנרי. שיינדל האָט אים כיטרע אַ פּליסטער געטון און ער האָט בלינד געפאָלגט. אַזוי פאַרפלאָנטערט האָט ער זיך געפּילט אין איר נעץ.

— נאָר ביי זיי דאָרט וועסטו דערגיין אַ טאָלק... — האָט זי אים אַ פּליסטער געטון. — גיי — האָט זי אים געשטויסן — און ווער באַצייטנס געוויר...

ער האָט זיך צוערשט פּשוט געשעמט אַראָפּצולאָזן זיך אַהין, ער האָט זיך צוערשט געשעמט אויפצועפענען דאָס מויל, די קלאָפּעס אויפגעשטעלט, דעם דאַשיק איבער די אויגן. די לייט, וואָס דרייען זיך דאָרט, און די אויגן דרייען זיך ביי זיי אונטערן שטערן, האָבן זיך אָבער באַצייטנס דער־קענט אויף אים. ס'איז אים געגאַנגען, האָט ער האַלב געשטאַמלט, אין... אויסטוישן געוויסע ווערט־זאַכן...

— וואָס הייסט ביי אייך אויסטוישן, רב ייד? — האָט איינער אַ יונגער־מאַן מיט געדיכטע קעמפּעס פון אַ קופּער־רויטן אויסוווקס אויף די בלייכע, מאָגערע באַקן, אַרויסגעזונגען מיט אַ ניגון — זאָגט, אַז איר ווילט אויס־טוישן אַ ביסל „האַרטע" אָדער „ווייכע" און פאַרטיק... מיט מיר קענט איר רעדן אָפן.

און אַז ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַ מורמל געטון אונטער דער נאָז, האָט מען אים גענומען נאָכשלעפּן זיך אין די ווינקעלעך. דער יונגער־מאַן מיט די הייסע אויגן און מיט די געדיכטע, קופּער־רויטע האָר־קעמפּעס האָט אים געריסן פאַרן אַרבל.

— זאָגט וואָס פאַראַ סחורה האָט איר? „לואידאָרס", אָדער שטענג־לעך?

ער האָט זיך נאָך קנאַפּ־וואָס פאַרשטאַנען אויף אָט דעם געדיכטן, גע־פּליסטערטן לשון. ער האָט אויסגעזוכט אַלערליי הינטערגעסלעך, וואָס האָבן געפירט צו די נידעריקע, אָנגערויכערטע און חשודיקע קאַפּעס, ווו אָט די לייט האָבן זיך געדרייט. ער האָט געוווסט, אַז דאָ שמעקט מיט שווינדל, מיט אָפּנאַרעריי, אַז דאָ וואַכט אפשר ערגעצווו, פאַרשטעקט און אומגעזען, אַ פּאָליציייאיש אויג. אָבער מער נאָך פון דעם אַלעמען האָט אים געשראָקן, ס'איז אים אַזש הייס געוואָרן, טאָמער באַגעגנט אים אין די ווינקל־קאַפּעס איינער פון די באַקאַנטע. טאַקע, וואָס וועט איר אים זאָגן, אַ? ער האָט נאָך דערוויל דאָס געלט נישט געוווּנען פון אויסנוצן פרעמדע הענט, פון עקספּלואַטאַציע. טאָ פאַרוואָס טאָר ער נישט? ער האָט מער אַליין נישט געוואָלט וויסן פון וואַנען דאָס געלט שטאַמט.

ס'איז אַזוי וויט דערגאַנגען, אַז אַנדערע אין זיין לאַגע, האָבן זיין שווייגן אויך אָנגענומען פאַר פאַריבל, פאַר קלוגן און זייטיקן אַריינבליקן

אין יענעמס פאַרבאָרגענע געדאַנקען. קיינער האָט אים גאָרנישט געקענט פאַר אַזאַ שווייגער און מ'האָט זיך אָנגעהויבן פילן אומבאַקוועם פאַר אים. דוכט זיך, דער זעלבער פריילעכער און לעבעדיקער אַנרי. אַנדערע האָבן זיך שמייכלענדיק געריוויטלט און, מאָדנע צעטראָגן, גאָר גענומען פון דער העלער הויט פאַרענטפערן זיך פאַר אים, ווען ער האָט זיי גאָרנישט גע־פרעגט אַפילו.

— וואָס ווילסטו, אַנרי ?... — האָבן זיי זיך אַזויווי געבעטן ביי אים — מוזסט נעמען אין אַכט... מיר לעבן פאָרט אין קאַפיטאַליסטישע באַדינ־גונגען... וואָלט שוין אַמאָל דאָ אויך געקומען דער סאָציאַליזם. פטור, וואַרף איך, גלויב מיר, אַלץ אַוועק... אָבער אַזוי... מ'ווערט עלטער... די כוחות זענען נישט מער ווי אַמאָל... יעדער סעזאָן מיט די נייע קאָמפליצירטע מאָדעלער... מען קען פון זינען אַראָפ. מ'דאַרף אויסהאַלטן אַ שטוב, קינ־דערלעך. מ'קען נישט מער, ווי אַמאָל, לעבן אין אַ האָטעל און עסן אין אַ ביליקער קיך. דער מאָגן אַרבעט שלעכט... די ציין... די נירן... דאָס האַרץ...

ער האָט זיך אַליין אויך געפילט פאַרלוירן, אַנרי. ס'איז געווען ווי די מענטשן וואָלטן אַנטדעקט זיינע אייגענע טראַכטונגען, ווי אַ פרעמד מויל וואָלט אַרויסגערעדט זיינע אייגענע רייד... ער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און האָט זיך שטיל, דאָס קעלנערל אויפגעשטעלט, אַראָפגע־שאַרט פון די שטיגן, פונעם קאָכעדיקן הויז, ווו ס'האָבן גערוישט די יידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. ער איז צוריק אַוועק צו יענעם אַלטן הויז, ווו ער איז אַמאָל געקומען קלאַפן אין איטשל ברוינערס טיר, אין דער אַטעליע, מיט אַן אָפן מויל און אַן אָפן געלעכטער. דאָס אָפענע געלעכטער האָט זיך אָפגעטון פון אים. ס'איז געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך, ווי ס'וואָלט שוין מער נישט געווען קיין צוריק.

אַ סך מאָל האָט ער געוואָלט נעמען און אויסזאָגן עס סיזאַנען און אַ סוף זאָל עס נעמען. וואָסי ? זאָל זי אויך זיין מיט עפעס פאַראַנטוואָרטלעך, זאָל זי אויך וויסן, זאָל זי אויך העלפן טראָגן דעם שווערן מאָראַלישן עול אויף אירע אַקסלען. זאָל זי וויסן אין וואָס עס גייט דאָ — אינעם גאָלד גייט עס דאָ. אָבער שיינדל איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן.

— זאָלסט, למען השם, נישט דערוועגן, אַנרישי... — האָט זי אַלעמאָל הייס אַריינגעפליסטערט אין אים — דו ווייסט נישט וואָס פאַראַ צרות די מייד קען נאָך אָנמאַכן...

און אים איז אַ רחמנות געווען אויפן מיידל. נאָכוואָס איר ווידער צערו־דערן ? נאָכוואָס ?

צו שיינדלען ווידער זענען אויך זייטיקע מענטשן צוגעשטאַנען.

— כ'ווייס... איטשל, זאָגט מען, האָט אייך גאַנץ גוט פאַרזאָרגט...

— שיין פאַרזאָרגט... אַלע מיינען טאַקע... מיינע שונאים זאָלן עס מער נישט פאַרמאָגן...

אַפילו אין די אָוונטן האָט זי מער נישט געוואָלט אַראָפּגיין, סיזאַן. די משפּחה־רעדער אונטער די אויגן זענען נאָך שאַרפער אַרויסגעטרעטן ביי איר. זי איז געווען נישט פאַרקעמט, נישט אָנגעטון. גאָרנישט האָט איר מער געפרייט פונעם הויז, פון געפונענעם גליק. זי האָט זיך נאָר געוואָנדערט אויף אים, אויף אַנרין, און ס'האָט איר פאַרדראָסן; אויך אויף דער אייגענער מאַמען האָט איר נאָך אַלץ פאַרדראָסן. אין דער מאַמעס רייד איז אַלעמאָל געווען מער באַדויערן צו זיך אַליין, ווי צום טאַטן.

אין די נאָך־ביי־יאָר־טעג, ווען ס'איז אַביסל שטילער געוואָרן אין דער אַטעליע, אין גאַס, אויפן מאַרק, האָבן אַנרין די אָוונטיקע, פאַרווישטע פּייערן פון מעטראָס און קאַפּייען מאָדנע פאַרלאָקט און פאַרפּירט. די פּיס האָבן אים אומגעריכט געטראָגן. ער האָט געוואָלט טרעפן אַ מענטש, פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך אַביסל. אַזאַ לאַנגע צייט, ווי ער האָט געלעבט פאַרגראָבן ווי אַ קראָט אונטער דר'ערד און געגראָבן. צו עפּעס האָט ער זיך פאָרט דערגראָבן. אָבער ס'איז נישט געווען דאָס. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג פאַר עמיצן אַראָפּצורעדן זיך, אויסשרייען פון זיך עפּעס, מתוודה זיין זיך. שיינדל איז דיקלעכער געוואָרן, האָט אויפן זומער געזוכט ווו ערגעץ אַרויסצופאָרן, האָט אים געטריבן צו קויפן אַ וואָגן, אַ שטיקל הייזל אויפן דאָרף.

אַפילו אין דער סאָסיעטע, וואָס איז זיך געוויינלעך צונויפגעקומען אין אַ קאַפּע אויפן רעפּובליק, האָבן זיי עס עפּעס גיך דערשמעקט.

— כ'האָב געהערט — האָבן זיי אים דאָרט אָנגעקוקט מיט פאָרשנדיקע בליקן — אַז ס'גייט דיר, קיין עין־הרע, נישט שלעכט, אַנרי...

— נישט צו פאַרזינדיקן... — האָט ער געלאַכט פרעמד און געפילט, אַז ס'איז נישט דאָס זעלבע פרייע געלעכטער זיינס פון אַמאָל.

אויך די אַלע מענטשן פון דעם שניט האָבן נישט גערוט. עפּעס אַן אינעווייניקסטער אומרו האָט זיי געטראָגן. צו קאַרגע פופציק יאָר האָבן זיי כמעט אַלע געהאַט שוואַכע הערצער, אַ הויכן בלוט־דרוק, האָבן געהאַט צו טון מיט די מאָגנס, מיט די לעבערס, מיט די נירן; האָבן איבערגעלאָזן אויף הפקר די געשעפטן מיט די אַטעליעס און זענען נאָך פּלינק, ווי די יונגעלייט, געקומען אָנפילן די אָנגערויכערטע זאַלן; זיי זענען געזעסן מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, ערנסט און פייערלעך, ווי אַמאָל, אין די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען, ווי אין די ענגע, דושנע לאָקאַלן פון דער אַלטער היים: פרום און מיט דרך־ארץ, זענען זיי געקומען אויסהערן אַ רעדנער אויף דער נידע־ריקער טריבונע. באַקאַנטע פּנימער, וועלכע מ'האָט אַמאָל באַגעגנט; ס'האָט

געקענט זיין אויף די טרעפּ פון דער „קולטור־ליגע״, אין די אָנגערויכערטע צימערלעך פון סינדיקאַטן, אין די היימישע רעסטאָראַנען אויפן בעלוויל, אָדער אין נאַקעטן, אַרומגעשיילטן קלוב צווישן די אַלטע געסעלעך. מען זעט זיי שוין לאַנג מער אין ערגעץ נישט.

דער באַקאַנטער פון אַמאָל, וואָס האָט אים אַ כאַפּ געטון אונטערן אָרעם, האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזן. ער האָט אים אין דעם אָוונט גע־פירט פון איין טומלדיקער קאַפע אין דער אַנדערער, געפרייט זיך מיט אים, אַריינגערעדט אין אים און האָט אים סוף כל סוף פאַרפירט צו זיך, אין אַ שיין הויז, אין אַ שיינער געגנט. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן מיט אַ ווינדע; אַנרי האָט זיך בלינד געלאָזן פירן. ס'איז געווען אַ קליינער טאַטע און אַ גרויסער, אויפגעשאָסענער זון, אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן מסתמא. דער קליי־נער אייביק־פאַרדאגהטער, אָנגעכמורעטער טאַטע מיט די פּאָר שיטערע, בלאָנדלעכע האָר אויפן שאַרבן, איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק פון די אַטע־ליעס; ער איז ווידער אַ געוועלבניק, אַ קאָמערסאַנט, אַ קאָנפעקציאָנער. ערשט נישט לאַנג צוריק איז ער נאָך געווען אַ שטיקל פּאַסאַניער, געאַרבעט צוביסלעך מיט אייגענע שטאָפן; אין די פּאָר נאָך־מלחמה־יאָרן האָט ער זיך געטון אַ הייב אַרויף. און דער זון — ווידער איבער די ביכלעך. מען זעט ווי ס'טראָגט אים, דעם יונגנמאַן. דער טאַטע ברעכט זיך דעם קאָפּ, האָרע־ווען, האַלט אים אויס; און ביים זון איז שוין באַצייטנס קענטיק די זעלבע אַמאָליקע פאַראַכטונג „אונדזערע״, ווען מיר האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פולן קאָפּ נייע אידייען, ווען מיר האָבן זיך געריסן צו אַנטלויפן אין דער גרויסער וועלט אַריין פון יענע אומעטיקע, אויסגעליידיקטע שטעטלעך.

און ער האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט מיט אַנגסט, דער פּאָטער — מאָדנע, ווי דאָס ייִנגל ווערט אינגאַנצן ענלעך צו אים אַליין, אַוודאי מיט אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק־דרייסיק צוריק, ווען ער איז נאָך געזעסן אויפן קאַרק ביים קליינעם טאַטן, וועלכער האָט אַליין שווער געצויגן די בידנע היונה פון אַ געוועלבל. ס'איז געווען די אויסזיכטלאָזקייט, וואָס האָט אים דעמאָלט אַרויסגעטריבן פון שטוב. ער האָט געשלונגען ביכלעך און גע־חלומט פון אַ בעסערער, יושרדיקער וועלט. דער אומעט, די פּאָליציי־פאַר־פאָלגונגען האָבן אַרויסגעטריבן; און ער האָט זיך, ווי אַ סך אַנדערע פון זיין שניט, אין אַ שיינעם פרימאָרגן אויפגעכאַפּט, מיט אַ פּאָר צעאָדערטע העמדער פאַרוויקלט אין אַ וואַליזקעלע, און איז אַנטלאָפן פון דער היים, אויף שטענדיק שוין, האָט זיך געוואַלגערט אין אַ פרעמדער, גרויסער שטאָט, צוגעהונגערט, געלערנט זיך אויסמאַשינען אַ שטיקל. דערנאָך האָט ער, ווי אַ סך אַזעלכע יונגעלייט, געשוואַרצט גרענעצן, אַרומגעדרייט זיך אין פּאַריז אין די אָרעמע, אַרומגעשיילטע אַרבעטער־קלובן, אין די פּאַ־

רויכערטע צימערלעך פון סינדיקאַט, איינגעשאַפּט זיך מיט גרויס צרות פּאַפּירן, געלעבט אין אַן אָרעם האָטעל־צימערל ערגעץ אויפן בעלוויל. ערשט אין 1936, בעתן פאָלקס־פראָנט, איז אַביסל לייכטער געוואָרן. ס'איז געווען אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען אַ מענטשלעכן לוין, אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר פראַנק, דינגען זיך אַ דירהלע און איינאָרדענען זיך צוזאַמען מיטן מיידל, די „האַנט", פון זיין אַטעליע. זי האָט ווייטער געאַרבעט און ער האָט ווייטער געאַרבעט.

די ווערטער אין זיין מויל, די אַמאָליקע שטאַרקע ווערטער, זענען ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען פאַר דער צייט, זענען פאַרבלאַסט געוואָרן, האָבן אַזויווי אויסגעוועפּט. ער האָט עס אַליין דערפילט. וועגן וואָס זאָל ער רעדן? וועגן עקספּלואַטאַציע? וועגן יושר און גערעכטיקייט? אָבער ער שטאַמט דאָך פאָרט אַליין פון אַן אַנדער דור, פון יענער שאַרפער פּאָ־ליטישער און עקאָנאָמישער פּאָגראָם־עמיגראַציע. ווען איז עס געווען? ערשט גאָרנישט לאַנג, דוכט זיך, אַוודאי מער ווי מיט אַ פערטל יאָרהונ־דערט צוריק, ווען ער איז אַריינגעפאַלן אַהער, געוואַלגערט זיך אויף די טרעפּ פון דער „קולטור־ליגע", אין אַרומגעשיילטן קלוב פון די בעלווילער יידישע אַרבעטלאָזע, אָן פּאַפּירן, אָן קרובים און פריינט. דערנאָך... יענע יאָרן... די „אָדלער־נעסט"...

— אָט דערציילט מען — האָט יענער אַלץ גערעדט אָפּגעריסן — אַז דאָס באַרימטע יידישע נאָדל־פאַך אין ניו־יאָרק, דאָס עמך־שער־און־אייזן־פאָלק פון יידן, באַלמעלאָכעס, שאַפּ־אַרבעטער, מיט דער הויכער, אויסגעע־האָרעוועטער פלייצע, מיט דער אייביקער נאָדל אין לאַץ, געפינט זיך שוין גאָר היינט אין די הענט פון איטאַליענער. זיי זענען די שאַפּ־אַרבעטער און די יידן — מערסטנס פּאַטראָנען, קאָנפעקציאָנערן, וואָס טוען נאָך אַפילו היינט אָן האַלב ניו־יאָרק.

צווישן אַזעלכע ווי ער האָט זיך מיט דער צייט געשאַפן אַ מין באַ־זונדערע אינטימיטעט; מ'האָט אָנגעהויבן צו פאַרפאָרן מיטן וואָגן איינער צום אַנדערן אין אַ זונטיק, צוזאַמען מיט די אונטערגעוואַקסענע קינדער, כאָטש פריער איז מען געווען אַביסל פונדערווייטנס. אַ שיין, רחבותדיק הויז, פון דער קיך צעגייען זיך געשמאַקע ריחות. די ווייטערדיקע שטיבן זענען זונטיקדיק־פאַרמאַכט. דאָרט איז אַ גאַנצע וואָך דער רוך, דער בינ־שטאָק, די אַטעליע, די מאַשינען.

ס'טרעפט, אַז מאַן און ווייב לעבן אָפּ מער ווי אַ האַלב לעבן, געבוירן קינדער, מאַטערן זיך, האָרעווען, דרייען, שווינדלען, ביז מען דערשלאָגט זיך צו אַן איינגעפּונדעוועט הויז, צו געשעפטן; און מען כאַפּט זיך לסוף, אַז — ס'איז נישט דאָס. ס'ווייעט אַ פוסטקייט. גאָר אַמאָל האָט עס געהייסן

— „פרייע ליבע״... „אַרויסרייסן זיך פון פאַנאַטיזם״... זי איז געווען אַן אָרעם אַרבעטער־מיידל; און ווען די צוויי יינגלעך זענען געבוירן געוואָרן, האָט זיך די משפּחה אַריינגעלייגט און מ׳האָט זיי בייגוואַלד גע׳יידישט... ס׳האָט געהייסן, אַז זיי ווייטן פון גאָרנישט... אַצינד זענען עס צוויי פעט־לעכע זין... זיי פירן שוין אַליין געשעפטן. „אין אָט די ראַפּינירטע סוחרים האָב איך עס אַריינגעלייגט אַלע מיינע אידעאַלן וועגן אויסהאָדעווען אַ בעסערן מענטש?״... — האָט ער זיך געפרעגט.

אינסטאַלירט אין טיפן פאָטעל, ביים טישעלע, אָנגעשטעלט מיט דער־פרישנדיקע און דערמונטערנדיקע געטראַנקען, האָט אַנרי געהערט פאַלן איבער זיך רייד, וואָס האָבן דערדריקט:

— זאָג זיך אַליין דעם אמת — דיינע קאָמוניסטישע פראַזן איבער־צייגן מער קיינעם נישט, אַנרי, און כ׳האָב מורא, אַז דיר אַליין אַמוויי־ניקסטן... נישט וויכטיק, צי דו אַליין האָסט אָנגעהויבן קליין, אַריינגע־שטעלט אין מאַשין, נאָך אַ מאַשין, ביז האָסט, אַליין נישט כאַפּנדיק זיך אַפילו, אָנגעהויבן צו לעבן און צו וואַקסן פון פרעמדער פראַצע... ווי דו טוסט עס אַצינד... דיין געלט שטאַמט פון די זעלבע קוואַלן, פון זעלבן פרעמד־פאַרגאָסענעם שווייס... דו זעצט פשוט פאָר דאָס, וואָס אַן אַנדערער האָט אָנגעהויבן, דו לייגסט צו אַ האַנט. זאָל עס אַפילו זיין צוליבן רייכן שידוך, וואָס האָסט געטון. דאָס ענדערט אין גרונט גאָרנישט פון דיין איצ־טיקן סאָציאַלן לייטער, צו וועלכן ביסט דערקראָכן... אַזוי, אַזוי... פון מיר וועסטו זיך אַליין לייכט נישט אַרויסדרייען. כ׳פאַרשטיי, בישקשה...

און ס׳איז נאָך געווען אַ שדיש פייער און אַ שדיש געלעכטערל אין זיינע קליינע, פאַרגאָסענע, פריילעכע, גרויע אויגן, אין זיינע רייד, וואָס האָבן געפּיקט דעם שאַרבן, ווי אַ ראָב.

„ס׳איז מאָדנע מיט אונדז... — האָט אַנרי אַ טראַכט געטון אין היץ — מיר זענען אַוועק, אַנטלאָפן פון די פאַרפּאַטשקעטע געוועלבלעך פאַר דריי גראָשן הערינג מיט נאַפט... די אַרבעט האָט אונדז אויסגעזען ווי אַ גרוי־סער אידעאַל... מיר האָבן געקעמפט פאַר ר׳עכט אויף אַרבעט... און ווי נאָר די שיין פונעם געוועלבל האָט זיך ווידער אַנטפּלעקט פאַר אונדז... ווי וועט איר עס אָנרופן? אינסטינקט, אָדער יידישע ירושהדיקייט?... דער פּוילי־שער קוילן־גרעבער, וואָס איז אַראָפּגעקומען אַהער, רעדט נאָך אַלץ מיט זיינע קינדער פּויליש, קומט יעדן אָוונט אַרויף אַ פאַרשוואַרצטער פון דער קוילן־שאַכט... איז עס אויך — ירושהדיקייט? וואָס איז עס, פרעג איך אייך? פון זעלבן רוי־מאַטעריאַל ווערט געבויט אַ פּאַלאַץ און אַ תּפיסה. דער שטאָף איז דער מענטש. פון זעלבן מענטש האָבן די באַדינגונגען גע־מאַכט אַן עקספּלואַטאַטאָר און — אַ שקלאַף״...

— מוזסט פונדעסטוועגן די זאַך זען אַביסל אַנדערש. — האָט זיך אַנרי אויפגעכאַפּט און געפּרוווט דערווידערן — ס'איז דער מוז פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור, אין וועלכער אונדז קומט אויס צו לעבן... נו, יאָ, די דעפּראָלעטאַריזאַציע, אויב דו ווילסט... אַמאָל האָט זיך דער פּויער אַליין אויסגעאַרבעט זיינע קליידער, דער שטאָטישער אַרבעטער האָט אַ גאַנץ יאָר, יום־טוב און אינדערוואָכן, נישט אַראָפּגעלאָזן פון לייב דעם בלויען קאָמבינעזאָן. די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטרי, דער עיקר אין דער לייכט־אינדוסטרי, האָט אין אַזאַ רייך לאַנד דערפירט צום אויפּבלי פון דער קאָנפעקציע. מען קען זיך אָנטון ביליק און עלעגאַנט און אָפט טוישן די זאַכן. צו דער דאָזיקער אַנטוויקלונג האָבן מיר צוגעלייגט אַ האַנט; און נישט בלויז אַ האַנט — דעם מוח, יידישן מוח, יידישן איינפאַל, יידישע ענערגיע. דאָרט, אין אונדזערע אַלטע היימען, איז פאָרגעקומען פּונקט אַ פאַרקערטער פּראָצעס — פּויפּעריזירונג פון קליינבירגערטום, פּראָלעטאַריזאַציע, שאַרפע פאַראָרעמונג. אָבער אין גרונט גענומען, צי ענדערט עס עפּעס פון אונדזערע אידייען און איינשטעלונגען?

— אָטאָ דאָס איז עס טאַקע... דאָס אומנאָרמאַלע... צי מיר ווילן, צי מיר ווילן נישט, געהערן מיר נאָך אַלץ צו יענעם קלאַס מענטשן. די פראַנצויזן, זאָלסטו וויסן, זענען בעסערע, פלינקערע סוחרים פון אונדז יידן, וואָס פאַרמאָגן אַ מיליאָן, מאַכן אָן אַ טומל פאַר 100 מיליאָן. און זיי, וואָס גייען אין די שטעק־לאַטשן אין סינעמאַ, טראָגן אַן אָנצוג, ביז ער ווערט פאַרגלאַנצט, פאַרמאָגן אפשר מער מיליאָנען ווי מיר. זיי זענען באַשיידן, זיי רייסן קיינעם נישט אויף די אויגן.

— אָבער די ענערגיע... די יידישע ענערגיע... — האָט אַנרי געפּרוווט.

— זיי שאַצן עס אפשר נישט אונטער, אָבער זיי שמייכלען. זיי האָבן נישט קיין צוטרוי. זיי ווערן נישט איבעראַשט. זיי — זיי פילן האַרט דעם באָדן אונטער די פיס. אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון — מאַנס... שטיינס... פעלדס... אַזוי לאַנג ווו זיי וועלן אונדז דערקענען, וועלן זיי צו אונדז קיין איבעריקן צוטרוי נישט האָבן.

ביוראָען און סעקרעטאַרקעס האָט מען פריער באַדאַרפט דורכצוגיין, ביז מ'איז אָנגעקומען צו אָט דעם קליינעם ייד. קיינער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז אונטער דער גרויסער פירמע „פּאַריזיאַנאַ" שטייט אַ קליינער ייד מיט אַ פּאָר שיטערע האָר אויפן שאַרבן, עפּעס איינער אַ פרידמאַן. ס'איז אים אַוודאי געווען גענוג אָנגעזאַלצן אויף דער נשמה, ווייל מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט אים דער באַנק־דירעקטאָר פון דער אָפּטיילונג אין זיין קוואַרטאַל אָפּגעזאָגט די הלוואה, ווען ער האָט זיך ממש געשטיקט. „מיין ליבער פרידמאַן — האָט אים דער דירעקטאָר מיט אַלע העפלעכקייטן באַ־

גלייט ביז צו דער טיר, געדריקט די האַנט, אַרונטערגענומען די בריל מיט די שוואַרצע רעמלעך פון זיין דינער, שטרענגער נאָז — ס׳טוט מיך לייד... מיר שאַצן זייער אייער ענערגיע... ווירקלעך... איר האָט באַלעבט אַ ריי צווייגן פון דער קליין־אינדוסטריע...״

און ווען דער קליינער ייד האָט מיטאַמאָל דערבליקט דעם פּאָרטיער מיט די שטייפע וואָנסן ביי דער טיר, האָט ער פול מיט ביטערן שמייכל אַ זאָג געטון:

— ווען אָט דער פּאָרטיער קומט צו דיר, וואָלסטו אים זיכער יאָ געטרויט.

ניין, זיי האָבן זיך גאָרנישט איבערגענומען, די דירעקטאָרן, וואָס מיר האָבן דאָ מיט אַזויפיל יידישער ענערגיע און דערפינדערישקייט אָנ־געדרייט מיליאָנען־געשעפטן, אויף אַלע געביטן פון מסחר, וואָס מיר האָבן כמעט די גאַנצע קליינע אינדוסטריע אַוועקגעלאָזן אויף נייע רעלסן, וואָס מיר האָבן באַשעפטיקט אַזויפיל אַרבעטס־הענט. זיי האָבן זיך אַלץ באַצויגן מיט אומצוטרוי, זייער העפלעך, זייער שמייכלענדיק, אָבער אַלעמאָל מיט אַביסעלע אומצוטרוי. זיי האָבן געקוקט פון דער זייט, ווי יידן, וואָס פאַר־מאָגן שוין דאָרט אַביסל קרעדיט אין די בענק, פאַרייסן די אויגן מיט וואָגנס, מיט גרויסע געשעפט־וויטרינעס. די קליינע „בוטיקעס״ פון קוואַר־טאַל, די בעקערס, די לעבנס־מיטל־געוועלבלעך, די וויין־געוועלבער, וואָס באַקומען אַלע אַריין יעדן טאָג אַ מזומנעם פראַנק, אָן קרעדיטן אויף 60 און 90 טעג, אָן וועקסעלעך, זענען ביי זיי געווען טויזנט מאָל חשובער און אָנגעלייגטער. אַחוץ דעם...

אַנרי האָט דערפילט, אַז דערמיט איז נאָך נישט אַלץ אינגאַנצן פאַר־ענטפערט, אַז ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, אַז ס׳איז שווער מודה צו זיין פאַר זיך אַליין. מיט איין וואָרט... און יענער איז נישט אָפּגעשטאַנען:

— ניין, ס׳וועט דיר גאָרנישט העלפן, אַנרי — דיינע אינטערעסן זע־נען מער נישט די אינטערעסן פון פראַנצויזישן אַרבעטער־קלאַס... און אַלס ייד — ווייל דו האָסט דאָך פאַר אַלעם געליטן אַלס ייד — אַוודאי נישט... ווער באַדאַרף דען היינט דיין יידישקייט אין דער וועלט, פון וועלכער דו קומסט און צו וועלכער דו האָסט נאָך אַלץ די אילוזיע צו געהערן?...

אין גרונט גענומען — האָט ער באַקלערט, אַנרי, טראָגנדיק זיך דער־נאָך אַ צעחושטער איבער די גאַסן — איז עס אפשר אמת; איך זעץ ווייטער פאַר דאָס „הויז״, די געשעפטן, די קאָמבינאַציעס צום פרילינג און צום האַרבסט־סעזאָן. די דעקאָראַציע האָט זיך דאָ כמעט ווי נישט געענדערט; אָנשטאָט איטשל ברוינער, איז דער פאַכמאַן, דער קאָפּ — אַנרי; ס׳איז אָבער פאָרט נישט אַזוי איינפאַך, ווי ס׳רעדט זיך אָפּ.

ס'האָט רעוואָלטירט. די שדישעריידעלעך יענעמס, האָט ער געפילט, טרעפן ווי אין אַ בריענדיקער ווונד. ס'איז אפשר נישט אינגאַנצן אַזוי, ער האָט אָבער נישט געפונען די ריכטיקע אַרגומענטן. די צוגעלאָזענע רייד יענעמס זענען אָן שום ספק פאַלש, שלאַנגיש, דעמאַגאָגיש, צילן אים אינ־גאַנצן צו צעברעכן, אומצוברענגען, אַראָפּציען אים מיט זיך אין אָפּגרונט אַריין. פאַר זיין שמייכלעלע האָט מען זיך באַדאַרפט צו שרעקן. און דאָך איז עס אומגעריכט און אומיטלבאַר געווען די נייע סביבה, צו וועלכער ער האָט איצט באַלאַנגט. ס'איז שוין שווער געווען צו אַנטלויפן. אַלערליי גליטשיקע ענינים האָבן זיך דאָרט אונטערגערוקט און פאַרפירט. נעכטיקע חברים האָבן אים געגומען אויסמיידן. ס'האָט שאַרף ווי געטון. ער האָט געפילט, אַז ער פאַרשרייט זיך אַליין און אַז דאָס, וואָס יענער זאָגט אים אַריין, איז פאָרט אמת, טראַגיש־אמת. די רייד... די רייד קען מען דרייען ווו מען וויל, אָבער אין גרונט געגומען...

מאָדנע, האָט ער באַטראַכט, זענען פונדעסטוועגן די וועגן אונדזערע אין די פרעמדע, גרויסע שטעט. מיר טומלען אָפּ אַ לעבן, רייסן איין וועלטן, שטעלן אויף מיט רעש און געפילדער אַטעליעס, פאַבריקן, הייזער, גע־שעפטן, רייסן זיך אַלץ העכער, יאָגן זיך צוערשט אַרום אין איינגעהאַנדלטע פאַר קליינע געלטער צעקנייטשטע, אָפּגענוצטע וואָגנס, דערנאָך רייסן מיר פּלוצים אויף די אויגן ביי אַלעמען מיט נייע גלאַנציקע „סיטראָענס"; מיר גלויבן, דוכט זיך, מער אין גאָרנישט און קיינעם נישט און ווערן פאָרט אַזויווי צעטומלט, איבערראַשט און דערשראָקן, ווען מיר בלייבן מיטאַמאָל שטיין אין סאַמע אָנבליק פון טויט. אין איילעניש און טומל, ווערט מען פאַרטראָגן צו אַ וויטער פאַרשטאָט, מען פאַרלאַנגזאַמט דעם טראָט ביי אַ געוועלבטן טויער, צווישן אַלטע ווייגענדיקע ווערבעס און קריכנדיקע פלאַנצן. „שטעל אָפּ דיין טראָט, מענטש — לייענען זיי אויבן מיט אַ פאַר־חושטן, צעטומלטן בליק — דאָ רוט דער מענטש זיין אייביקע, אמתע רו".

אָבער אַפילו אין דעם, כאַפּט מען זיך באַלד, נישט צו גלויבן. די קברים ווערן דאָ פאַרדונגען, לויט די קאָנטראַקטן, נאָר אויף אַ באַשטימ־טער צאָל יאָרן און דערנאָך... זיי גייען מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ נאָך דעם שוואַרצן וואָגן, נישט די היימישע מיטה, וואָס איז דאָרט אַמאָל געטראָגן געוואָרן אויף די אַקסלען פון געזונטע, בערדיקע קבורה־יידן, אָדער אויס־געאיידלטע משפחה־מאַנסלייט... אַפילו אינעם טויט איז געווען מער באַ־שטענדיקייט און אייביקייט. זיי גייען, ווי זייער געוווינהייט, צוערשט אייליק און באַשעפטיקט, דערנאָך, אַז מען כאַפּט זיך — באַדאַכט, מיט מידע שפּרייזן, צווישן די אויסגעשטאָרבענע אַלייען, צווישן ווייכן שאָרך פון אָנגעפאַלענע האַרבסט־בלעטער, צווישן מאַרמאָר־פּלאַטעס און שטאַכעטן,

צווישן פרעמדע קריסטלעכע אוהלס מיט די קאָליריקע וויטראַזשן־שייבלעך און אָפּגעוועלקטע קרענץ בלומען. אונטער געדיכטע, צעוואַקסענעביימער קלינגט דאָרט הויל אָפּ אַ פרעמדער, וואָכעדיקער, אַלט־יידישער קדיש פון עפּעס אַ געדונגענעם יידן; דאָס שיטערע געזעמל פריינט קוקט שוין באַ־צייטנס אומרואיק אויף די זייגערלעך, שאַרן זיך הינטערוויילעכטס צוריק און איילן אַוועק אין שטאָט אַריין — די געשעפטן אויפן קאָפּ טראָגן...

# 15

זינט ווען אַגרי האָט זיך דאָ גענומען אַרומדרייען און אַרומרודערן אין הויז ביי אים, איבער די גרויסע, הפקרדיקע, אָנגעוואָרפענע שטובן, און שיינדל, אַ פאַרפלאָמטע — ביי זיין זייט, האָט איסר מער, אייגנטלעך, נישט געהאַט וואָס צו רעדן מיט אים. איסר האָט אים מער אַזוי ווי נישט געזען. ער האָט זיך צוריקגעצויגן הינטער זיין פאַרמאַכטער טיר. ס'איז געווען אַ מאָדנע און אָנגעצויגן שווייגן, וואָס ווען עס איז, האָט מען געפילט, אויספּלאַצן. אַזוי פלעגן נאָך אַלץ זיין, ווי געוויינלעך, פריילעכע און ביטערע גערעדערייען, ווי נאָר זיי פלעגן זיך דאָרט אַמאָל אָנבאַגעגענען אויף די פאַרזאַמלונגען פון פאַרבאַנד פון די דעפּאָרטירטע, ביי די געטאָ־פּייערונ־גען; פאָרט, אַלטע לאַגער־ברידער, האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט צו־זאַמען געראַטעוועט פון טויטן־צוג, זענען דערנאָך צוזאַמען צוריקגעקומען אין אויפגערודערטן, נאָך־מלחמהדיקן פאַריז. די דיסקוסיעס זענען אַלע אַמאָל געווען שטורמישע, דורכגעליטענע, יעדער האָט געצויגן צו זיינע אויס־פירן און האָבן קיינמאָל קיין שום אויספיר נישט געקענט געפינען. אַצינד האָט אים איסר אָנגעקוקט פון אונטער דער בריל אָפּער, מיט באַדויערן, מיט צער און האָט מער קיין רייד נישט געפונען, בשום־אופן נישט.

בכלל האָט זיך קיינער אין הויז, אַחוץ שיינדלען, נישט געפילט אַזוי ביי זיך; אויף קיינעם האָט זי זיך מער נישט אומגעקוקט, געגאַנגען איבער אַלעמען, צום אייגענעם ציל. מ'האָט נאָך דעמאָלט פון צייט צו צייט צו־זאַמענגעטראָפן זיך אַרום טיש אין אַלטן עס־צימער, אומגעריכט פאַרזעסן זיך ביז שפּעט און ס'איז נאָכדעם מאָדנע געווען אומצוקערן זיך צום שלאָף־צימער. אויך האָט ער גאַנצע נעכט געהוסט, איסר; אַלע אַלטע וויטיקן און מיחושן האָבן זיך אין אים אָפּגערופן. ער האָט געקוקט שאַרף, מיט בולטן פאַרדאַכט, פון אונטער דער פינקלענדיקער בריל; ווייניק גערעדט, מער אָפּגעזעסן הינטער דער פאַרלענטער טיר, אין זיין אַטעליע, צוביס־

לעד געמאָלן, געשריבן, פאַרטיפט זיך אין ביכלעך; האָט צו גאָרנישט מער אין הויז קיין חשק געהאַט צוצורירן זיך.

ביז דער מלחמה איז ער געווען, געדענקט זיך, אַ פריילעכער, אַלעמאָל מיט געשמאַק אָנגעטון, צוגעפוצט, דאָס געפלעגטע בערדל פאַרשפיצט, ווי אַ בלייפעדער. מען האָט אויך אַביסל דרך־ארץ געהאַט פאַר אים אין אָנגעלאָפענעם הויז, צווישן די יידן און אויסלענדער, מער ווי פאַר די פאַרשוויצטע, אייביק־פאַרהאַוועטע שניידערס, וואָס אַלע האָבן זיי נאָך געדענקט, ווי זיי אַליין זענען געקומען אָנצולויפן אַהער, צעכראַסטעטע, מיטן שוואַרצן טואַלעטל, מיטן ביסל אַרבעט, וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען אין די גרויסע „הייזער“; און כאָטש ס׳האָבן שוין ביי זיי אַליין געטראַסקעט מאַשינען און יידן פון בעלוויל זענען געקומען צו זיי נאָכן ביסל אַרבעט, האָט אַפילו די קאָנסיערזש מיט די אָנגעשטעקטע שפילקעס אין גרויען קאָפ, נאָך אַלץ אונטערגעמורמלט און נאָכגעקוקט זיי מיט חשד; אָבער איסרן האָט זי אַלעמאָל אַנטקעגנגעטראָגן אַ ברייטן „באָן־זשור“.

אַלץ זעלטענער, אַמאָל אין אַ זונטיק, איז מען זיך צוזאַמענגעקומען ביי איין טיש. ס׳האָט זיך מער עפּעס נישט געקלעפּט. מ׳איז אין הויז שוין דעמאָלט אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ נעפל, איבערהויפט אין אַ פרייען טאָג, ווען ס׳איז דאָ פאָרט אַביסל שטילער געוואָרן נאָך אַ וואָך אַרבעט, ווען די מאַשינען האָבן נישט אַזוי געטראַסקעט און מ׳האָט זיך נישט געדרייט אַזויפיל מיט די טירן. אין אַזאַ טאָג איז יעדער געבליבן אָפּגעשלאָסן היבטער זיין טיר; כאָטש שיינדל האָט זיך נאָך דאָרט אַלץ פריילעך און פאַריאַכמערט געפּאָרעט אין דער באַלעבאַטישקייט, געקאָכט, גערוימט, געבאַקן און געוואַשן. זי איז נאָך אַלץ, אַ פאַרפלאַמטע, געקומען אָנצולויפן פון די געשעפטן, פון די שניידערקעס, פון צעדרייטן אַדוואָקאַט וואָלפער, מיט וועלכן זי האָט איצט געהאַט אָן אַ שיעור שטילע אונטערהאַנדלונגען און קאָפּ־פאַרדרייעניש, און ס׳האָט אַפילו אויסגעזען צו גיין אויף אַ וועג מיטן צוריקבאַקומען די דירה. זי איז געוואָרן פולער, שטאַלטנער, אויסגעפוצט אין די איינגעצויגענע קאָסטיומען, אין די מאָדערנע מאַנטלען צום האַרבסט־ און ווינטער־סעזאָן.

מען קען אַפילו זאָגן, אַז אַנריס אָנוועזנהייט אין הויז האָט איר נישטווילנדיק דערוויטערט פון איסרן. זי האָט זיך כסדר אָנבאַגעגנט מיט אַנריס געזונט לאַכן, מיט זיינע געזונטע, פלינקע פאָר הענט, וואָס האָבן אַלץ אין דער וועלט געקענט באַשאַפן, מיט זיין מענערישן און צערטלעכן נאָכגיין סיזאַנען יעדן טראָט, מיט זיין פילבאַר זיין אויף יעדער מינע אירער. צו וואָס האָט עס דען געקענט פירן? אַוודאי נישט צו קיין גוטס.

אַנרי האָט עס צוערשט נישט באַמערקט, נישט געזען, אַזוי צעיאַכמערס איז ער געווען. דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט, נעפּלדיק פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַזש פּלוצים מורא באַקומען פאַר שיינדלען. ס'איז געווען, האָט ער זיך געכאַפּט, צופיל ווייבערישקייט אין איר באַוועגן זיך אַרום אים. זי האָט אים אַמאָל אַזוי געקענט אַ זאָג טון:

— אַנרישי... — האָט זי אים, אין איר פאַרפּלאָנטקייט, צווישן די טעפּ אין קיך, געקענט אַ זאָג טון, שטיל, אויפן אויער — ס'וואָלט זיך, אויף מיין וואָרט, שיין געפּאַסט, אַז סיזאַן זאָל זיין אונדזער טאָכטער... אַזאַ נאַרישע ציג ווי זי איז...

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט ער אָנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר אויגן.

— גאָרנישט... דו פאַרשטייסט?...

און זי האָט מער נישט געפונען קיין ווערטער, דער אָטעם האָט זיך איר אָפּגעהאַקט, האָט זיך האַלב אַראָפּגעלאָזן אין דער סאָפע, אים לייכט מיטגעצויגן און ער האָט עפּעס באַמערקט אויפפינקלען אין איר אויג...

— ס'איז אַ רחמנות אויף מיר אויך... — האָט זי פאַרפּלאָנטט געמורמלט — מילא, ביסטעך אַ מאַן... האָסט עס אַליין באַדאַרפט צו פילן...

זי האָט זיך צוריקגעכאַפּט, שטיל און פאַרשטיקט געלאַכט מיט אַלץ אין איר — מיטן פּולן, צערויטלטן ווייבערישן האַלדז, מיטן חנוודיקן גוידערל, מיט די אויגן, ווו ס'האָט געברענט אַן אומבאַקאַנט פלעמל.

אים איז דער עיקר אַ רחמנות געווען אויף איסרן. טאַקע, נאָכוואָס האָט זי עס אַלץ באַדאַרפט? אַזאַ קאַשע צו פאַרקאָכן... ווי מענטשן שפּילן זיך אַזוי לייכט מיט אַנדערע לעבנס און רעכענען זיך נאָך אַלץ אַליין פאַר באַוואָלטע. אמת, ס'וואָלט פּונקט אַזוי געקענט טרעפן, אַז ער זאָל גיין ווינען מיט שיינדלען און סיזאַן — מיט אַ יונגערמאַן, לויט איר עלטער, לויט איר געשמאַק. ס'איז נאָר אַ פראַגע, צי עמיץ פון די יונגע־לייט וואָלט זיך פאַרשטאַנען אויף איר. זי האָט אָבער באַלד פון אָנהייב אָן געפירט דערצו, שיינדעלע. טאָ וואָסזשע וויל זי איצט ווידער? וואָס פאַראַ אַוואַנטורעס, פרעגט זיך, האָט זי דאָ דורכגעלעבט מלחמה־צייט, זי זאָל אַזוי קענען פאַלן? ווייל ס'איז דאָך באַוווסט... וואָס, מען ווייסט נישט? און ער האָט פּלוצים מורא באַקומען פאַר איר. ער האָט זיך מער קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ס'האָט געטראָפן, אַז אָוונט־צייט, איז ער טיילמאָל שטיינגעבליבן הינטער טירן און האָט עפּעס נישט געוואַגט. ס'האָט זיך אים אַ מיש געטון אין מוח. ער האָט אַליין געווּי מער נישט געדענקט וועלכע טיר אויפצועפענען, שיינדלס אָדער סיזאַנס. אַזוי שוואַך איז ער געווען.

ניין, ס'האָט מער נישט געטויגט. ער האָט שוין איצט גוט צוגעזען

דעם שטומען צער פון איסרן, אין זיין אומגעדרייטער פּלייצע, אין דער בריל, וואָס האָט פון צייט צו צייט שאַרף אויפגעפינקלט.

אָבער סיזאַנען... איר, האָט ער זיך צוגעזאָגט, צו פּאַרטיידיקן, קיין שטויב זאָל אויף איר נישט פאַלן, נישט לאָזן מער צערודערן איר געמיט, אָפּהיטן זי... אַז, הייסט עס, די אייגענע מאַמע אירע... איז זי טאָקע אפשר דעמאָלט נישט אומגערעכט געווען, סיזאַן. ער האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט, איז געוואָרן קיל. וויניק האָט ער זיך דען געמאַטערט אין די נעכט מיט די אַלע געדאַנקען און נאָכטראַכטענישן? זי איז געווען ווי אַ דין ביימל, סיזאַן, פּילבאַר צום לייכטסטן ווינטעלע. זי האָט מער נישט גערן געהאַט דער אייגענער מאַמעס פּאַמיליאַרישקייט, ווען זי האָט איר אַלץ אַזוי נייגעריק אַרומגעקוקט. זי האָט אים נישט געזאָגט, זי האָט אים נישט דערציילט, אַנרין. ס'איז געווען אַ מין געפיל פון להכעיס. וואָס גייען זיי מיך אַלע אָן? — האָט זי זיך געזאָגט. און זי האָט אַלץ געלעבט מיטן גע־פיל פון איר אַמאָליקן מיידלשן שלאָף־צימער. אָבער אַנרי — אַפילו ווען ער איז געווען אָנגעכמורעט, האָבן די אויגן אונטער די געדיכטע ברעמען ביי אים געשמייכלט. ער האָט שוין פון לאַנג עפּעס חושד געווען, נאָר ער האָט נישט געוואַגט צו פרעגן. זי האָט זיך אַרומגעהילט מיט סודות. זי האָט זיך געגרייט צו ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט און איז נאָך אַליין כמעט געווען אַ קינד.

וואָס מער סיזאַן האָט אָנגעהויבן צו פילן דאָס קינד אונטער איר האַרץ, אַלץ ווייטער און פאַרשלאָסענער אין זיך אַליין איז זי געוואָרן. ס'האָט זיך איר אַליין, קראַנק און פאַרטראָגן אין ווייטע וועלטן, אויסגעדוכט, אַז זי איז ווידער אין איר קינדערישן שלאָף־צימער פון אַמאָל. אַלע פאַרדאַכטן און אַנטפּלעקונגען אין איר אייגן לייב האָבן איר געמאַכט גליקלעך מיט זיך אַליין, נאָר מיט זיך אַליין. זי האָט מער קיינעם נישט באַדאַרפט.

אין זיין גאַנצער צעטומלטקייט, איז אַנרי פעטלעכער געוואָרן; ער האָט אָפּט פאַרגעסן אַרומצוגאָלן דעם שטעכיקן אויסוווקס, וואָס האָט אַוועקגעלייגט אַ שאַרפן רעטוש אויף זיינע באַקן. פריער, האָט זיך סיזאַנען געדוכט, איז געלעגן דער גאַנצער אויסדרוק פון אַ מאַרטירער אויף זיין בייניק, אויסגעהונגערט פּנים פון אַן אַסקעט; זי האָט אים אַזוי־אַ געזען אין פלאַקער פון שלאַכטן, הינטער די שטעכל־דראָט־צוימען פון לאַגער. אַצינד האָט ער אַרומגעשפּאַנט, אַ שווערער, אַ פאַרטייעטער, אין די איינ־געצויגענע שעלקעס הויך איבערן בויך, אַ פאַרשמירטער, ווי אַמאָל דער טאַטע אירער איבער דער טונקעלער, גרויסער אַטעליע־שטוב, ווו ס'זענען אַרונטערגעהאָנגען די לעמפּ נידעריק איבער די מאַשינען און איבערן צו־שנייד־טיש.

„אָט דאָס ווערט פון אונדז?" — האָט זי זיך געפרעגט מיט מאָדנעם חידוש און ס'האָט זיך איר אַפילו געגומען דוכטן, אַז אַלע זענען מיר אַזוי, ווען מיר קומען אין אַ באַשטימטן עלטער, ווען מיר ווערן פאַרקאָכט אין די געשעפטן. ס'איז יידישער אַטאַוויזם. זי האָט געדענקט דעם טאַטן אירן; די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געדרייט ביי זיי און געדיכט אַרומגעשמועסט די לאַגע...

— פון וואַנען האָסטו אַזויפיל געלט? — האָט זי דאָרט איינמאָל לאַכנ־דיק אַ פרעג געטון ביי אַנרין, ווען ער האָט איר אָנגעשטאָפּט אַ פולן האַנט־בייטל מיט פינפער־טויזנטערס.

— כ'האָב... וואָס איז דיין דאגה פון וואַנען כ'האָב?... — האָט ער געלאַכט פריילעך, ווי אַמאָל, און מ'האָט דערפילט, אַז ס'איז פאָרט נישט די אַמאָליקע פריילעכקייט.

טעג און וואָכן פריער האָט ער איר אָנוועזנהייט נישט באַמערקט. אין די וייטערע שטיבן, הינטער די טירן, האָט זיך דאָרט נאָכאַנאַנד געקאָכט. מ'איז געגאַנגען אַריין און אַרויס. אַ פּאָר וואָכן נאָך ניי־יאָר, ווען איבער פּאַריז זענען נאָך אַלץ געשטאַנען קעלטן, רעגנס, נעפּלען און סיזאַן האָט זיך געפילט אָפּגעשוואַכט, איז געוווען פאַרקילט און פאַרקאַטערט, איז מער געלעגן אין בעט ווי אַרומגעגאַנגען, האָט ער זיך איינמאָל געכאַפּט און זיך קיים איינגעבעטן ביי איר זי זאָל נעמען און אַראָפּפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן אויפן קאָט ד'אַזיר. איבערהויפּט, ווען זי איז געקומען אין פערטן חודש, איז עס איר אויסגעפאַלן שווער; זי האָט געבראָכן, איז אַרומגעגאַנגען געל, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, און שיינדל איז כסדר געקומען צולויפן סודען זיך מיט דער טאָכטער, געדופן דאָקטוירים, ווייבער. זי האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר דער מויד. „כ'וויל נישט קיין קינדער!" — האָט זי דאָרט, הינטער די טירן, געריסן זיך. מ'האָט זי אַליין אויך, ווי אַ קינד, געמוזט איינגעמען. אַנרי, צוזאַמען מיט שיינד־לען, האָבן זי אָוונט־צייט אין אַ טאַקסי באַגלייט צו דער באַן און די מאַמע האָט איר געהאַלטן אין איין אָנזאָגן, זי זאָל נישט טון דאָס, זי זאָל נישט עסן יענץ, זאָל זיין פאָרזיכטיק, נישט שפּרינגען פון די טרעפּלעך, נישט אויפהייבן די וואַליזעס.

ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַנרי, אַז זי האָט אים די לעצטע צייט אַזוי־ווי מער נישט געזען, ווי ער וואָלט מיט זיין בלויזן שאָטן עפּעס פאַרשוועכט פון איר אינטים, אויסגעוואַרעמט ווינקעלע אינעם אַמאָליקן מיידל־צימער.

זי האָט, אַלעמען אויף צו־להכעיס, דווקא אַליין געשלעפּט די שווערע וואַליזעס, געשפּרונגען אין די טאַקסיס אַריין, צוגעזאָגט זיך צו שפּילן אין

טעניס, געוואָלט אַפּילו שווימען אין ים, אַבי פּטור צו ווערן פון דעם, וואָס מאַטערט איר, וואָס לאָזט איר נישט שלאָפן, וואָס רופט נאָכאַנאַנד אַרויס אַן איבלעניש. צוליב וואָס און צוליב וועמען מאַטערט זי זיך? — איז זי דעם גאַנצן וועג געזעסן אָנגעלענט אין דער טרייסלענדיקער שויב און אַלץ אַריינגעקלערט.

דערפאַר האָט זיך אַנרי אין די פּאָר וואָכן נאָכמער געפּאָרכטן, ווען זי איז אַוועקגעפאָרן פון הויז. ער האָט געוווּסט, אַז זי איז פּעאיק עפּעס אָפּצוטון... כ'ווייס וואָס... אַ נאַרישקייט, נישט צוריקצוכאַפּן. עטלעכע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ; ביז ס'האָט אים מיטאַמאָל אונטער־געהויבן. אין אַ מיטן העלן מיטוואָך האָט ער אַלץ אין טומלדיקן הויז גע־וואָרפן, זיך אויפגעהויבן און איז אַליין אַראָפּגעפאָרן אַהין. ס'האָט אים מער נישט באַרואיקט, וואָס זי האָט זיך דערמאָנט און געשיקט פון דאָרט אַ קאַרטל מיט אַ בלויען ים און מיט קליינע, ווייסע ווילעס צווישן בערג, אָן איין וואָרט.

אָבער ביים בלויען ברעג, צווישן די ראָז־באַשאָטנטע בערג, האָט ער אויך לאַנג נישט געקענט איינזיצן. די נאַכטיקע רייזע מיט דער באַן צו די דרום־ברעגן פון לאַנד האָט אים צוערשט אַביסל אַרויסגעשלאָגן דעם רויש פון קאָפּ אַרויס. אַרום נאָך האַלב־זעקס באַגינען האָבן זיך שוין דורכן וואַ־גאָן־פענצטער אָנגעהויבן אַרויסצושיילן די פּאָרמען פון וויאַדוקטן, טונעלן, בערג, הייזער, פּאַלמען. דאָס פענצטער איז געווען האַלב־אָפן און אַ לינ־דער ווינט האָט מיטגעבערענגט אַזעלכע אַלטע, פאַרגעסענע ריחות פון אַ לאַנג־פאַרגעסענעם ערב־פרילינג; כאָטש ס'איז ערשט געווען סוף פעברואַר, איז שוין דאָס אויג פאַרכאַפּט געווען פון ווילדע פאַרבן, ליכט און בליאונג. די ווייַנגערטנער אויף די קליינע שיפּועים, צווישן די בערג, צעקעסטלט אין שטרענגע ליניעס, זענען שוין געשטאַנען אין ווייכן, פוכיקן גרין. דער ריח פון ים, פון בליאונג און פון פרישער פרילינגדיקער ערד איז אים לאַנג נאָכגעגאַנגען. די נאָז־לעכער זענען געוואָרן אָנגעשפּיצט, ווי ביי אַ יעגער־הונט, וואָס דערשמעקט ערגעץ נאָענט געווילד. מיר געניסן פון אַלץ, וואָס בליט דאָ, און די ריחות פון פרילינגדיקן יערן זענען אונדז פרעמד געוואָרן — האָט ער זיך געזאָגט — מיר טומלען אָפּ אַ לעבן צווישן די שטיינערנע, שטויביקע גאַסן פון די גרויסע שטעט און כאַפּן זיך ערשט דערנאָך, אַז עפּעס האָבן מיר פאַרשפּעטיקט, שוין מער נישט צוריקצוכאַפּן.

אַן ענלעך געפיל איז אים אויך נאָכגעגאַנגען אויפן שטראַנד ביים ים, אויף דער „פּראָמענאַד דעז אַנגלעי", צווישן דעם אָנגעלויף פון כלערליי יידן; זיי האָבן דאָ פאַרפולט די שיינע האָטעלן, די רעסטאָראַנען און די

רייכע קאַפּיי־טעראַסן; ס׳האָט אים אַביסל דערמאָנט די קאַפּיי־טעראַסן פון פּלאַץ רעפּובליק, אין פּאַריז.

ווען מען באַגעגנט מען דאָ נישט אין אַזעלכע צייטן פון יאָר אויף דער „פּראָמענאַד דעז אַנגלע״ אין ניס? אין גאַנצן לאַנד, ערגעץ אין די צפון געביטן, הענגען נאָך שאַרפע און קלעפּיקע ווינטערדיקע נעפּלען, ווינטן רייסן זיך; אַ דינער שניי פאַלט דאָרט אַראָפּ, ליגט אַ טאָג־צוויי, צעגייט באַלד און ס׳הייבט זיך פון די שטאָטישע ברוקן אַ קראַנקער, וואַרעמלעכער דאַמף, אַ בלוילעכער נעפּל הענגט אין דער לופט, וואָס אָטעמט זיך שליימיק איין אין די לונגען. דאָס ברענגט מיט זיך גריפּעס און פאַרקילונגען. אָבער דאָ, ביי די דרום־ברעגן, צווישן בערג און ים, ליגט די מילדע זון אויסגע־שפּרייט אויף אַלע ליכטיקע וואַסערן. דער ברייט־געפּלאַסטערטער שטראַנד און קעגנאיבער — די פּילשטאָקיקע האָטעלן און פּאַלאַצלעך, הינטער שטאַכעטן, פּאַלמען־ווענט און עקזאָטישע פּלאַנצן, איז באַשטעלט פון בענק, שטולן און ליג־שטולן. אַ מאַסע שפּאַצירער שטראָמט אין די פרימאָרגן־און נאָכמיטאָג־שעהן הין און צוריק. פרויען פון אַלע שאַטירונגען בלאָנד און שוואַרץ, פון אַלע לענדער און קאָנטינענטן, פון אַלע עקזאָטישע ראַסן, געלע און ברוינלעכע, זענען אויסגעלייגט אין די ליג־שטולן, מיט טונ־קעלע זון־ברילן איבער די אויגן. ספּאָרטיווע ענגלענדערינס, אָדער סקאַנ־דינאַווערינס באַוועגן זיך פלינק אין די אויסגעשניטענע באַד־קאָסטיומען צווישן די ברעג־פעלזן, אויף די דין־צעמאַלענע, רונד־געטעסעטע שטיינד־לעך לענגאויס דער פּליאַזשע. אָט די אַלע פרויען — שלאַנק, עלע־גאַנט, בלאָנד, האָבן דערמאָנט אין די פיש פון אַן אַקוואַריום — קאַלטע, אַלע ענלעכע צו זיך, אַפילו מיט די זעלבע גרויע, קילע אויגן. זייט אומ־פאַרגעסלעכע צייטן ווערן די ברעג־פעלזן און די ברעג־שטיינדלעך גע־לעקט און געוואַשן פון די אויף־און־אָפּ־כוואַליעס פון בלויען דרום־ים. מעוועס לאָזן זיך אַרונטער אין דעם בלויען אוויר. פישער־שיפלעך און דאַמפּערס צייכענען זיך דין אויפן פאָן פון בלויען האָריזאָנט; גרויסע שיפן ציען פאַרביי פון ווייט און פון די נאָנטע איטאַליענישע ברעגעס, צום אַלטן, גרויסן פּאָרט אין מאַרסעיל.

אינדוסטריעלער, געוועזענע־פאַבריקאַנטן, פּאָליטיקער, זשורנאַליסטן, שרייענדיק־בלאָנדע און טיף־שוואַרצע קורטיזאַנעס, אויסגעסטראָיעט אין זייד, פאַרפולן די האָטעלן און טעראַסן פון שטראַנד אין די פרימאָרגן־שעהן. ביי די צייטונגס־קיאָסקן און פלינקע צייטונגס־יינגלעך געפינט מען די אינטערנאַציאָנאַלע מאָרגן־פּרעסע פון לאָנדאָן און פון ניו־יאָרק. מען דערקענט זיי באַלד די, וואָס בליקן פלינק אַדורך די לאַנגע קאָלאָנעס באַ־ריכט־ציפערן פון דער וועלט־בערזע. ווער ווייס וואָס פאַרא געשעפטלעכע,

אינדוסטריעלע באַנק־אַפּערעס און אינטערנאַציאָנאַלע אינטריגעס דאָ זע־נען פאַרבאָרגן הינטער די שטרענגע האָטעל־טירן, אין לאַבירינט פון די קאָרידאָרן אין די הויכשטאָקיקע האָטעלן. די גאַנצע שטאָט, די גאַנצע שיינע, אָבער אָרעמע, שטייניקע געגנט אין זוניקן דרום־ווינקל, ווו ס׳שיסן בלויז אויף ווילד־פאַרביקע בלומען, אָדער ס׳וואַקסן אָרעמע ביימלעך מיט ציטרוס־פּרוכטן, איז צו דער דיספּאָזיציע פון די כל־המינים טוריסטן, וואָס ווימלען דאָ כמעט אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר ביים ליכטיקן ברעג.

און צווישן דעם אינטערנאַציאָנאַלן געמיש — צוביסלעך יידן, ווי געוויינ־לעך, פון אַלע לענדער און מדינות און — די אַרויפגעאַרבעטע יידן פון פּאַריז.

דעם פרידמאַנען האָט ער דאָ בעגעגנט גלייך דעם ערשטן אינדערפרי אַרומדרייען זיך אויפן שטראַנד אין אַ פּאָר בלויע זון־ברילן, מיט אַ העלן, שטייף־אויסגעפּרעסטן הויז.

— ווען מען כ׳זע דאָ! — האָט ער געוויזן אַלע זיינע שיטערע ציין — דער „פּראָלעטאַריאַט״ פּאָרט שוין אויך ווילן זיך אויפן קאָט ד׳אַזיר, צו־זאַמען מיט אַלע „פּוילנדיקע, בורזשואַזע עלעמענטן?״...

ער האָט אים געוואָלט אויסמיידן און נישט געקענט. וואָס האָט ער אים געהאַט צו ענטפערן אויף אַזעלכע שטעכיקע רייד? ער האָט אים געקענט אַנרין, ער האָט אים גוט געקענט — פון סינדיקאַט, פון די גראַטשקעס אינעם „הויז״, פון דער „אָדלער־נעסט״. ביי יענעם איז דעמאָלט געווען דער קורס אויף טראָצקיזם; דאָס איז אים נישט געפעלן געוואָרן, יענץ איז אים נישט געפעלן געוואָרן, ס׳האָט אים געהאַלטן אין איין נישט גע־פעלן.

— איך דאַרף דיר טאָקע צו האָבן... — האָט ער אַריינגערעדט אין אַנרין — וויכטיקע זאַכן... ביסט מיר, אויף מיין וואָרט, גוט אונטערגעקו־מען...

אַנרי האָט זיך קוים אַרויסגעדרייט פון אים. ס׳איז אים באַנג געווען. ער איז אַוועק צוריק צו סיזאַנען. זי איז געווען אַליין.

איבערן הויכן, שמאָלן פענצטער, אויפן ערשטן שטאָק, איז אין נאָכ־מיטאָג דער שטאָר שוין געווען האַלב־אַראָפּגעלאָזן און צעקעסטלטע שטיקער זון זענען צוגעקומען ביזן נידעריקן דיוואַן. דערלעבן זענען אין אַ היימישער אומאָרדנונג געווען צעשטעלט אירע רויטע לעטשלעך און דער פוס סיזאַנס איז לייכט אַריבערגעהאָנגען דעם ראַנד. אַנרי האָט נערוועז אַ פּויק געטון אין דער שויב, ווו ס׳האָט אַריינגעקוקט דער שפּיץ פון אַ קליין, דינינק ציטרינען־ביימעלע; ער האָט אַ ווילע אַ פאַרזשמורע געטון דאָס לינקע אויג, אומקערנדיק זיך צו דער טיף פון צימער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן נידעריק, אין פאָטעל.

— סיזאָך — האָט ער זיך אָפּגערופן נאָך אַ לאַנגע ווײַלע שווײַגן — דײַנע נישט־געראָדטע רײד מאַכן מיך אומרואיק... דאַרפסט רו און אָט בייסטו גאָר די ליפּן...

מיטן שפּיץ פון איר שײַנעם פוס האָט זי אַ פּאַריכט־געטון דעם זוים פון דער קאָלדרע, פּאַרוואָרפן די שלאַנקע הענט אונטערן קאָפּ און לײַכט אָפּגעזיפצט. איר בליק איז געווען אײַנגעפרעסן אין הויכן סופיט, איבער וועלכן זון־העזעלעך האָבן אין גאָלדיקן נאָכמיטאָג נאָכאַנאַנד געקײַקלט זיך, און האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָפּגערופן.

# 16

ס׳האָט זיך נאָך היפּש פאַרצויגן, ביז אַרום נאָך־פּסח, אָבער דאָסמאָל האָט ער אויף אַן אמת אויסגעזעצן צו האַלטן וואָרט, דער ייד; כאָטש ס׳האָט זיך שוין אַליין נישט געוואָלט צוגלויבן. ס׳האָט זיך דאָרט פּלוצים אויפ־געהערט צו קאָכן און צו רודערן אויף די אַלטע טרעפּן אינעם הויז. מ׳האָט ווײַניקער געאַרבעט, ווײַניקער געליוועטרט. ס׳איז, זעט אויס, מער נישט געגאַנגען ווי פריער, אָדער אפשר האָט ער גאָר געהאַט גרעסערע, וויכטי־קערע פּלענער. מ׳האָט דען געקענט אַמאָל עפּעס דערגיין ביי אים, ביי דעם צעטומלטן ייד? מ׳האָט גאָר געשמועסט, אַז ער ציט זיך אַוועק ערגעץ אין די גרויסע, וויכטיקע קוואַרטאַלן, אַז ער גייט זיך גאָר אויפמאַכן אַ גרויסן „בוטיק" מיט וויסטאַווע־פענצטער. ער האָט זיך שוין איצט אַפילו פּלוטע־וואַטע געגריסט, אַדורכלויפנדיק דעם טויער; אַזויווי פאַרשעמט געגריסט, און האָט זיך אומגעריכט אײַנמאָל, אינמיטן לויפן, אָפּגעשטעלט מיט שײַנדלען.

— מילא, מ׳זעמיר דאָך יידן... — האָט ער צעחושט אַ לאָך געטון — אַז ס׳גייט אײַך אַזוי שטאַרק אין גאַנצן לעבן... וועט מען זען אַדורכצוקומען...

— מײַן מיידל... — האָט שײַנדל באַלד געגומען ווישן זיך די אויגן — כ׳האָב אָבער געוווסט, אַז איר האָט אַ יידיש האַרץ... ווען איר ווייסט וואָס מײַן מיידל האָט זיך אָנגעליטן... זי איז דאָ געבוירן געוואָרן אין דעם הויז, מעסיע...

— כ׳ווייס, כ׳ווייס... — האָט דער ייד אַ מאַך געטון און איז ווײַטער געלאָפן.

ס׳האָט איר שוין דאָרט נישט געאַרט, וואָס ער לאָזט די ווענט נאַקעט, אַרומגעפּליקט, די שטובן אָנגעשליידערט, ווײַל ער, ווי דאָס ווײַב זײַנס,

זענען די אמתע שליאַכן, אָפּגעלאָזענע בריאות; די פּאָדלאָגעס זענען פאַר־פעטסט פון שמירן די מאַשינען מיט בוימלען און איילן. מען וועט איצט דאַרפן, האָט זי באַרעכנט, אַריינלייגן אַ פּאַרמעגן בלויז אין די ווענט אַריין. אָבער דער פיבער האָט איר זייער ווייט פאַרטראָגן.

איסרן האָט זי מער נישט געזען, האָט זיך אין די טעג מער כמעט ווי נישט אומגעקוקט אויף אים. זי האָט איצט געלעבט פאַר־זיך, אין זייטיקן צימער, בשכנות פון סיזאַנען. זי האָט זיך אָפּגעשלאָסן, נאָכגערעכנט, נאָכ־געקוקט אין אַלטע פּאַפּירלעך. באַלד, האָט זי זיך געזאָגט, וועט זיך אַלץ אויסלאָזן — זי וועט אים דאָ איבערלאָזן מיט זיינע גרויסע שטיבן, מיט זיינע ביכלעך און „מאַלאָוואַנקעס"; און אויב גאָט וועט איר נאָך העלפן... אַז זי וועט דאָרט אַריינקוקן אין די לופטעס אַריין... די פּאַרסאַדזעטע לופ־טעס, וואָס זענען דאָרט אַזוי פאַרבליבן מיט די אָפּגעהאַקטע רערן, זינט ווען זי מיטן מיידל זענען דעמאָלט, אין דער בהלה, געהאַט אַנטלאָפן, אויס־צובאַהאַלטן זיך, ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן... נאָר פאַר אַנרין האָט זי אַ פּאָר מאָל געלאָזן פאַלן אַזעלכע פאַרשטיקטע רייד, ווען זי איז, פאַר־פלאָמט און צעקאָכט, געקומען אָנצולויפן פון אַדוואָקאַט וואָלפער. זי האָט אָפּילו נישט באַמערקט, ווי אַנרי איז איצט אַרומגעגאַנגען שטיל, שוואַרץ ווי די ערד, אַ שאָטן נישט קיין מענטש. די הענט האָבן זיך אים מערנישט געלייגט צו גאָרנישט.

זינט ווען ס'איז געשען דאָס אומגעריכטע אומגליק מיט סיזאַנען, האָט ער אַלץ אין דער אַטעליע געלאָזן אויף הפקר און איז אויף די שפּיצן פינ־גער אַלעמאָל געקומען שטיל אָנקלאַפּן אין איר טיר. ער האָט לייכט אויפ־געמאַכט אַ שפּאַרע. זי איז דאָרט אַלץ געלעגן אַ בלייכע, אַ פאַרטראָגענע, מיט אָפענע אויגן. ווי אַזוי טרייסטן איר, דאָס קליינע, נאַרישע מיידל? ער האָט אָנגענומען איר האַנט, אַ קליינע, ווייסע, שמאָלע האַנט, און ער האָט מיט אומרו געפילט, ווי עפּעס וויברירט דאָרט שוואַך, ווי ביי אַ קראַנק קינד. זי האָט אַ רגע ברייט אויפגעמאַכט די אויגן און באַלד זיי צוריק צוגעשלאָסן, ווי פון צופיל ליכט.

ס'איז געווען באַלד דערנאָך, ווי זי האָט זיך, אַזאַ שטילע, אומגעקערט פון בלויען בערג. זי האָט פּלוצים באַקומען הויכן פיבער. זי האָט געבלו־טיקט. מ'האָט זי שפּעט ביינאַכט אַוועקגעכאַפּט אין שפּיטאָל אַריין. שיינדל איז גאָרנישט געווען אין דער היים אויך. ערשט דערנאָך איז זי געקומען אָנצולויפן. און ווען דער דאָקטער איז אַרויסגעקומען פון הינטער די פאַר־מאַכטע טירן, האָט זיי באַרואיקט, אַז קיין געפאַר איז מער נישטאָ, האָט זי פּלוצים אָפּילו געשמייכלט, שיינדל, צוגעפאַלן זייער צעטומלט און האָט אים געפרוווט צו טרייסטן, אַנרין:

— גרויסער שטיק נאַר... — האָט זי אַריינגערעדט אין אַנרין — יונגע מענטשן באַדאַרפן זיך איבער אַזעלכע נאַרישקייטן נישט שטאַרק איבער־נעמען... ס'זאָל אַזוי נישט טרעפן, ווי ס'טרעפט זיך... היינטיקע צייטן...

— שיינדל — האָט ער זיך אָפּגערופן — ביסט אַפילו נישט קיין מבין אויף דיין אייגענער טאָכטער... אַזוי צעקאָכט ביסטו...

אָבער זי האָט אַלץ ווייבעריש געלאַכט און ער, דער צעחושטער, האָט זיך נאָך געלאָזט איבעררעדן אויך; ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, אַז מ'דאַרף סיזאָנען באַלד כאַפּן און זען אַרויסצופאָרן ערגעץ ווייט פון פּאַריז, אין די בערג אַריין, נישט ערגעץ אַנדערש, נאָר אין די בערג אַריין; און זי אַליין וועט אַרום איר אַרומגיין. ווייל ס'איז געווען אַ געפאַר, אַז מען זאָל דאָס מיידל נישט באַדאַרפן, חלילה, ווידער אַמאָל אַוועקנעמען אין יענעם טרויעריקן אָפּרו־הויז. זי איז ווידער געקומען אָנקלאַפּן אין דער טיר ביי איסרן. ער האָט זיך דאָרט אויפגעכאַפּט ווי פון דרעמל, פאַרגראָבן מיט דער פינקלענדיקער ברילן אין די ביכלעך.

— איסר־לעבן — האָט זי זיך, ווי קיינמאָל גאָרנישט, קלאָגנדיק גע־חנדלט — מיט מיין מיידל האַלט עס ווידער נישט גוט... און דווקא איצט, ווען כ'וועל איר קענען ענדלעך צוריקגעבן איר פאָטערס דירה...

— האַ ?... וואָס ?... — האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו באַנעמען, וואָס זי וויל פון אים.

— דרייסט זיך אַרום אויפן עולם־התוהו... כ'ווייס... ביסט נישט גע־ווינט צו קיין גראַטשקעס אין דיין הויז... ס'וועט שוין לאַנג נישט בעמען...

— טאָ וואָסזשע ווילסטו ווידער ? — איז ער געווען אומגעדולדיק, האָט זי שאַרף אָנגעקוקט פון אונטער דער ברילן.

— וואָס איך וויל ? כ'וויל מיטן מיידל אַרויספאָרן אין די בערג אַריין, ערגעץ אין דיינע מקומות. מוזסט אַוודאי וויסן דאָרט פון אַ לייטישן פּאַנ־סיאָן. זעסט גאָרנישט, ווי מיר פאַלן דאָ אַלע פון די פיס... ווי מיר מאַטערן זיך...

ער האָט איינגעשטימט, ער האָט אויף אַלעם איינגעשטימט, אַבי זי זאָל אים צורו לאָזן, אָפּטשעפּען זיך.

— כ'וועל אָנשרייבן — האָט ער קורץ איינגעשטימט — צו מיין יינגל. ער וועט זיך דאָרט שוין סטאַרען.

זי האָט געוואָלט צופאַלן קושן אים פאַר אַזעלכע רייד. זי איז נאָך אַריינגעלאָפן צו אַנרין עס זאָגן אים. ער איז צוערשט גאָרנישט חושד גע־ווען, אַנרי. ער האָט נאָר געהערט איבער זיך איר לאַכן, אירע מאָדנע רייד.

— לאָמיר כאָטש פאַר איינוועגס — האָט זי געלאַכט — אָנקוקן די

שיקסע זיינע, וואָס ער האָט זיך דאָרט איינגעהאַנדלט, זשאַק... שיין זעט ער מיר אויס, איסר, מיט זיינע נחתן... ס'איז, גלויב מיר, אַ גוטע בראָך...

אַלצאיינס איז איידער וואָס־ווען געהאַט אונטערגעלאָפן דער סוף יוני. איבער פּאַריז זענען געשטאַנען שיינע וועטערן, אָבער ס'איז געווען דושנע, ס'האָבן געשטיקט די בענזין־ריחות, וואָס זענען אויפגעגאַנגען פון די ברוקן. ס'האָבן זיך באַלד אונטערגערוקט די שיינע פּאָר וואָכן פון לאַנגן מאַרט־סעזאָן. מענטשן האָבן זיך באַצייטנס געקליבן אַרויסצופאָרן, אַביסל אָפּצו־אָטעמען אויף דער פרישער לופט.

אַלץ פאַרהאַקט און פאַרקלאַפּט, האָבן זיי איבערגעלאָזן די זומערדיק־צעגליטע שטאָט און אין אַ פּראָסטן מאָנטיק פּאַרמיטאָג גענומען דעם צוג אויף גאַר די ליאָן צום שטעטל אין די בערג. איסר האָט זיך שוין אַהין געהאַט אַראָפּגעכאַפּט מיט אַ שיינע פּאָר וואָכן פריער. ווי נאָר די זון האָט אויפגעשיינט, די לופט האָט גענומען שטיקן, די ברוקן האָבן זיך צעוואַ־רעמט, האָט עס אים, ווי אַ פויגל צום האַרבסטיקן אָפּפלי, פאַרטראָגן צום שטעטל אין די בערג. ער האָט זיך לאַנג פאַר דעם געקליבן אין וועג אַריין, ווי נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט, צו זיך אַהיים.

סיזאַן איז געפאָרן מיט אַ ביסל פלאַטער און מיט אַ ביסל נייגעריקייט. זי האָט נישט געוווּסט וווהין, אָבער זי האָט עס בחוש דערפילט; ווייל נישט אַנרי, נישט די מאַמע האָבן איר גאָרנישט געזאָגט, האָבן איר, ווי אַ קינד, געפירט. ס'האָט געהייסן, אַז זיי פאָרן אַ ביסל אַרויס אין די בערג, וואָס אַפילו דער דאָקטער האָט עס פאַראָרדנט, איינצושטילן אַ ביסל די נערוון, צו באַרואיקן זי מיט דער געזונטער, שטייפער באַרג־לופט. „גאָט מיינער... — האָט זי לאַנג און מיט ציטער געטראַכט, זיצנדיק אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין דער שויב — ווי אַזוי וועל איך כוח האָבן?...“ ווייל זי האָט בלינדערהייט געהאַט דאָס געפיל, אַז זי וועט אים דאָרט נאָך איין מאָל זען, זשאַקן, זי האָט זיך אַלץ אויסבאַהאַלטן מיט אירע טראַכטונגען, האָט גע־שמייכלט איבער די כוחות און פון אונטער דער הויט האָט אַרויסגעשלאָגן די געלקייט, דער גיפט. דאָס קול איז געווען ווי אָנגעשפּאָלטן, דאָס לאַכן — פרעמד.

ס'איז צוערשט געווען נייגעריקייט, אַז מען וויל; און אפשר נישט בלויז נייגעריקייט — דאָס אויפוועקן זיך פון אַלטע, פאַרגעסענע ווייטיקן. אין קילן, באַרגיקן אינדערפרי האָט זי אַוועקגעשאָרט דאָס פאַרהענגל איבערן קוואַדראַטנעם שייבל, אונטערן נידעריקן, דאָרפישן באַלקן. הינטער די פענצטער, באַרג־אַראָפּ, האָבן לאַנג און מאָנאָטאָן געמורמלט ריטשקעס. דאָס גערויש פון קליינע וואַסער־פאַלן האָט באַרואיקט דאָס געמיט. איבער די ווייטע, פאַרשנייטע באַרג־שפּיצן איז געגאַנגען אַ וואָלקן, האָט זיך פאַר־

טשעפּעט און באַלד האָבן די ווייטע שפּיצן אַזוי קלאָר און דייטלעך אויסגעשניטן זיך אין בלויען, לויטערן חלל. דאָס געסל איז געלאָפן באַרגאַרונטער. געשפּרענקלטע הינער האָבן געגראַבלט אין רינשטאָק. ס׳האָט העל, דורכזיכטיק געקלונגען די קליינע שטיינערנע קירכע אין דער נידער, ווי גלעקלעך אויף די העלדזער פון די געפּלעקטע קי און פוכיקע שאָף אין טאָל.

זי האָט פּלוצים ווידער געהאַט אַ פאַרלאַנג אויפצורייסן זיך, אָנטון אַ פּאָר שווערע שיך און לויפן, קלעטערן אין די בערג. יענע ווילע, ווו זי איז פאַרביי נעכטן אָוונט, די ווילע מיט די אָנגעצונדענע שויבן, האָט איר שוין אויסגעוויזן ווייט און כמעט לעגענדאַריש. מ׳האָט איר גאָרנישט געזאָגט, אָבער זי האָט שוין אַלץ געוווסט. ס׳איז געווען ווי אין די קינדערמעשהלעך — די פּאַלאַצן, וואָס באַווייזן זיך און פאַרשווינדן פאַרן אויג.

פון דער הילצערנער טרעפּ איז אַרונטער די מוטער. איסר איז שוין לאַנג נישט געווען. ער האָט באַלד באַגינען, ווי נאָר די פייגעלעך האָבן זיך געוועקט הינטערן פענצטער מיט זייערע טשוויטשערייען, שטיל געשאָרכט מיט די טירן. ס׳איז צוריק געווען די באַוועגלעכקייט פון אַ ייִנגל אין דעם פרי־געעלטערטן מענטש. באַגינען, מיט טאָג־גלייך, איז ער אַוועק, אַרומגעקראָכן איבער די בערג־אָפּהאַנגען, צווישן די מורמלענדיקע ריטשקעס, און האָט שפּעטער־צו אָנגעבערענגט אַ פולן קויש מיט פריש ברויט, מילך, פּרוכטן; האָט זיך אַליין געפּאָרעט ביים צעבלאָזן אין גרויסן, פאַרסאַדזעטן, אַלטמ̣דישן קאַמין דאָס פייער פון דאַרע צווייגלעך, צוגעגרייט פרישע, שמעקנדיקע קאַפע אין די געבלימלטע, דאָרפישע וואַזעלעך.

ווי נאָר אַנרי איז דאָ ערגעץ אַרונטער, אַרויפצוברענגען די וואַליזעס, וואָס זענען פאַרבליבן אין קליינעם וואָקזאַל, איז די מוטער אַראָפּגעקומען אין לאַנגן, געבלימלטן מאָרגן־ראָק. זי איז נאָך אַלץ פול געווען מיטן פאַרטייעטן שמייכל פון נעכטן אָוונט.

— היינט וועלן מיר גיין אין געסט... — האָט אַרויסגעקוקט אַ ווייטער, פאַראינטריגירטער בייגיר אין אירע שמאָל־געשניטענע, אויסגערוטע אויגן, אַרום וועלכע די קנייטשעלעך האָבן זיך איבער נאַכט אויסגעגלעט — וועסט שוין זען, סיזאַנשי...

זי האָט איר נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען, דער אייגענער מאַמען. נאָכוואָס אַזאַ שמייכלענדיקע נייגעריקייט, ווי ביי אַ מיידעלע? זי האָט זיך נישט זשענירט, די מוטער, זי האָט באַלד באַגינען, ווען זיי זענען נאָך אַלע געלעגן אין בעט, געהאַט עפּעס שטיל איבערצושמועסן מיט אַנרין. זי האָט קוים אַ קלאַפּ געטון אין דער טיר און איז אַריינגעפאַלן צו זיי, האָט אַוועקגערוקט די קאָלדרע און אַראָפּגעלאָזן זיך אויפן ברייטן, נידעריקן, דאָר־

פישן בעט. סיזאַן איז געלעגן אומגעדרייט צו דער וואַנט, באַהאַנגען מיט הייליקע בילדער. זי האָט נישט געהערט, נישט געוואָלט הערן, וואָס זיי האָבן דאָרט איבערצושמועסן צווישן זיך. זי האָט זיך דאָ דערפילט גוט, אין פאַרוואָרפענעם שטעטל צווישן די בערג, ווי זי וואָלט צוריק פאַר־בלאָנדזשעט אין איר ווייטער קינדהייט.

נאָכדעם ווי דער שטורעם איז דאָ געהאַט אַריבער, די לייט פון די ווייטע פרעמדע שטעט זענען צוריק אַוועק, איז דאָס שטעטל ווידער געלעגן, ווי אַ פאַרוואָרפענע נעסט אין די בערג. כאָטש ס׳זענען פאַרבליבן גענוג שפּורן פון די מלחמה־יאָרן. עפּעס אַ פאַריזער יידישע ווילטעטיקע אינ־סטיטוציע האָט דאָ אויפגעמאַכט אַ מין אָפּרו־הויז פאַר עלטערע לייט, וואָס זענען פאַרבליבן עלנט, אָן מיטלען צום לעבן, אָדער געוואָרט, אַז קינדער און קרובים פון אויסלאַנד זאָלן זיי אַריבערנעמען צו זיך. ווי צו די אַלטע טויבן מיט די ראָזע, פאַרוואַקסענע פיסלעך, וואָס לאָזן זיך אַרונטער כמאַרעוויז פון קירכע־טורעמל צום שימלדיקן וואַסער־בעקן אַרום פאָנטאַן, אויפן פּלאַץ פון דער מערי, אַזוי האָט מען זיך דאָ ביסלעכווייז צוגעווינט צו די עלטערע לייט אין דעם געמטל, אונטער די הונדערטיאָריקע פּלאַ־טאַנען, אין „אָספּיס״. ס׳איז קיינעם גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז די אַלע האָבן דאָרט אַמאָל אָפּגערוישט זייער יוגנט אין אַ ווייטער, פרעמדער וועלט. מ׳האָט זיך דאָ צוגעוווינט צו די פרעמדע, דער עיקר אין די מלחמה־יאָרן; בפרט, אַז אויך פריער פלעגן אַהער אַראָפּקומען אין די זומער־ און ווינטער־סעזאָנען די לייט פון די ווייטע, רוישיקע שטעט. די קליינע לעבנסמיטל־געוועלבלעך, ווו מען קריגט פון אַ נאָדל ביז אַן אַגריקולטור־מאַשין, די האָטעלן, די רעסטאָראַנדלעך און אַפילו די פאַרקויפער פון די אָנדענק־קליינינקייטן, דער עיקר האָלץ־שניצערייען פון די בערג־לאַנדשאַפטן, „סו־וועניר״, די פאַרביקע פּאָסט־קאַרטלעך, האָבן דאָ אַלעמאָל צוביסלעך גע־לעבט פון דעם אָנגעפאָרענעם עולם. מ׳האָט יעדן איינעם פינקטלעך אָנט־קעגנגעטראָגן דעם „באָנזשור״ אין זייער הילכיקן באַרג־לשון.

צום גאַניק האָבן פאַרנאַכט געצויגן די עלטערע דייטשע יידן. ס׳איז געקומען די גרויע אַריסטאָקראַטקע, די „באַבציאַ״ ראָזאַליאַ, מיטן גרעק און מיטן הויכן פּלייצקעלע. זי האָט מיטן פוסטן מויל נישט אויפ־געהערט צו באַקלאָגן „יענע צייטן״, אין דייטשמעריש, געמישט מיט אַ קלינגענדיקן, פאַרפומירטן פויליש. די איבעריקע זענען געווען בלויז דייטשע יידן. זיי זענען געווען כמעט אַלע טויבלעכע, מיט הער־אַפּאַראַטן אין די אויערן, מיט רויטלעכע, טרערנדיקע אויגן, אָדער האָבן געטראָגן שוואַרצע ברילן, זענען געגאַנגען אָנגעלענט אויף שטעקנס. טייל מענער — אין האַרטע, שטייפע קראַגנס, אין פאַרשטויבטע מעלאָניקעס, מיט טריבע,

וואַסערדיקע אויגן איבער די אָנגעשוואָלענע אויגן־קישעלעך; זיי האָבן נאָך געטראָגן אין די צעקנייטשטע לאַצן עפּעס בענדלעך, וויכטיקע אָפּצייכנס פון דער קייזערלעכער דייטשער אַרמיי, אָדער פון פראַנץ־יאָזעפן אַליין. עלטערע פרויען האָבן זיך נאָך געפּוצט, פאַרצויגן די שנעבעלעך, געחנדלט זיך, געשדכנט זיך, אַנדערצײלט זיך פון זייער עשירות „דריבן", אין דייטש־לאַנד, אָדער אין ווין. מ'האָט געשמועסט, אַז ס'ווערן געפּירט ליבעס, מ'איז אײפערזיכטיק און אַז פון צייט צו צייט פראַוועט מען אַ היימישע חתונה צווישן דעם אַלטוואַרג.

פון די סאַמע לעבעדיקסטע איז געווען די „באַבציאַ" ראָזאַליאַ. זי האָט זיך ביי יעדער געלעגנהייט געריםמט, אַז זי שטאַמט פון גרויסן וואַר־שעווער יידישן יחוס, האָט איבער דרייסיק יאָר געלעבט אין בערלין. זי האָט זיך דאָ פּשוט מחיה געווען מיט די פרישע געסט. זי האָט אַלעמען גע־קענט; זי האָט אַפילו געקענט די גאַנצע משפחה איסרס.

— די ראָזענבערגס פון דער טוואַרדע... ס'אי גוט... — האָט זי באַלד פאַרצויגן די בלויע ליפּעלעך, אָנגעשטעלט איר קליינעם, איינגעשרומפּע־נעם אויער־מושל צוזאַמען מיטן הויכן פּלייצקעלע, גערעדט אַביסל דייטש און אַביסל פּויליש — איך ערינערע מיך גאַנץ גענאַו, פּראָשע פּאַנסטוואָ... שאַדע, שאַדע... דאָס וואַרן ווירקליך נעטע לויטע...

ס'האָט דאָ אַפילו איינמאָל פאַרבלאָנדזשעט אַהער צווישן זיי אַ זשור־נאַליסט פון אַ יידישער צייטונג אין פּאַריז און האָט נאָכדעם געמאַכט פון דעם שטעטעלע אַ גאַנצע באַשרייבונג. ווען דאָס בלאַט איז אָנגעקומען אַהער און מ'האָט עס זיי דערצײלט, האָבן זיי באַלד אַלע געוואָלט וויסן וואָס דאָרט שטייט. איינער פון זיי האָט עס פאָרגעלייענט אין גערטל אונטער די פּלאַטאַנען אין זייער היימישן דייטש: „דאָס שטעטכען, דאָס מאַן לאַ ראָשע נענט... דאָס זיך אין די פאָדער־אַלפּן בעפינדעט"... — האָט זיך דער ייד מיטן הויכן, שטייפן קראַגן געקרעקט, לאַכנדיק מיט קליינע, היסטערישע געשרייעלעך און טרערנדיק מיט די קליינע, רויטע אויגן.

— כי־כי־כי... כאַ־כאַ־כאַ... — האָבן די זקנים געלאַכט אין כאָר.

און די „באַבציאַ" ראָזאַליאַ האָט וויכטיק צוגעגעבן:

— דיזער מאַן האַט ווירקליך איינבילדונגס־קרעפטע... זאָ וואַר איך לעבע...

# 17

נאָכן האַלבן טאָג איז סיזאַן געלעגן אויף דער וועראַנדע מיט צוגע־שלאָסענע אויגן־לעדלעך. זי האָט געלאָזן דורכזיגן די קרומע, מילדע באַרג־זון, וואָס האָט געשטאָכן און געוואַרעמט. דאָס גאָרטן־טירל האָט אַ קרעכץ געטון. עמיץ איז געגאַנגען איבער די צעמאָלענע שטיינדלעך. זי האָט דערפילט ווי אַ שאָטן לייגט זיך פון דער זייט און האָט קיין כּוח נישט געהאַט ברייט אויפצומאַכן די אויגן.

דער אומגליקלעכער קלאַנג ווענן גאָלד, האָט זיך איר געדוכט, גייט איר אומעטום נאָך, פאַרפאָלגט איר. זי האָט שוין עפּעס געוווסט. אַנרי האָט אין איר אַריינגערעדט, כאָטש ס׳איז דערגאַנגען צו איר ווי פון זייער ווייט. איר האָט זיך געדוכט, אַז מענטשן קוקן מער נישט אויף איר, נאָר מען זעט — גאָלד, גאָלד...

— פאַרוואָס גיט מען מיר נאָר אָנצוהערן ווענן גאָלד? — איז זי מיט טרערן אין די אויגן געשטאַנען קעגנאיבער דער מוטער — מיך זעען זיי מער אינגאַנצן נישט. גאָלד... נאָר גאָלד...

— ס׳דוכט זיך דיר נאָר, נאַרעלע... — איז שיינדל פּלוצים געוווען צעטומלט — און צווייטנס... ס׳איז נאָך אַלץ בעסער, ווי דו וואָלסט, חלילה, געוווען אַן אָרעם מיידל. ווען דו ווייסט, סיזאַן, וואָס כ׳בין אויסגעשטאַנען ביי מיין טאַטן, דעם אָרעמען שניידער, אין קליין־אַלעקסאַנדער. ס׳איז גע־ווען אַ פּולע שטוב מיט קינדער און כ׳האָב קיינמאָל קיין שטיקל קליידל אויפן לייב נישט געהאַט... נאָר דו... דאַרפסט זיין גליקלעך און אָט וויינסטו גאָר... כ׳פאַרשטיי דיך, אסור, נישט...

— פאַרשטייסט מיר נישט. האָסט מיר קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, אַפילו דעמאָלט...

זי האָט דער טאָכטער גאָרנישט געוואָלט פאַרשטיין אויך. זי האָט דאָ, אין פאַרוואָרפענעם שטעטל, געהאַט וויכטיקערע זאַכן אויפן קאָפּ. זי האָט נישט גערוט. זי האָט שוין אַלץ געוווסט און אַלץ אויפן וווּנק פאַרשטאַנען. מיט אירע פּאָר ווערטער פראַנצויזיש האָט זי זיך שוין אַפילו באַוויזן צו פאַרשטענדיקן מיט די קאַפּע־לייט, מיט דער הייליקער שוועסטער קלאָ־טילד, מיט דער דינסט מאַרגעריט. אין די ביטערע פּאָר יאָר, ווען זי איז געלאָפן אויסבאַהאַלטן זיך, האָט זי אויך געהאַט צו טון מיט די הייליקע שוועסטערן. מיט אַ טאָג פריער איז בלאַנש מיט די ייִנגלעך אַרויס־געפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן צום ים; און שיינדל האָט זיך שוין באַ־צייטנס גענומען פאַרען אין הויז, ווי ביי זיך אין שטוב. זי האָט אַלעמען

אַנטקעגנגעטראָגן אַ שמייכל, אַ ליבלעך וואָרט; ס׳איז געווען די אַמאָליקע פּאַרנאַשטקייט אין איר שטים. זי איז אַרויפגעקומען מיט אירע געלעכ־טערלעך זאָגן בלאַנשן, זי זאָל זיך נישט מאַכן קיין זאָרגן — זי נעמט אויף זיך צו באַזאָרגן דאָס הויז, אַכטונג צו געבן אויף דער דינסט, אַפילו אויף זשאַקן, וואָס האָט נאָך נישט געקענט מיטפאָרן. מ׳איז דאָך אייגענע מענטשן, האָט זי געגעבן אָנצוהערן און האָט דערביי בלאַנשן געגוי אַרומגעקוקט, אַז יענע האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אומבאַקוועם.

זי איז געווען אויסגעבלייכט אין יענעם זומער, בלאַנש, זי האָט גע־ליטן פון געבורט אָן. זי האָט געהאַט עגמת־נפש פונעם יינגערן קינד; אָבער פאַרן „גראַן־פער״ און פאַר זיינע ליבע געסט האָט זי גאָרנישט געוווסט וואָס פריער צו טון. זי איז געווען פאַרפלאָמט. זי איז אַליין עטלעכע מאָל אַרויף צו סיזאַנען, האָט זי פאַרבעטן צו זיך. הינטער אירע פּלייצעס האָט שיינדל געמאַכט העוויות, געוווּנקען, גערעדט האַלב־יידיש, אַז יענע זאָל זיך גאָרנישט אָנשטויסן:

— אַ שיינע מעצאָצע... — האָט זי געלאַכט אַנרין הינטער דער נאָז — אַ דאַרער שטעקן, סט׳אַזוי לעבן... די קראַסאַוויצע, וואָס עס האָט זיך אָפּ־געזוכט...

ווי נאָר בלאַנש מיט די קינדער זענען אַוועקגעפאָרן, האָט זי זשאַקן גע־נומען פאַרבעטן צו זיך און געקלאָגט פאַר אים:

— זאָל כאָטש זשאַק אַ קוק געבן אויף סיזאַנען... זי ליגט דאָרט נע־בעך אַליין... נאָר אַליין ליגט עס...

זי האָט בשום־אופן נישט געוואָלט צוגלויבן זיך, אַז ס׳קען אַמאָל גוט זיין צווישן אַ ייד מיט אַ גויה... זי האָט געוווסט אין פּאַריז פון איינעם אַ פּאָר־פאָלק, וואָס האָט זיך טאָג און נאַכט אַרומגעריסן ביי די קעפּ... ווי נאָר דער מאַן האָט זיך אָנגעטרונקען מיט די גלעזלעך, וואָס זיי האַלטן אין איין „זשליאָקען״, האָט ער ס׳ווייב גערופן „סאַל זשוויוו״... האָט זי אַרויסגעוואָרפן פון שטוב און די קינדער, נעבעך... מיט איין וואָרט...

זי איז געגאַנגען הין און צוריק, געווען פאַרפאָרעט מיט די געסט, און אין אָוונט געלאָפן אין דער קאַפע. צום גאַניק זענען דעם גאַנצן טאָג געקו־מען די „קומעס״, וואָס האָבן אויסגעשריבן דאָס פּוילישע אַנטיסעמיטישע בלעטל „נאַראָדאָוויעץ״. די „באַבציאַ״ ראָזאַליאַ מיטן הויכן פּלייצקעלע האָט זיך דאָרט אַלעמאָל געטון אַ שטעל אַריין: „שאַנאָווגע פּאַנסטוואָ... דאָברע נאָווינקי״... ס׳האָט נאָך דאָרט אין פאַרטער געוווינט אַ פּריש־אָנגעלאָפענע משפּחה פון פּוילן. אין דאָזיקן פאַרלאָזענעם הייזל האָבן זיי איבערגעווינ־טערט. זיי האָבן דאָרט צוביסלעך אַ תּל געמאַכט פון אַלץ. ס׳איז אַריינגע־רונען דורכן דאַך. קיין דינסטן האָבן זיי מער נישט געהאַט, מען זאָל זיי

באַדינען, האָבן זיי גאַנצע טעג אַליין געבאַקן און געקאָכט. דער מאַן — עפּעס אײנער אַ העניעק, מיט אַ בערשטעלדיקן, נידעריק־געשווירענעם קאָפּ; וויפל ער האָט נישט געהאַלטן אין איין שיטן פּעך און שוועבל אויף די פּאָליאַקן, האָט ער נאָך אַלץ אַליין פּאַרמאָגט אין זיך דאָס פּוסטע, העפּ־לעכע און גאַווהדיק־פּאַריסענע פון יענע פּוילישע האַלב־אינטעליגענטן. ער האָט נישט גערוט. אַלע פּאָר טעג איז ער הענדום־פּענדום געלאָפן קיין פּאַריז, געשיקט טעלעגראַמעס, דערהאַלטן טעלעגראַמעס. עפּעס אַ נייער מין מלחמה־פּראָדוקט פון אַ ייד.

ס'וווּיב — פּלאַקסענע האָר, וואַסערדיק־פּאַרבלויטע אויגן, האָט גע־רעדט מיט די קינדער פּויליש. אין די רעגנדיקע טעג, ווען ס'האָט געבלאָזן אַ קעלט דורך די אָפענע שפּאַרעס, האָבן זיי אַריינגעשטעלט קאָפּטשענ־דיקע אײוועלעך, דורכגעהאַקט אַ שויב פאַר די רערן, פאַרשאָטן מיט אַש און מיט מיסט אַרום הייזל. די קינדער האָבן מיט קאָלירטע בלייפעדערס פּאַרפּאַטשקעט די ווענט. זיי האָבן געשלעפּט ביכער פון שענקל אַרויס אונטערצוהייצן דעם אויוון און אויף אַנדערע באַדערפענישן. דער העניעק האָט אַוועקגעשמיסן דעם פּוילישן פּאַס און מיטן „אונראַ"־פּאַס לייכט באַ־וועגט זיך צווישן די דייטשע זאָנעס. עפּעס וויכטיקע געשעפטן. אין פּאַריז האָט ער גיך געפונען די חשודיקע קאַפּעס, ווו ס'דרייען זיך די יידן מיט די הייסע אויגן אונטערן שטערן, די וואַלוטע־הענדלער.

ס'איז דאָרט מער נישט געווען קיין אָפּרו, נישט פאַר סיזאַנען, נישט פאַר אַנרין. איסר איז שוין פריער געהאַט אַנטלאָפן, שטיל אָפּגעטראָגן זיך. אין די עטלעכע וואָכן האָט מען אין הויז געלעבט ווי אין אַ נעפּל. מען ווייסט גאָרנישט ווי אַזוי ס'איז געשען — אַלע האָבן זיך מיטאַמאָל איבערגעצויגן אין דער קלײנער, ציכטיקער ווילע צום דאָקטער, זינט ווען בלאַנש מיט די יינגלעך זענען אַוועקגעפאָרן צום ים; און דאָס האָט אים נאָכמער צערודערט, זשאַקן.

די מעלאַנכאָליע פון סיזאַנען איז פאַר אים געווען אַ גרויס, אומקלאָר רעטעניש. ער האָט זיך נישט געפילט שולדיק, נאָר — כ'ווייס, וואָס מענטשן קענען אַלץ זאָגן. ער האָט געלאָזן וויסן בלאַנשן, אַז ער וועט זיך נאָך פאַר־האַלטן אַ פּאָר טעג; אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און פאַרשטאַנען, אַז ער וועט שוין אפשר דאָס יאָר אינגאַנצן נישט קענען אַרויספאָרן. ס'האָבן זיך, אויסער דעם, באַלד אונטערגערוקט נאָך אַנדערע קאָפּ־פאַרדרייעניש. מ'האָט זי נישט געקענט דאָ אַזוי איבערלאָזן, סיזאַנען, און אַוועקפאָרן. ס'איז מער, האָט ער דערפילט, ווי די פליכט פון אַ דאָקטער בנוגע אַ פּאַציענט. אַ סך מער. שיינדל האָט עס אים נאָכאַנאַנד, מיט פאַרשידענע אָנדייטן,

האַלבע ווערטער, טרערן אַפּילו, אָבער איבערהויפּט מיט שמייכעלעך, גע־געבן אָנצוהערן און צו פאַרשטיין.

— ווען איר ווייסט, דאָקטער — האָט זי אים גערופן נישט זשאַק, נאָר דאָקטער — וויפל מיין סיזאַן האָט אין יענע ביטערע יאָרן גערעדט וועגן אייך...

זי איז אַרויסגעקומען אויף די שפּיצן נעגל פון איר צימער, האָט אומ־געריכט געמאַכט מער פּאַראַד, ווי ס'איז אפשר אין דער אמתן גוויטיק גע־ווען, האָט זיך אַריינגעריסן צו אים, האָט זיך אומגעבעטן אַראָפּגעלאָזן אין דער סאָפע לעבן אים. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט די פרוי, צוערשט נייגעריק און פאַרוווּנדערט. די אויגן ביי אים אונטער די פינקלענ־דיקע גלעזער — רויטלעך, מידע, אָנגעשטרענגט. ער האָט זי אָנגעקוקט פון דער זייט. אָט דאָס איז זי, די פרוי — איז אים דורכגעפלויגן — וואָס זיין פאָטער...

ער האָט זיך שוין אַצינד געגוּי דערמאָנט, פון לאַנג, פון דאָרטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל, אין פאַרויכערטן הויז, אין פּאַריז, אין שמאָלן געסל הינטער די טעאַטערן. און ס'איז פלוּצים אויך אויפגעגאַנגען פאַר אים יענער לעצטער, בהלהדיקער אינדערפרי, אין צעטרייסלטן וואָגן, ווען מ'איז אַנטלאָפן דורך פּאָרט ד'אָרלעאַן איבער די פאַרפּאַקטע שאָסייען, נישט אַדורכצוקריגן זיך. די דייטשע אַוויאַציע, וואָס האָט זיך נידעריק, ווי די רויב־פייגל, געהאַט אַראָפּגעלאָזן און מיטראַירט דעם שטראָם אַנטלויפנ־דיקע אין גרויס פּאַניק... דער מאַן אירער איז געווען אַ קליינער, אייביק־פאַרדאגהטער שניידער מיט אַ הויכער פּלייצע... און סיזאַן... ווי זי האָט דעמאָלט נאַריש און מיידלעריש געלאַכט, סיזאַן. וואָס האָט זי דען פאַרשטאַנען דעמאָלט, די קליינע? דערנאָך איז מער קיין צייט נישט געווען אַפילו צו טראַכטן וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן.

דער פאָטער האָט עס אים דאָרט איינמאָל אַ זאָג געטון, אָבער ער האָט עס גלייך אויפן אָרט. ווי געוויינלעך, פאַרגעסן. ווי ווייט ער איז שוין גע־ווען פון פּאַריז, פון די אַלע היימישע יידן. דער מאָדנער משפּחה־פּלאָנטער האָט אים פונדעסטוועגן אָנגעהויבן צו אינטריגירן, האָט זיך אַזויווי אומ־געריכט אַריינגעריסן אין זיין ווייט, פאַרטראָגן לעבן אין שטעטל צווישן די בערג; און ער האָט אַפילו איין מאָל אַ טראַכט געטון — ווער ווייס, אפשר איז טאַקע נישט צו אַנטלויפן?... ס'האָט זיך אים אַ מינוט אויסגע־וויזן, אַז ווען נישט דעמאָלט... וואָלט עס אפשר אַלץ געקענט אויסזען גאָר אַנדערש... צי קען מען טאַקע זאָגן, אַז צופאַלן פירן יאָ ערגעץ, אין געהיים פון אַלע אונדזערע אויסרעכענונגען? און דאָ — האָט ער באַקלערט — איז אויך אַלץ אַ פּלאָנטער. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אויפן ווייבל

און האָט מיטאַמאָל געפונען אין איר עפּעס ענלעכס צו דער אַמאָליקער סיזאַן; דעמאָלט, ווען ער איז מיט איר, אין פרילינגדיקן פלאַטער, אַוועק שפּאַצירן הינטער די בריקן פון דער סען; עפּעס אַ ווייטער אָפּשיין, וואָס האָט זיך פאַרגעדענקט... די דיקלעכע, זינגלעכע ליפּן, דער בליק — האַלב־שמייכלענדיק, האַלב־פאַרשעמט. אָ, דעמאָלט האָט ער אפשר נאָך נישט אַלץ פאַרשטאַנען.

מיט אַ פאַרשעריש אויג האָט זי פון דער זייט צוגעזען, ווי ער פאַרהאַלט זיך לענגער אין צימער אויבן, אָדער אויף דער וועראַנדע. סיזאַן איז דאָרט האַלבע טעג געלעגן אין דער וויג־שטול. פאַרנאַכט האָט געבלאָזן אַ קילער, לינדער דופט פון די בערג. זי איז די לעצטע טעג כמעט נישט אַראָפּ. זי האָט זיך בלינד גענומען שרעקן פאַר דעם, וואָס זי האָט זיך דאָ אַלץ צו־געהערט.

שיינדל ווידער האָט אַלץ געפּרוווט אַנרין אַוועקנעמען פון הויז, אים אַפילו איינמאָל, אַזוי אומגערן, פאַרפירט אין דער פּראָווינצער קאַסינאָ. אַלע זענען געווען צערודערט, געלעבט ווי אין אַ נעפּל, נאָר נישט זי. אין הויכן זאַל מיט די האַלב־פאַרלאָשענע שפּיגלען און ליכטער, מיט די לאַנגע, גרין־איבערגעצויגענע טישן, איבער וועלכע ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט די שאַרפע שיין פון די אַרונטערגעלאָזענע לעמפּ, זענען די שטייפע לייט, אין שוואַרצע רעק, אין שוואַרצע סמאָקינגען, ווי אָפּריכטנדיק עפּעס אַ קילע, רעליגיעזע עבודה, פאַרטון געווען אין דער שפּיל פון די שטומע באַוועגונגען, כמעט אָן רייד. זי האָט עס צוביסלעך שוין געקענט פון די קאָסינאָס אין די דרום־שטעט מלחמה־צייט, ווו זי האָט זיך אַרומגעוואַלגערט.

— זע, אַנרי... — האָט זי אים געפּליסטערט — ווי מענטשן ווייסן ווי אַזוי צו לעבן... און מיר...

— כ׳זע נישט אין די גרויסע חכמה אין זייער לעבן... ווי דו זאָגסט...

זי האָט אים אָנגעקוקט מאָדנע. זי האָט מיטאַמאָל אַרויסגעוויזן גרויס קענטעניש אין די אײדעלע געטראַנקען, די קאָלירטע גלעזלעך, וואָס די שטייפע קעלנער האָבן דאָ סערווירט אין די נישעס; און ס׳האָט אים גע־וווּנדערט, אַנרין, ס׳האָט אים געוווּנדערט און אונטערגעהויבן.

זי האָט געוווּסט, אַז ס׳איז אָוונט, אַז דער יונגער דאָקטער זיצט נאָך דאָרט אַוודאי אויף דער וועראַנדע. צי האָט זי דען פריער נישט פאַרשטאַ־נען, אַז אַנרי איז פאָרט נישט פאַר סיזאַנען? נאָר אַזוי האָט זיך עס שוין געמאַכט. די נויטווענדיקייט אַליין האָט זיי דעמאָלט צוזאַמענגעפּירט. אָבער, אַז גאָט וועט איר נאָך העלפן... זי וועט נאָר דאָרט אַריינקוקן אין די לופטעס אַריין... ווייל באַלד נאָך די וואַקאַנסן ציט ער זיך אַרויס, דער ייד, ס׳איז אַזוי געווען אָפּגעמאַכט. ער האָט עס איר שוין געלאָזן וויסן, אַז שוין...

נאָכוואָס דאַרף ער זיי דאָ, די אַלע גוים, זשאַק? פאַרשטעקט, באַגראָבן אין דעם פאַרוואָרפענעם עק? זי וועט אים לאָזן אינסטאַלירן זיך אין פאַריז, זשאַקן — איז צו איר געקומען אַ ווייטער, גליקלעכער געדאַנק — ער וועט גיך קריגן אַ נאָמען אין די יידישע קאַרטיעס. מ'וועט זיך רייסן איבער אים צווישן די ווייבלעך... ער איז אַ שטילער, צוגעלאָזענער מענטש...

ער האָט עס שוין איצט אַלץ געוווּסט, אַנרי, ער האָט שוין אין געדאַנק איבערגעלעבט די קריגעריי מיט דעם, מיט יענעם — שפּיזיקע, גיפּטיקע ווערטער, אַריינזאָגענישן, אַרויסגעשטעלט זיך — איך... איך האָב דאָס געטון... יענץ אויפגעטון... געזאָגט זיי אַלע, אַז זיי זענען נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי... אַז... מיט איין וואָרט; ס'בלוט האָט זיך אין אים אויפגעקאָכט, זידנדיק, בלעזלענדיק, פּולסירנדיק. די ביטערע עקשנות, וואָס האָט אין די שווערסטע יאָרן צוגעהאַלטן ביי דער בידנער עקזיסטענץ, איז צוגעשטאַנען, זיך צעגאָסן אין אים מיט אַ מין סאַדיסטישן הנאה־ווייטיק. דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט — בהמה! נאַר! שוטה! נאָכוואָס? צוליב וועמען? צי איז יעדער איינער פון די אַלע דען נישט אַליין קליין, שוואַך, אומגליקלעך אויף זיין אופן?

ער האָט ענערגיש דערטרונקען דעם שאַרפלעכן געטראַנק פון הויכן גלעזל, צוריק געשמייכלט, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס איבערגעקומען אַ גרויסע געפאַר. אַ באַרוישנדיקע וואַרעמקייט איז אין אים אויפגעשטיגן פון האַלדז, פון דער קעל אין מויל אַריין, ווי ר'וואָלט זיך נאָרוואָס געראַטעוועט. ס'איז צוריק געווען זיין איינפאַכער, גוטמוטיקער שמייכל אויף זיין קלייענדיק פּנים, פאַר וועלכן אַלע האָבן אים ליב געהאַט, צוגעבונדן זיך צו אים.

— הער מיך אויס, אַנרי, — איז שיינדל ווידער צוגעשטאַנען — ס'איז שוין אפשר צייט מיר זאָלן רעדן אַמאָל אָפן, אָן באַהעלטערלעך... כ'מיין, וואָס זענען מיר דען — אַ יינגעלע מיט אַ מיידעלע?... די ערשטע ליבע?... יעדער פון אונדז האָט שוין באַלד אַ לעבן הינטער זיך. האָסט עס די גאַנצע צייט אַליין באַדאַרפט צו פילן, אַז מיר ביידע זענען איינער פאַרן אַנדערן. כ'האָב אַלץ, האָסטו אַליין געזען, מקריב געווען פאַר מיין קינד. מיינסט, אַז די דירה צוריקצונעמען וואָלט איך אַוועקגעגעבן אַ שטיק געזונט? אסור. כ'האָב געוואָלט פאַרזאָרגן סיזאַנען... זי זאָל נישט בלייבן קיין אָרעם קינד, אָן אַ היים און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה. כ'האָב עס אַליין נישט געקענט דערגרייכן אין דעם עלנטן רשעותדיקן, נאָך־מלחמה־דיקן פאַריז. כ'האָב דיך אַלץ אָנגעטרויט, כ'האָב דיך אַריינגענומען פאַר אַ שותף אין מיין לעבן אַריין, אין אַלע מיינע משפּחה־סודות אַריין. איך האָב דיר סיזאַנען אויך אַוועקגעגעבן, כאָטש כ'האָב באַלד געוווּסט, אַז סיזאַן איז נישט פאַר דיר...

— פון וואַנען ווייסטו, אַז סיזאַן איז נישט פאַר מיר? — איז ער אויפ־געשפּרונגען פון אָרט.

— באַרואיק זיך נאָר, אַנרי, כ׳וועל דיר אַלץ פּאַוואָליע געבן צו פאַר־שטיין, דיר אויפעפענען מיין האַרץ און... דיינע אויגן... ווייל ביסט אַ ביסל בלינד, זע איך, ביסט אפשר אינגאַנצן בלינד... כ׳בין אַזוי ווייט געגאַנגען אין באַזאָרגן מיין קינד, אַז כ׳האָב דיר אַליין אויך אַוועקגעגעבן סיזאַנען... יאָ, אַוועקגעגעבן... — זי האָט זיך געווישט מיטן טיכעלע די אויגן — כ׳בין אויך אַ פרוי, אַנרי... האָסט עס אַליין באַדאַרפט צו פילן... כ׳זאָג דיר נאָכאַמאָל — סיזאַן איז נישט פאַר דיר קיין געפּאַסטע פּאָר. ביסט עלטער פון איר, אָבער נישט די פאָר יאָר שפּילן דאָ אַ ראָלע... זי איז אַ פּאַרי־זער מיידל...

ער האָט זי אָנגעקוקט, נישט פאַרשטאַנען, די האָר אין — שויבערן. ער האָט דערטרונקען נאָך אַ שלוק פונעם גלעזל; ס׳האָט אים געפעלט לופט, האָט ער זיך געריסן דעם קאָלנער, וואָס האָט אים מיטאַמאָל געשטיקט.

— טאָ צו וואָס — האָט ער געוואָלט וויסן — ווילסטו אונדז איצט דערפירן?

זי האָט זיך נאָך אַלץ געווישט די אויגן, אָבער אינגאַנצן האָט זי פאָרט געשיינט פון עפּעס אַן אינערלעך ליכט. דאָס האָט ער גאַנץ גוט געזען.

— קיין געלט וועט אונדז איצט נישט פעלן... זשאַק איז אַן אָרעמער יונג. כ׳וויס שוין דאָ אַלץ, זעסטו... מען טרייבט אים אַרויס פון דאַנען און ס׳ווייבל, די גויע, וועט אים דערפאַר אויך אַרויסטרייבן...

**— מיינסט אַוודאי, אַז אַלע זענען ווי דו... אַרויסטרייבן... פאַרוואָס** טרייבט מען אים אַרויס, ווייסטו כאָטש?

אָבער זי האָט נישט געהערט זיינע רייד.

— מיר דאַרפן זיך נישט מישן צו סיזאַנען און זשאַקן... זיי זענען יונגע קינדער... זיי האָבן זיך נאָך פון קינדוויז ליב געהאַט. דו קערסט צו אונדזער דור און זיי זענען אַנדערע... מוזט עס פאַרשטיין, אַנרי, דו, וואָס האָסט געלייענט ביכלעך, קענסט עס פאַרשטיין נאָך בעסער פון מיר... ס׳וואונדערט מיך נאָר פאַרוואָס האָסט עס ביז היינט נישט פאַרשטאַנען. כ׳בין אַ פּראָסטע יידענע און פאַרשטיי עס. מיט וויפל בין איך דען אינ־גאַנצן עלטער פון דיר?

ער האָט זיך אויפגעריסן און געוואָלט אַנטלויפן.

— איצט פאַרשטיי איך שוין דיינע אונטערגענגלעך. ווועסט עס נישט טון, זאָג איך, איך... מיר וועלן נישט לאָזן...

— הער, אַנרי... שטיי נישט אַזוי אין גרויסן... גענוג וויכטיקע מענטשן וואָלטן צופרידן געווען כ׳זאָל באַשטיין מיט זיי... אויסצורעדן אַ וואָרט...

ביסט נישט קיין בן־יחיד... — זי האָט מיטאַמאָל מער נישט געוויינט — וועסט פאַרשפּילן סיזאַנען און וועסט מיך פאַרשפּילן...

ער האָט זיך נאָך האַלב אומגעדרייט און ס'איז געווען משונהדיקער געעלכטער הינטער אים, ווען ער איז אַנטלאָפן איבער די שמאָלע, האַלב־פינצטערע געסלעך פון באַרג־שטעטל. ער האָט קוים, פאַרסאָפּעט, אָפּגע־גאָסן אין אַנגסטן, געפונען די קליינע, פאַרשטעקטע ווילע צווישן די ביי־מער אויפן פּלאַץ פאַר דער מערי. ער איז האַסטיק אַרויף די שטיגן, די הילצערנע טרעפּ צום אויבערשטן גאָרן, און האָט זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן אין קאָרידאָר, הינטער סיזאַנס טיר. ער האָט זיך באַדאַכט אָפּגעשטעלט, איינ־געהערט זיך. ער האָט געהערט רייד פון אינעווייניק. זאָל עס טאַקע זיין אמת? — האָט ער זיך אַליין צום ערשטן מאָל מיט פאַרצווייפלונג געפרעגט. ער האָט מער נישט געוואָגט אַרײַנצוגיין, איז אַוועקגעפאַלן אין אַ סאָפע. ס'איז געווען נאַכט, ס'איז געווען טאָג. קיינער האָט אים נישט גערופן. הינ־טער אַלע טירן איז געווען מאָדנע שטיל. „זאָל עס טאַקע זיין אמת?"...

די אויסגווייניקסטע שטאָכעטן־לאָדן זענען געווען אַראָפּגעלאָזן. ער האָט זיך איינער אַליין אַרומגעדרייט איבער די גרויסע, ליידיקע צימערן. אַ ליכטיקער שטויב־זייל האָט זיך דורכגעזיגן אין דער קרום איבער דער פּאָדלאָגע פון איר שלאָף־צימער, געפאַלן אויפן ווייכן דיוואַן און זיין בליק האָט זיך נישט אומגעדרייט צו דער אונטערגעהויבענער קאָלדרע. דאָס בעט איז געווען פאַרלאָזן, קאַלט. אַ ראַדיאָ האָט ערגעץ געשפּילט פון הינטער ווענט. אַן אַלטער זייגער האָט אויסגעזונגען אַ האַלבע, דריי־פערטל און אַ שעה. „פאַרוואָס — האָט ער זיך געפרעגט — האָב איך עס פריער נישט פאַרשטאַנען? נאָך וואָס בין איך גאָר אינגאַנצן געקומען אַנוואַרפן דעם מיידל מיין יידישן אומרו? צי האָב איך רעכט געהאַט? זי איז אונטער די דאָזיקע הימלען געבוירן געוואָרן. ס'האָט נישט געטויגט, אַבער, ס'האָט אין אַלע פאַלן נישט געטויגט".

און ס'איז אים פּלוצלונג שטיין געבליבן פאַר די אויגן דער גרויער, נאָמענלאָזער מאַן פון דער לאַגער־נאַרע, עפּעס אַ פאַריזער ביזשוטיער. אויך יענער האָט אַוודאי אַ גאַנץ לעבן איינגעריסן און איז אויסגעגאַנגען פון הונגער, פון קלעפּ צווישן די שטיין־קאַריערן אויף אַ פרעמדער ערד. ס'איז נאָר אַן איינגערעדטע זאַך די רו, דאָס גליק, צו וועלכן מען גלויבט צו דערשלאָגן זיך. מיר טראָגן אפשר דעם אומרו פון אונדזער דור אין זיך גופא און עס איז אין ערגעץ נישט צו אַנטלויפן פון אים. כ'בין געגאַנגען געפינען אַ מענטש און האָב געפונען אַ... קאָנפעקציע־אַטעליע...

ער האָט אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרע און געזען: איסר איז געלאָפן איבער דער גאַס מיט אַן אויפגעריסן העמד, אַ שויבערדיקער, אַן אָפּגע־

ברענטער, מיטן פאַרשפּיצטן בערדל, וואָס איז אינגאַנצן גרוי געווען. ער האָט זיך דאָ ווידער דערפילט ווי אַ ייִנגל. ער האָט אויסגעזען אין אַלעם צו פאַרגעסן.

אַזוי איז ער ווידער געשטאַנען פאַר אים, אַנרי, מיט אַרונטערגעלאָזענע הענט. ער האָט נישט גערעדט, נישט דערציילט, אָבער איסר האָט שוין אַלץ געוווּסט. ער האָט נאָר, ווי פאַרשעמט, אַ מורמל געטון, אַנרי:

— ביסט אפשר דעמאָלט גערעכט געווען, איסר, אין דײַנע צווייפלען, ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט באַפרײַטע און לעבעדיקע. מיר זענען אויפסניי געשטעלט געוואָרן פאַר שווערע נסיונות און צווייפלען. מיר קענען זיך נאָך אַלץ נישט געפינען אין אָט דער וועלט פון ערב. מיר שטיקן זיך. עפּעס איז פון אונדז פאַרבליבן האַלבע מענטשן. כ'ווייס, אַז דיר איז אויך נישט אַזוי לײַכט. אָבער דער אויסוועג איז דאָ. מען דאַרף שטאַרק זײַן. כאָטש מיר בלוטיקן, דאַרפן מיר שטאַרק זײַן.

# 18

אין רעגן, האָט די הייליקע שוועסטער קלאָטילד געאײַלט אַראָפּ־גאַס מיט אַ פאַרהויבענער סוטאַנע, איבער וועלכער ס'האָט זיך געשאָקלט דער גרויסער זילבערנער צלם. דאָס מויל — אויסגעקרומט, אַ כמאַרע — אין די וואַסערדיקע אויגן. מ'האָט טאַקע געקענט מיינען, אַז דאָס אײַלט זי, ווי געוויינלעך, אַזוי פרום מיט די באַנקעס און מיט איר קוישעלע מעדי־קאַמענטן.

אַ מאַן אין האַלץ־טרעפּעס איז פאַרנאַכט געקומען קלינגען צום טויערל ביים דאָקטער. די אַלטע דינסט מאַרגעריט האָט אַן עפן געטון דאָס אויבערשטע לופטשיקל און, ווי אַלעמאָל, ווען דער דאָקטער איז גראָד אין הויז נישט געווען, האָט זי פאַרלייגט די הענט אויפן היפּשן בוזים און וויכ־טיק גענומען נאָכפרעגן זיך:

— נאָכוואָס?

— צום דאָקטער! — האָט יענער נאָך אַמאָל אַרויפגעשריגן אין זײַן הילכיקן באַרג־לשון — זי קרעכצט, ס'ווייב...

— אין וויפלטן איז זי? — האָט זי, אַליין אויך אַ שטיקל מבין אין די זאַכן, אַלץ געמוזט אויספרעגן זיך.

— כ'ווייס דאָרט...

— איז זי מעוברת? — האָט זי, שטאַרק טשיקאַווע, געוואָלט וויסן.

— כ׳ווייס... דאַכט זיך, אַז נישט...

— דער דאָקטער איז נישטאָ... באָן־דיע.. ער ווייס עס אַפילו נישט...

— האָט זי געמאַכט מיטן קאָפּ — צו וועמען זאָל איך הייסן שיקן? — האָט זי וויכטיק געפרעגט, כאָטש זי האָט אים גוט געקענט.

— צום ווייב פון דיפּאָרעי... דאָ אַראָפּ, ביים נאַציאָנאַלן שאָסיי.

און דער מאַן איז געהויקערט, קלאַפּנדיק מיט די האָלץ־טרעפּעס, אַוועק אונטערן רעגן.

דעם יונגן יידישן דאָקטער האָט ער שוין אָפּגעוואַרט ביים טויערל. ס׳איז שוין געווען גוט טונקל. די העל־בלאָנדע, בערשטלדיקע האָר זענען אים געווען פאַרוואַקסן ביז טיף אין שטערן אַריין. ער איז געווען אָן אַ היטל, אַ שויבערדיקער, מיט אַן אָפּן העמד. דער וואָלף־הונט האָט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג געוואַרט ביי זיינע פיס. דער דאָקטער איז, ווי געוויינלעך, געגאַנגען איבער דער גאַס, פאַרטון אין זיך, דער ווייכער הוט פאַרוקט איבערן אויער, דער בליק האָט געבלאָנדזשעט ערגעץ נידעריק. ס׳איז, נישט־ווילנדיק, געווען אַ סך יידישלעכס אין זיין צעחושטן גאַנג, אין זיין באַוועגן זיך; כאָטש ער איז דאָ אַפילו אָנגעגאַנגען פאַר אַ פלינקן ספּאָרטסמאַן, אַ גוטער שפּילער אין בולן און אַ פינקטלעכער שיסער בעתן יאַגד אויף די ווילדע פויגלען אַרום דער קאַרפּן־סאַזשלקע. אַלע הינט פון די הייפלעך האָבן אים שוין אָבער געקענט, האָבן נישט געבילט, נאָר אומ־רואיק געדרייט מיטן עק, ווען ער האָט צוגעקלאַפּט הינטער זיך דאָס סקרי־פּענדיקע טירל. זיי זענען אים אַזוי נאָכגעגאַנגען ביז צו דער שוועל.

דער דאָקטער האָט געקענט די לייט, דאָס שווערע לעבן זייערס. היג־טערן וועגטל האָט דאָס ווייב געקרעכצט. דאָס יינגל איז געלעגן אויף דער קויקע. ער איז געשטאַנען אונטערן נידעריקן באַלקן.

— פאַרוואָס, זאָג מיר, דיפּאָרעי, ביסטו געקומען אין דער לעצטער מינוט? מען דאַרף פונדעסטוועגן וויסן וואָס דעם אייגענעם ווייב איז... טו אַ לויף מיטן צעטעלע צום אַפּטייקער... ער וועט שוין וויסן...

— כ׳קום אַהיים שפּעט פון דער קאַריער, באָן־דיע... — האָט דער פאַרוואַקסענער מאַן שטומפּיק עפּעס אָנגעהויבן, פלוצים אַ לויף געטון, לאָזנדיק נאָך זיך אָפן דאָס טויערל.

ער איז אין דעם טאָג אַליין אויך געווען גענוג צערודערט, דער דאָק־טער. אין טעגלעכן בלעטל „דעפּעש ד׳איזער", וואָס דערשיינט אין גרע־נאָבל, פאַרנעמט מען זיך, זעט אויס, מיט פיל וויכטיקערע ענינים, ווי מיט עפּעס אַן אַנטיסעמיטישן אָנפאַל אויף אַ יידישן דאָקטער אין אַ קליין באַרג־שטעטל, אין שייכות מיט די לעצטנס־פאַרגעקומענע מוניציפּאַל־וואַלן און מיט אַ שטרייק אין דער צעמענט־פאַבריק. צום זיג פון די, וואָס

אַרבעטן אין דער צעמענט־פאַבריק, פון די וואַלד־העקער, איז צוגעקומען נאָך אַ וויכטיק געשעעניש: מ'האָט זיך אויפגעהויבן אינדערפרי און מ'איז געוווּיר געוואָרן, אַז די נאַכט האָבן אומבאַקאַנטע לייט אויסגעהאַקט די שויבן ביים יידישן דאָקטער, אויפן פּלאַץ פון דער מערי, אויסגעשמירט זיינע טירן מיט סמאָלע און באַקלעפּט זיי מיט אויפשריפטן, אַז — „קיין אמתער פראַנצויז און קאַטאָליק טאָר מער נישט קומען היילן זיך צו אים"...

ס'איז באמת פאַרדריסלעך — האָט ער געטראַכט, דער דאָקטער — צו צעטרייסלען די געמיטלעכע רו אינעם שטעטל צווישן בערג און וועלדער, ווו מענטשן לעבן אַוודאי זינט אומפאַרגעסלעכע דורות, כאָטש נישט אָן שווערע זאָרגן; זיי גייען זייער פאַמעלעכן שריט, טרינקען, נישט טראַכטנדיק גאָר דערפון, די געזונטע באַרג־ און וואַלד־לופט. די מערסטע האָרעווען אין דער ציגל־ און צעמענט־פאַבריק, אין דער שטיין־קאַריער, פאַר אַ קנאַפּן לוין, מען קען זאָגן פאַר אַ הונגער־לוין; פאַרנעמען זיך מיטן שניידן די סאָסנע־וועלדער אין די הויכע בערג, לאָזן זיי דערנאָך אַרונטער אויף די „שליטעס", פירן זיי צו דער קליינער באַן־סטאַציע. דער אינזשעניער, מעסיע ראַבו, אַן אַלטער בחור, לאַנגווייליקט זיך געוויינלעך אין זיין קאָנטאָר מיט די ברייטע שויבן־פענצטער, פאַריכט זיך יעדעס מאָל פאַרן שפּיגל דעם אָריגינעלן פאַריזער קראַוואַט און טראַכט מסתמא וועגן שיינעם ווייבל פון דירעקטאָר, וואָס איז אַ פאַרנומענער מענטש, איז אָפט אונטערוועגנס. דער אַפּטייקער מיט דער אַלטמאָדישער בריל זיצט הינטער זיין באַריערל, צווישן די פלעשלעך און סלאָיקלעך, און לייענט דעם „פי־גאַראָ". דער רויט־אָנגעגאָסענער זשאַנדאַרן־קאָמיסאַר זיצט דעם גאַנצן נאָכמיטאָג אין דער צענטראַלער קאַפע „עדעלווייס", אויפן פּלאַץ פאַר דער מערי, פּלאַפּלט אַרום מיטן פאַטראָנס נאַריש ווייבל, אַדעל, דערציילט איר די גראַבע, סאָלדאַטסקע וויצן, און זי גיסט זיך אָן מיט ראָזעווע פאַרבן און קוויטשעט יעדעס מאָל אַרויס. ער זופט דערווייל די גלעזלעך מיטן זוניקן „באָזשאָליי", פון די פול־אָנגעגאָסענע טרויבן, וואָס עס גיבן אַרויס מיט אַזאַ שפע די שיינע, מאָלערישע טאָלן און שיפּועים פון די דעפּאַרטאַמענטן איזער און ראָן, צופוסנס די בערג. דער יינגער יידישער דאָקטער, זשאַק, נעמט פּינקטלעך אויף צווישן צוויי און האַלב־זעקס נאָכמיטאָג; מען זעט אים אָפט לויפן מיטן וואַליזקעלע, אין מיטן דער נאַכט אַפילו, ווען מ'רופט אים דרינגענדיק אַרויס צו אַ קראַנקן, אָדער צו אַ געווינערין.

זשאַק האָט נישט געקענט אָוועקפאָרן, ביז ס'וועט אינגאַנצן נישט קלאָר ווערן די קאָמפּליקאַציע מיטן יינגל און מיטן ווייב דיפאָרעיס. ס'איז געווען אַן אומגליקלעכער, פריער געבורט, פון שווערער האָרעוואַניע. דאָס יינגל ווידער איז געווען בלייך, בלוטלאָז, מיט אַ פלאַטשיקן, גרויסן שאַרבן,

מיט קלייענדלעך אויפֿן ברייטן נעזל. דאָס ייִנגל האָט געזונגען אין קירכע־כאָר, שוין צוביסלעך צוגעהאָלפֿן דעם פֿאָטער אין דער צעמענט־פֿאַבריק; און די הייליקע שוועסטער קלאָטילד האָט זיך צוגעאײַלט צו שניידן אים די האַנט־געשווילעכץ. דאָס האָט זי שיעור נישט אָנגעמאַכט קיין פֿאַר־גיפֿטונג.

זעט אויס, אַז ווענט האָבן טאַקע אויערן; מ'וויסט גאָרנישט פֿון וואַ־נען ס'איז צו זיי דערגאַנגען. פֿריער, באַלד נאָך דער באַפֿרייאונג, האָבן זיי זיך נאָך יעדער געציטערט מיט די בענדלעך און אויסצייכענונגען; יעדער פֿון זיי איז כאָטש געווען אַ העלד, אַ ווידערשטענדלער קעגן אָקופּאַנט. זיי האָבן דעם דאָקטער די לעצטע וואָכן געגומען גריסן קיל, די לייט פֿון דער מערי; און ביי דעם 5־אַזייגערדיקן „בערזשעי״ אין דער קאַפֿע „עדעל־וויס״, ווען ער האָט אַמאָל צייט געהאַט אַריינצוכאַפּן זיך, האָט דער איינ־זשיניער געלאָזן פֿאַלן צוויי־דייטיק:

— מעסיע לע דאָקטער... מיר האָבן עס גאָרנישט געוווסט... מען שמועסט, אַז איר קענט זיך נישט נאָר אויס אויף אָרגאַנישע קראַנקהייטן, נאָר אויך אויף סאָציאַלע, אַזוי צו זאָגן...

דער יונגער דאָקטער, וואָס איז אַלעמאָל געווען צעטראָגן, אויסגעזען אַביסל צעחושט, האָט פּלוצים אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און האָט אים אָנגע־קוקט מיט ברייטע, אָפֿענע אויגן. ער האָט פּלוצים געשמייכלט, זייער איידל, זייער פֿאַרביטערט און אַפֿילו זייער — יידיש, ווי דעמאָלט, ווען דער „פּאַטראָן״, דער פּראָפֿעסאָר, האָט אים נאָכן עקזאַמען געדריקט זייער וואַ־רעם די האַנט און אים דיסקרעט געראָטן ער זאָל פֿאַרן פּראַקטיצירן... „צו זיך אין לאַנד אַריין״...

ער האָט זיך נאַטירלעך אויסגעלאַכט פֿון יענעם העפֿלעכן פּראָפֿע־סאָר, וואָס האָט אים אַזוי וואַרעם געדריקט די האַנט, פּונקט ווי ער לאַכט זיך אויס פֿון די־אָ. אָן שום ספֿק, נישט זיי זענען פֿראַנקרייך. אָבער גע־בלאָזן האָט פֿאָרט אַ קאַלטער פֿראָסט, אַן אייזיקע קעלט. מ'האָט שוין אַפֿילו געשמועסט, אַז ס'קומט אינגיכן אַהער אינסטאַלירן זיך אַ נייער דאָקטער אין לאַ ראָשע. דאָס האָט אים שוין אַוודאי צופֿיל נישט געאַרט. ער האָט געקענט ענלעכע געשיכטעס פֿון דאָקטוירים, וואָס האָבן נאָכדעם גאַנץ שיין געמוזט נעמען דאָס וואַליזקעלע און שטיל, אומבאַמערקט, אָפּטראָגן זיך, ווייל קיינער איז מער זייער שוועל נישט איבערגעטרעטן. אַזעלכע זאַכן האָט ער זיך נאָך געגנוג אָנגעהערט אין די שפּיטעלער, ווען ער איז נאָך געווען אַן אָרעמער עקסטערן און קוים פֿאַרמאָגט די פּאָר פֿראַנק פֿאַרן מעטראָ־בילעט; אין דער צייט, ווען אַנדערע, די רייכע זינדלעך,

זענען שוין געווען „מאַטאַריזירט״, זענען געקומען אָנצופאָרן אין זייערע אייגענע וואָגנס.

אין יענעם אינדערפרי איז דער יונגער דאָקטער אַרויף אויבן, אין קליינעם, אָנגעשטעלטן קאַבינעט, צוגעלענט די טיר הינטער זיך, איז דאָרט לאַנג אָפּגעזעסן צווישן זיינע ביכער, אינסטרומענטן און פּאַך־זשור־נאַלן. דאָ איז ער געווען אין זיין וועלטל. דאָ האָט ער זיך אַ סך מאָל גע־פרעגט, צי איז עס, דאָס אַלץ, זיין אייגן לעבן? ווייל ער האָט אַלץ מער איינגעזען, אַז ער מוז דאָ לעבן אַ ביסל פאַרבאָרגן, אַפילו פאַר די סאַמע נאָענטסטע אין הויז. דעם קאָפּ אַריינגענומען צווישןביידע הענט, איז ער לאַנג אַזוי זיצן געבליבן. ער האָט נישט געהערט ווי דער טעלעפאָן קלינגט. ניין, ער האָט נישט געטראַכט וועגן קליינעם פלעשעלע סם, אויבן, אין גלאָז־שענקל; נישט וועגן קליינעם, עלעגאַנטן רעוואָלווער מיטן הענטל פון פּערלמוטער, אַן אָנדענק פון אַן ס.ס.־אָפיציר, וועלכן מ׳האָט דאָ, אין די בערג־דורכריסן, אַוועקגעלייגט אַ פּאָר טעג פאַר דער באַפרייאונג.

צי איז עס געווען נעכטן? אייערנעכטן? — די צייט איז גערונען, ווי אַ נודנער רעגן, איז פאַרווישט געוואָרן אין מידן, אָנגעשטרענגטן מוח. דער טאָג האָט זיך בלאָס און אומבאַמערקט אויסגערויכערט הינטער די שווערע פאָרטיערן; עמיץ האָט זיי פאַרצויגן. זיי האָבן קיין סך ליכט פון דרויסן נישט דורכגעלאָזן. ער איז אַראָפּ די טרעפּ. ער האָט מער נישט געדענקט, צי זיי געפינען זיך דאָרט נאָך, די פאַריזער טומלדיקע געסט.

הינטער אים האָט אומבאַמערקט און שטום די אַלטע דינסט מאַרגעריט געשטעקט אין דער טיר־ראַם; הינטער איר — די הייליקע שוועסטער קלאָטילד. ווי קומט זי אַהער? נאָכוואָס? זי האָט שוין נישט קיין צייט געהאַט דורכצופלאַטערן דעם קליינעם סאַלאָן ביז דער וועראַנדע־טיר. ס׳איז דער שאָטן, וואָס וואַכט איבער זיין לעבן און טויט.

כאָטש ער איז שוין עטלעכע טעג געווען כמעט ווי אָפּגעשלאָסן, איז ער פאַרנאַכט נאָך אַמאָל געגאַנגען מיט דער שטיג צום פאַרטראַגענעם מיידל. ער האָט באַפוילן וויניק צו שטערן זי, האָט איר אַפילו געהייסן פאַרבלייבן אין בעט אַ פּאָר טעג. אָבער ער האָט געוווסט, אַז זי איז אויף דער וועראַנדע, אַז זי וואַרט אויף אים. „מאָדנע מענטשן — האָט ער זיך געזאָגט — זיי זענען דאָ אַראָפּגעקומען און צוריק מיטגעבערענגט מיט זיך זייער אייביקן אומרו, זייער פּייניקן זיך אַליין מיטן געוויסן — זיך און אַנדערע — זייער הויכן בלוט־דרוק און — ווער ווייסט — זייערע האַרץ־קראַנקהייטן, זייער חשד אויף אַ ראַק״... ער האָט זיין אייגענעם פאָטער אויך געגומען מאָדנע באַטראַכטן; דער פלאַם, וואָס האָט איסרן אָפּט גע־שלאָגן אין די באַקן אַריין, איז אים אויך נישט געפעלן, איז אים פאַרגע־

קומען פאַרדעכטיק, דאָס אָפטע קראַנקע אויפפינקלען פון דער בריל. זאָל ער זיך נעמען אַ מוסטער פון אַלטן ווינצענטי, ווי ער בלייבט זיצן, אַ פאַר־שפּריצטער מיט וואַפּנע און ליים, ביי זיין גלאָז ווין, נעמט דאָס אייניקל אויף דער שויס און שפּילט זיך נאָך אַליין ווי אַ קינד מיטן אייניקל.

אָבער דאָ האָט זיך איסר ביסלעכוויז אויסגעטון פון זיי אַלעמען. ער איז צוריק פאַרנומען געווען מיט זיך אַליין — איז אַרויסגעגאַנגען פאַר־טאָג אינעם העמד מיטן צעשפּילטען קאָלנער, דאָס גרוילעכע בערדעלע צעשויבערט, מיטן מאָל־ברעט און מיט די מכשירים. ער האָט ליב געהאַט די היימישע ביסטראָ, צו זיצן נאָך דער אַרבעט מיטן אַלטן מייסטער ווינ־צענטי. ער האָט זיך שטאַרק געוויילט פון זיינע קלוגע, געזעצטע, פּויע־רישע רייד, פון זיין הילכיקן באַרג־דיאַלעקט. ער איז אים מקנא געווען, דעם אָפּגעהאַרעוועטן בעל־מלאכה, וואָס לעבט מיט אַ פּשוט, ערדיש לעבן. צו אַנרין האָט איסר גערעדט דורכגעליטן, דורכגעטראַכט:

— ס'איז איבערגאַנג דאָס אַלץ דאָ... נעם זיך נישט צופיל צום האַרצן.

ס'האָט נישט געהאָלפן — מ'האָט באַדאַרפט אַוועק, פאַרלאָזן דאָס קליינע, פאַרוואָרפענע שטעטל אין די בערג; מיט אַזאַ באַשלוס האָט זיך זשאַק איינמאָל אויפגעכאַפּט. ס'איז אים נאָר אַביסל נישט אָנגענעם געווען פאַרן טאַטן, אַנצוטון אים פרישע עגמת־נפשן. אָבער — ער וועט אין ער־געץ נישט פאַרלוירן־גיין. פאַרפאַלן, דערוויל זענען זיי די שטאַרקערע; זיי וואַרפן אַראָפּ די מאַסקעס, זיי קריכן צוריק אַרויס פון די נאָרעס; וואָס, מען זעט דען נישט?

ער איז נאָך איין מאָל אַרויף די שטיגן, צו דער וועראַנדע. דער פאַר־האַנג צו דער האַלב־אָפענער שויבן־טיר האָט זיך געוויגט. ערגעץ אונטן, האָט ער געהערט, האָט מען געקלאַפּט מיט די טירן. דאָס איז שיינדל גע־לאָפן אַריין און אַרויס, געשאַפט זיך מיט מאַרגעריטן, ווי ביי זיך אין הויז. זי האָט דאָרט געפּאַקט וואַליזעס, געגרייט זיך צוריקצופאָרן קיין פאַריז. ער האָט זי מער נישט געוואָלט זען, די יידענע; ער האָט שוין איצט גע־ווּוסט. מ'האָט זי פּשוט אײדל באַדאַרפט הייסן גיין פון דאַנען; און דער טאַטע... מיטן טאַטן האָט ער נאָך אַלץ, ווי אַ יינגל, געשעמט זיך צו רעדן דערפון אָפן. ער האָט נישט געוואַגט אָנצוקלאַפּן אין דער טיר. אָבער ווען ער האָט זיך אומגעדרייט, איז אַנרי געשטאַנען פאַר אים.

— איר קענט אַריינגיין, דאָקטער — איז אויפסניי געווען כמעט פרייד, דורכגעליטענע פרייד, אויף זיין צעווינטיקט פּנים — סיזאַן וויל אייך נאָך אַמאָל זען.

ער האָט אים אַליין האַלב אַריינגעפירט אין דער טיר און איז באַלד אַראָפּ אונטן, צו איסרן; ער האָט אים נישט געפונען. ער האָט שוין אָבער געוווסט ווו איך אים אויפצוזוכן — אינעם זייטיקן געסל, ביים מויערער ווינצענטי. ער איז פֿאַרביי די טירן, געהערט ווי שיינדל פּאָרעט זיך דאָרט און איז אַפילו צו איר מער נישט אַריין. ער האָט שוין געוווסט, אַז זיין פוס דאַרף איר שוועל מער נישט איבערטרעטן.

איידער וואָס־ווען, איז שוין געווען סוף אויגוסט. דער אָנהויב סעזאָן איז אונטערגעלאָפן. אין פּאַריז האָט מען זיך שוין, ווי געוויינלעך, געגרייט צו די פרישע קאָלעקציעס, צו די פרישע מאָדעלער. און דער ייִד, דער ייִד דאָרט... שיינדל איז געלאָפֿן אויף דער קליינער פּאָסט, געשיקט טעלעגראַמעס, באַקומען טעלעגראַמעס, פון אַדוואָקאַט וואָלפער, פֿאַרשטייט זיך. ער איז איצט געווען איר איינציקער פּאַרטרויאונגס־מענטש. זי האָט אים שוין מער נישט געוואַגט צו דרייען אַ קאָפּ מיט אירע געשעפטן, אַנרין. זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, אויסגעמיטן אים. זי האָט פֿאַרשטאַנען. נאָר איין פּעדימל, האָט זי געפילט, פֿאַרבינדט איר — דאָס פֿאַרשטעקטע גאָלד אין די אַלטע ווענט פון דער דירה; אין דעם האָט זי זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט. זי איז געווען אומגעדולדיק, זי האָט געברענט.

די קליין־באַן, וואָס פירט צו די גרויסע ליניעס אַרום גרענאָבל, איז פון שטעטל, וואָס איז געלעגן הויך אין די בערג, אָפּגעגאַנגען איין מאָל אין מעת־לעת. ס'איז געווען אַ קליין, פֿאַרויכערט באַנדל, וואָס האָט שווער געסאָפּעט, געפייפט, געשפיגן מיט רויך און מיט פונקען; איז אַן ערך אַ שעה־צוויי געקראָכן באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, צווישן שיפּועים און אָפּגרונטן, צווישן פֿאַרכאַפּנדיקע לאַנדשאַפטן, אונטן, אין די טאָלן, און צווישן הויכע, וואַלדיקע בערג, וואָס ס'האָט זיך געדוכט, אַז זיי ווען דערדריקן; ס'האָט זיך געשלענגלט פֿאַרביי ליכטיקע סטאַוון, וואַסערן, וואָס זענען אונטן ערגעץ געלאָפן, געררוישט, אָפּגעשפּיגלט אין זיך די בערג און דעם שטילן, פֿאַרחלשטן בלוי פון מיט־זומערדיקן הימל.

קיינער האָט איר נישט באַגלייט. זי האָט נישט געוואָלט מען זאָל זי באַגלייטן. זי האָט דער אַלטער דינסט מאַרגעריט דאָרט אונטערגעקויפט מיט אַ קליידל, מיט אַ פּאָר פראַנק, און יענע איז געלאָפן פֿאַר איר אין אַלע שליחותן. אויך די אַלטע דינסט האָט מיטאַמאָל גענומען קוקן קרום אויפן דאָקטער — פון דעם אַלעם, וואָס זי האָט זיך דאָ אָנגעהערט, פון די מורמלערייען דורך די דינע, בלויע, פֿאַרפּרעסטע ליפּעלעך פון דער הייליקער שוועסטער קלאָטילד, פון דער „באַבציאַ“ ראָזאַליאַ און פון שיינדלען אַליין. זי האָט מיט אירע צוויי רויטע, געזונטע הענט פּעסט אַ נעם געטון די וואַליזעס און אַוועקגעטראָגן זיי באַרג־אַראָפּ; ווי זי וואָלט אויך

אַרויסגעפּילט, אַז זי וועט שוין באַלד נישט האָבן נאָך וואָס אומצוקערן זיך צום דאָקטערס ווילע. זי האָט איר געהאָלפן אַריינפּאַקן זיך אין קליינעם וואַקזאַל, געשטופּט זיך אין דער ריי מיט אַלע אָפּפאָרנדיקע סוף יולי, ביים אָפּגעבן דעם באַגאַזש, און האָט איר נאָך צוגעוואָרפן, דער מאַדאַם:

— מאָדנע לייט, אָט די איזראַעליטן... באָן־דיע...

נאָך גוט, וואָס זי האָט זיך נישט אַרויסגעכאַפּט מער; זי האָט זיך, נעבעך, וויניק אָריענטירט, די אַלטע דינסט מאַרגעריט, אין דעם גאַנצן פּלאָנטער דאָ.

אַרום מיטאָג איז די קליין־באַן אָנגעקומען אויף אַ זייטיקן פּלאַנט אין גרענאָבל. ס׳איז נאָך געווען צו וואַרטן אפשר אַ שעה־אָנדערטהאַלבן אויף דער באַן, וואָס האָט זי באַדאַרפט צוריקפירן קיין פּאַריז. שיינדל האָט געברענט פון כעס און פון אומגעדולד. אַזוי פריי און אומגעדולדיק און פול מיט בייזקייט האָט זי זיך דערפילט אַמאָל, ווען מ׳האָט איטשלען דעמאָלט צו־גענומען קיין דראַנסי און ווען זי האָט באַדאַרפט נעמען לויפן אויסבאַהאַלטן זיך צוזאַמען מיטן מיידל. זי איז ווידער געווען איינע אַליין, פריי פאַר זיך אַליין. ס׳האָט איר אַפילו נישט געאַרט, וואָס זי האָט אין פּאַריז נאָך דער־ווייל נישט ווו צו גיין, כאָטש די שליסלען פונעם הויז ביי איסרן האָט זי געהאַט מיט זיך. זי האָט דאָרט אַלץ געהאַט פאַר זיך, אָבער די ווענט זענען מער נישט געווען אירע, די ווענט האָבן איר אַרויסגעטריבן, צוזאַמען מיט די מענטשן.

זי איז צוגעפאָרן צום הויז אין אַ שפּעטן, הייסן פּאַרנאַכט. דער טויער איז געווען פאַרפּאַקט, נישט דורכצושפּאַרן זיך — פּעק, מעבלוואַרג און טאַקסיס. דער פּאַרוואַקסענער ייד האָט איר דאָרט פּלוצים דערזען צווישן זיינע הויך־אָנגעהויפטע פּעק. ער איז געווען מער צעיאַכמערט ווי אַלעמאָל, האָט זיך געהאַלטן אין מיטן איבערקלייבן, אַלץ געהאַט אויסגערוימט דאָרט אויבן פון די צימערן:

— מאָרגן אינדערפרי, מאַדאַם... — האָט ער איר צוגעוואָרפן — איר וועט קריגן די שליסלען און... אויס מחותנים...

זי האָט זיך געוואָלט וואַרפן אים קושן פאַר אַזעלכע רייד. זי האָט אַליין, אין פאַרטראָגנקייט, מיט אַן ענערגיע, וואָס זי ווייסט אַליין נישט ווי אַזוי זי האָט זיך דערנומען צו איר, אַרויפגעשלעפּט די שווערע וואַלי־זעס אויפן ערשטן שטאָק, איז אַ ווײַלע שטיין געבליבן אָפּצואָטעמען ביי איסרס טיר; די זעלבע טיר, ווו זי איז מיט אַ יאָר צוויי צוריק אין די אָוונטן שטיל געקומען אָנקלאַפּן. אַצינד איז איר די טיר פרעמד געווען. זי איז אַריין, געזוכט ערגעץ אָנצוצינדן דאָס ליכט, נישט באַלד געפונען

און האָט זיך שווער אַנידערגעוואָרפן אין אַ שטול אַריין. די פענצטער זענען זייט די עטלעכע וואָכן געבליבן פאַרהעמערט. דער שטויב, דער אָנגעזאַפּטער ריח פון זאַכן, פון די ווענט, האָט זיך שווער געלייגט, געשטיקט. אַ שיינע פּאָר שעה זענען אומבאַמערקט אַוועק צווישן אײַן דרימל און אַנדערן. זי האָט זיך אַלעמאָל אויפגעכאַפּט וואַרפן זיך צום זייגערל. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, געשפּאַנט פון איין טיר אין דער אַנדערער; אירע טריט האָבן געהילכט איבער דער ליידיקייט, זי האָט זיך דערשראָקן, ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז נאָך עמיץ געפינט זיך דאָ, שפּאַנט הינטער איר.

אַריבערגיין צום אַדוואָקאַט וואָלפער איז שוין אַפילו געווען שפּעטלעך; פונדעסטוועגן האָט זי זיך אויפגעריסן און איז אַראָפּגעלאָפן אין גאַס אַריין. ס'האָט אפשר נישט געפּאַסט אין אַזאַ נישט-פריער, נישט-אָנשטענדיקער שעה צו קומען קלאַפּן ביים אַדוואָקאַט. זי האָט שוין דערנאָך אַליין נישט געדענקט ווי אַזוי זי האָט זיך מיטאַמאָל געפונען ביי זיין טיר. זי האָט אים דערזען אין דער האַלב-אויפגעמאַכטער טיר, אין דעם אָפּגענוצטן שטוב-ראָק, אָן די ברילן. מיט זיין האַלב-נאַקעטן קאָפּ, מיט די געלע, שטייענדיקע קרייזעלעך, מיט די קישעלעך אונטער די אויגן און מיטן נאַקעטן געביס, האָט ער אין אירע אויגן עפּעס אויסגעזען ווי אַ קעמל. ער איז געווען, פאַרשטייט זיך, איבעראַשט, צעטומלט, האָט געמיינט, אַז ס'האָט געטראָפן כ'ווייס וואָס; קוקנדיק אַהינטער זיך נישט דרייסט אין צימער אַריין, האָט ער זי דאָך פאַרבעטן, זיך אַ סך מאָל אַנטשולדיקט, איז אַנטלאָפן אין די וויכע, צעפאָרענע שטוב-לאַטשן, האָט זי געבעטן דאָ אַ ווייל צוּוואַרטן.

עטלעכע מינוט איז זי פאַרבליבן אין ליידיקן וואַרטע-זאַל, מיט די אויפגעקלעפּטע בילדלעך, אויסגעפּליקטע פון זשורנאַלן, מיט די צעשטעלטע בענק, ווי אין אַ בית-מדרש. ווען ער האָט אויף דער שנעל עפּעס אַרויפגעכאַפּט אויף זיך, האָט ער זי דורכן זייטיקן טירל ברייט און שמייכלענדיק פאַרבעטן אין זיין קאַבינעט אַריין. ער האָט געשטאַמלט:

— פאַרוואָס האָב איך דעם באַזונדערן כבוד ?... אַזוי שפּעט ?...

צי האָט ער דען נישט אָנגעשטויסן זיך, דער כיטרער, וואָס עס האָט איר אין אין אַזאַ שפּעטער, גאָרנישט-אָנשטענדיקער שעה, געקענט ברענגען צו אים ? ער האָט שוין איצט אַלץ געוווסט — וועגן פאַרמויערטן גאָלד אין די ווענט; און ער האָט אויף קיין איין רגע נישט געגלויבט, אַז זי וועט נאָך דאָרט עפּעס געפינען; ס'אַן איינרעדעניש... עט... אפשר איז דאָרט אַמאָל טאַקע עפּעס געווען, אָבער פאַר אַזאַ נאַר האַלט זי אים דען, דעם צעפלויגענעם יידן, דער פאַסאָניער ? אַפילו אָנקלאָגן קען זי דאָ קיינעם נישט...

אָבער זי האָט נאָך אַלץ געבלענדט אין זיינע אויגן, זייט דעמאָלט, ווען זי איז מיטן מיידל אירן געקומען צו אים צולויפן אַלע פּאָר טעג. זי האָט דעמאָלט נישט געוואָלט, דאָס ווייבל, איז געווען צעטומלט און פאַ־ריסן... אָבער אַצינד...

זי האָט קיין איין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען.

— ער וואָלפער... — האָט זי געשטאַמלט — נאָר איר, ער וואָל־פער...

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי שנעל געקומען צולויפן קיין פּאַריז... אין אַזעלכע היצן? וואָסי, — דער סעזאָן ברענט אַזוי? צו די היינטיקע גע־שעפטן, גלויבט מיר, איז נישטאָ וואָס צו איילן זיך.

— וואָס ווייסט איר, מעסיע וואָלפער... וואָס ווייסט איר?

און זי האָט ס׳ערשטע מאָל געוויינט פאַר אים. גיי ווייס וואָס פאַראַ טרערן דאָס האָבן געקענט זיין? ער האָט עפּעס באַלד דערקענט אין איר, גלייך ווי זי איז אַריבערגעטרעטן זיין שוועל. אָבער פאַר אַלעם — איז אים געפעלן געוואָרן די שפּיל גופא, די אינטריגע פון אַ ווייבל מיט... גאָלד, אין דעם צערודערטן, הפקרן, אויסגעלאָסענעם, נאָך־מלחמהדיקן פּאַריז. ער איז געווען דער פאַסיקער מענטש פון מאָמענט; ער איז טאָג־טעגלעך גע־שווומען צווישן אָט די אַלע אינטריגעס אין זיין קליינעם, פאַרשטויבטן קאַ־בינעט, ווו אַלערליי יידן זענען געקומען אָנקלאַפּן צו אים מיט זייערע שווערע הערצער, מיט זייערע קאָפּ־פאַרדרייעניש. ער איז געשווומען צווישן די איבער־נאַכט־אויסגעוואַקסענע אינסטיטוציעס פאַר הילף, ווידער־אויפבוי, פּראָדוקטיוויזאַציע, עמיגראַציע, טעריטאָריאַליזם, און ווו נישט? ער האָט גאָרנישט פאַרמאָגט און גאָרנישט געהאַט צו פאַרלירן. מילא, ס׳ווייב מיטן יינגל, וואָס זענען אים דעפּאָרטירט געוואָרן... איז ער דען איינער, וואָס? ער האָט זיך דערפילט פריי, בחוריש־פריי, און ס׳איז שיין געווען די שפּיל, די אינטריגע צווישן די צערודערטע, נאָך־מלחמהדיקע מענטשן. זי איז אים אַריינגעפאַלן, האָט ער געפילט, ווי אַ רייפע, אויסגע־שטאַנענע פרוכט גלייך אין די הענט אַריין.

וויפל מאָל זי האָט אים נישט געוואָלט בעמען רעדן וועגן דעם הויז, וועגן גאָלד, וועגן אירע קאָפּ־פאַרדרייעניש, האָט ער עס אַלץ אָפּגעלייגט, אַוועקגעמאַכט:

— איר דאַרפט רו — האָט ער זייער איידל און זייער קלוג גערעדט — איר דאַרפט צוריק האָבן אייער הויז, איר דאַרפט, ווי ס׳לעבן, אַ ביסעלע רו...

שפּעט ביינאַכט האָט ער זי אַראָפּבאַגלייט פון די שטיגן. ס׳איז געווען אַ פאַרשטיקט געלעכטער און זיין איבערגעטרוקנטער שטים. זי איז אַוועק — זי איז גלייך אַוועק צום הויז, צום לעצטן מאָל פרווון איר גליק.

מען ווייסט נישט ווי אַזוי דער מאָרגנדיקער טאָג איז פֿאַר איר אַדורך. זי האָט געהאַט ביי זיך אין האַנט די שליסלען. זי האָט זיך אַלעמאָל געוואָרפֿן צום האַנט־בייטל זען, צי זיי זענען טאַקע דאָ. אין אַן אומבאַשטימטער אָוונטיקער שעה איז זי דאָס ערשטע מאָל איינע אַליין אַרויף די שטיגן, אַלעמאָל אָנגעטאַפּט ביי זיך אין קעשענע די שליסלען און האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט צוגלויבן, אַז ס'איז טאַקע אמת. זי האָט דאָס גלי־לעמפּל אין הויז אויף די שטיגן נישט אָנגעצונדן, איבערגעוואָרט עטלעכע פֿאַר־שפּעטיקטע שכנים, וואָס האָבן ערגעץ אויף די שטאָקן הילכיק אויסגעַ־קלאַפּט זייערע טריט, געשטאַנען אַ ווײַלע אין דער פֿינצטער און די הענט האָבן ביי איר געפֿיבערט. זי האָט דאָ באַלד ערגעץ בלינדערהייט אָנגעַ־טאַפּט די טיר און לאַנגזאַם איבערגעדרייט דעם שלאָס. זי האָט דאָרט קוים געפֿונען עפּעס אַ קנעפּל און אויפֿגעדרייט, נאָר ס'איז קיין שום ליכט נישט געווען. זי האָט זיך דערמאָנט אין טאַשן־לעמפּל און די רונדע שיין איז פּונקט אַ פֿאַל געטון אין דער זייט פֿון קאַמין; דאָס שאַרפֿע ליכט האָט אַ בלאָנדזשע געגעבן העכער, איבער די ווענט, און איז דורך די נאַקעטע שויבן געפֿאַלן אין הויף אַריין, פּונקט קעגנאיבער אַ שורה שכנותדיקע פֿענצטער. זי האָט זיך דערשראָקן, ווי אומזעבאַרע אויגן, האָט זי געפֿילט, וואָלטן געקוקט אויף איר, נאָכגעבליקט איר יעדן קער, ווי מען וואָלט זי געכאַפּט ביי אַ גנבה. זי האָט זיך צוריקגעצויגן הינטער אַ וואַנט, געניש־טערט מיטן לעמפּל, געזוכט מיט וואָס צו פֿאַרהענגען, צו פֿאַרשטעלן, מען זאָל אינדרויסן קיין שפּאַרע נישט אָנזען.

זי איז אַריינגעפֿאַלן אין אַן אויסגעדרייטער שטול, וואָס האָט זיך דאָ נאָך פֿאַרוואַלגערט, ווי געליימט. אויך איטשל — האָט זי זיך געגנוי דער־מאָנט — האָט אין אַזעלכע טויבע נעכט זיך דאָ געפּאָרעט אַרום אַלטן קאַ־מין, געקלעפּלט, פֿאַרקלעפּט. מיט די בלויזע הענט איז זי צו און גענומען רייסן אין קאַמין די פֿאַרסאַדזעטע ציגל, די שטיקער ליים פֿון אינעווייניק. די שיין פֿון לעמפּל איז רונדיק געפֿאַלן אויפֿן פֿינצטערן סופֿיט. אַ ביטע־רער, דורכגעברענטער שטויב האָט זיך געשאָטן איבער איר שויבערדיקן קאָפּ, פֿאַרפּראָשעט די אויגן. דאָס העמד האָט געקלעפּט צום לייב. די האַנט האָט דאָרט פֿאַרקראַמפּט געבלאָנדזשעט אין די פֿאַרדרייטע לופֿעס און זי האָט פּלוצים אָנגעטאַפּט עפּעס האַרטס. איז עס טאַקע אמת... און דער קאָפּ איז איר מיטאַמאָל צוריקגעפֿאַלן, פֿאַרדרייט זיך.

זי האָט אָבער געהאַלטן אין דער האַנט אַ פֿאַרסאַדזעטן ציגל. נישט מער ווי אַ פֿאַרסאַדזעטן ציגל...

פּאַריז, 1956